ציטאטעס פון דער סאָוועטישער פּרעסע

# ס'איז גענוג באַזײַטיקן די סיבעס...

... אויב אונדז וועט זיך אײַנגעבן לייזן די נאַציאָנאַלע, עקאָנאָמישע, פּאָליטישע פּראָבלעמען און פאַרזעצן די בויונג פון א רעכטלעכער דעמאָקראַטישער מעלוכע־אָרדענונג — וועלן מיר קענען ווײַטער זיך באַטייליקן אין דעם אַלגעמיינעם אייראָפּעישן פּראָצעס, שאַפן איניינעם מיט אייראָפּע אַן אײַנהײַטלעכן עקאָנאָמישן, רעכטלעכן, הומאַניטאַרן, קולטורעלן און עקאָנאָמישן רוים. א פונדאַמענט איז פאַרלייגט געוואָרן. דאָס איז אַן אוניקאַלער שאַנס.

... אַלס מיניסטער איז מיר געווען עפּעס ניט באַקוועם אַרויסצוזאָגן מײַן מיינונג בענעגייע די אַנפירער, וועלכע האָבן געהאַמעוועט דאָס אַנעמען [דעם געזעץ וועגן א פרײַען אַרײַנפאָר און אַרויספאָר]. פונדעסטוועגן האָב איך דעמאָלט געהאַלטן, און הײַנט האַלט איך אויך, אַז ציִען מיט אָנעמען אָט דעם געזעץ איז ניט דערלאָזבאַר. דער הויפּט־אַרגומענט פון די אָפּאָנענטן איז דער מאַסן־אַפּפלוס פון מויכעס און פון הענט, האַגאַם מענטשן פאָרן אַוועק אויך הײַנט, דערבײַ א היפשע צאָל. איז וואָס? — דאַרף מען זיי אײַנהאַלטן און ניט אַרויסלאָזן? פון דעם קען מען באַקומען זייער קנאַפּע רעזולטאַטן. האַלטנדיק אייגענע בירגער פאַרשפּאַרט, פלעגט מען אויף יעדן עמיגראַנט קוקן ווי אויף א פּאָטענציעלן פאַרעטער און סוינע פונעם פאָטערלאַנד. אַנטשולדיקט אָבער — ניט דאָס היימלאַנד ברענגט סאָנים אויף דער וועלט, נאָר דער רעזשים, די אָרדענונג, די באַציִונג צו די אייגענע בירגער. ס'איז גענוג באַזײַטיקן די סיבעס, צוליב וועלכע מענטשן שטרעבן אַרויסצופאָרן, און ס'וועט אויפהערן א וועלכער־ניט־איז אַפּפלוס פון מויכעס.

פון עדוארד שעוואַרנאַדזעס שמועס
מיטן קאָרעספּאָנדענט פון דער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ“

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״

מאָסקווע

אַפּרעל

4

1991

# אינהאלט



■


**הויפּט־רעדאקטאָר**

א. ווערגעליס

**רעדקאָלעגיע:**

כ. ביידער
(שטעלפארטרעטער פון הויפּט־רעדאקטאָר),

ש. גאָרדאָן, ט. גען,

ב. מאָגילנער,

וו. מאָשטשענקאָ, כ. מעלאמוד,

ב. סאנדלער, ה. פּאָליאנקער,

ע. פאגעל, ג. עסטרײַך
(פאראנטוואָרטלעכער סעקרעטאר),

י. שרײַבמאן

## אלטער קאַציזנע

# אַן א היים

א בלעטל צו א בלעטעלע, פון שטרויעלעך מיט ליים,
זיך אויסגעבעט א בעטעלע, זיך אויסגעבויט א היים.
איצט בלאָזן בייזע ווינטעלעך — עס קומען אָן די פרעסט,
איצט ווי איז אונדז און ווינד איז אונדז —
פארטריבן פון דער נעסט.

אַן א היים, אַן א דאך, ווו געטאָגט, נישט גענאכט.
ווער זשע, ווער אין שניי און קעלט וועט אונדז דערווארעמען?
ווער זשע, ווער אצינד אף אונדז וועט זיך דערבארעמען?
אַן א היים, אַן א וועג, שווארצע נעכט, וויסטע טעג —
אונדזער נעסטעלע צעשמעטערט און די פליגעלעך געליימט.
אַן א היים, אַן א וועג, אוי, אַן א היים!

מיר וואָגלען און מיר וואנדערן
אריבער יאם און לאנד
פון איין אָרט אפן אנדערן
אף וועגן אומבאקאנט;
פון אלע עקן פינצטערע עס בלאָזט א בייזע קעלט,
פון אלע וויסטע ווינקעלעך עס פלאָגט א בייזע וועלט.

אַן א היים, אַן א דאך, ווו געטאָגט, נישט גענאכט.
ווער זשע, ווער אין שניי און קעלט וועט אונדז דערווארעמען?
ווער זשע, ווער אצינד אף אונדז וועט זיך דערבארעמען?
אַן א היים, אַן א וועג, שווארצע נעכט, וויסטע טעג —
אונדזער נעסטעלע צעשמעטערט און די פליגעלעך געליימט.
אַן א היים, אַן א נעסט, אוי, אַן א היים!

## דאָוויד איינהאָרן

# טישעבאָוו 1941

לאָז פליסן פריי און ברייט דיין אלטע טרער
אף בארג און טאָל און אלע וויַטע פליינען,
ביסט נישט אליין היינט אין דיַין טרויער מער:
די פעלקער אלע העלפן דיר איצט וויינען.

האָסט יאָרן טויזנטער מיט זיי געוווינט —
א שטילער אָוול צווישן פריילעכע שכיינים,
ניט האָבן זיי דיַין ווייטיק דיר געשווינט
און קיינמאָל ניט געזיפצט מיט דיר אינאיינעם.

פארקערט, זיי האָבן דיך באגלייט מיט שפּאָט,
ווען דו ביסט מיד, פאריאָגט אליין געזעסן,

**אין די אָנדענק־טעג פונעם הערויִשן אויפשטאַנד אין װאַרשעװער געטאָ פלעגן מיר געװײנלעך ברענגען דעם װײ־ און באַװוּנדערונג־מאָטיװ, װעלכער איז קײן־מאָל ניט אויסגעשעפּט געװאָרן אין דער סאָװעטישער ייִדישער דיכטונג. איצט גיבן מיר דאָס װאָרט א היפשער צאָל ייִדישע פּאָעטן פון אַנדערע לענדער.**

**י. י. שוואַרץ**

## פופציק סײפער־טוירעס

אַף דער שטיבּיקער פּאָליצע פון ביבליאָטעק
ליגן פופציק סײפער־טוירעס, אײַנגעװיקלט מיט זעק.

פופציק פּליטים פון דאַנציק, װאָס אַף יענער זײַט יאַם —
אַנטלאָפן מיטן לעבן פון רעציכע און פלאַם.

קאָל האַמינים סײפער־טוירעס פון פאַרשײדענער גרויס,
פון רײַכן בײס־האַמיקדעש און פון אָרעמער קלויז.

פון די יוסטע באַלעבאַטים און לאַמדים פון שול,
און די מענטשן פון נאָדל און זעג און קאָפּול[1].

פופציק סײפער־טוירעס, אײַנגעװיקלט אין זעק —
אַנטלויפן פון פײַער און ראָצכישע הענט.

ליגן אַף דער גרויער פּאָליצע פאַרשעמט
אין שטיבּיקן שאָטן פון באַלקן און װענט.

און אַמאָל האָבן לאָמפּן איבער זײ געבליצט,
און די סימכע האָט פון אַלע זײַטן געשפּריצט.

ס'האָט געקלונגען דער קעסער מיט גאָלדיקן קלאַנג,
מיט א פּליעסקען פון הענט און א פרײדיק געזאַנג.

און די מענטעלעך — סאַמעט, מיט בלום און קװײט,
מיט לײבן און הירשן און זײַד אויסגענײט.

און געפּלאַטערט, געציטערט איבער זײ האָבן בערד —
זײער קאָװעד לעטוירע! — געאַכפּערט, געערט.

פופציק סײפער־טוירעס, אַנשטאָט סאַמעט — זעק,
אָפּגעריסענע פּלײטים אַף אַמעריקעס ברעג.

און די אַלטע שכינע הויערט איבער זײ,
הויערט איבער זײ אין א שטום געשרײ.

---

[1] פורעם פאַר א שוך (בײַ א שוסטער).

## אלטער קאַציזנע

### אַן אַ היים

א בלעטל צו א בלעטעלע, פון שטרויעלעך מיט ליים,
זיך אויסגעבעט א בעטעלע, זיך אויסגעבויט א היים.
איצט בלאָזן בייזע ווינטעלעך — עס קומען אָן די פרעסט,
איצט ווי איז אונדז און ווינד איז אונדז —
פאַרטריבן פון דער נעסט.

אַן א היים, אַן א דאך, ווו געטאָגט, נישט גענאכט.
ווער זשע, ווער אין שניי און קעלט וועט אונדז דערוואַרעמען?
ווער זשע, ווער אצינד אף אונדז וועט זיך דערבאַרעמען?
אַן א היים, אַן א וועג, שוואַרצע נעכט, וויסטע טעג —
אונדזער נעסטעלע צעשמעטערט און די פליגעלעך געליימט.
אַן א היים, אַן א וועג, אוי, אַן א היים!

מיר וואַגלען און מיר וואַנדערן
אַריבער יאַם און לאַנד
פון איין אָרט אפן אַנדערן
אף וועגן אומבאַקאַנט;
פון אַלע עקן פינצטערע עס בלאָזט א בייזע קעלט,
פון אַלע וויסטע ווינקעלעך עס פּלאָגט א בייזע וועלט.

אַן א היים, אַן א דאך, ווו געטאָגט, נישט גענאכט.
ווער זשע, ווער אין שניי און קעלט וועט אונדז דערוואַרעמען?
ווער זשע, ווער אצינד אף אונדז וועט זיך דערבאַרעמען?
אַן א היים, אַן א וועג, שוואַרצע נעכט, וויסטע טעג —
אונדזער נעסטעלע צעשמעטערט און די פליגעלעך געליימט.
אַן א היים, אַן א נעסט, אוי, אַן א היים!

## דאָוויד איינהאָרן

### טישעבאָוו 1941

לאָז פליסן פרײַ און ברייט דײַן אַלטע טרער
אף באַרג און טאָל און אַלע ווײַטע פליינען,
ביסט נישט אליין הײַנט אין דײַן טרויער מער:
די פעלקער אַלע העלפן דיר איצט וויינען.

האָסט יאָרן טויזנטער מיט זיי געוווינט —
א שטילער אָוול צווישן פריילעכע שכיינים,
ניט האָבן זיי דײַן ווייטיק דיר געשוינט
און קיינמאָל ניט געזיפצט מיט דיר איניינעם.

פאַרקערט, זיי האָבן דיך באַגלייט מיט שפּאָט,
ווען דו ביסט מיד, פאַריאָגט אליין געזעסן,

און אויסגעגאָסן דײַנע רייד צו גאָט,
פאַרוואָס ער האָט דיך אין דײַן נויט פאַרגעסן.

זיי האָבן ארום דיר דעם האס געזייט
און מיט דײַן בלוט באַגאָסן זײַנע קערנער.
איצט האָט ער זיך אָף זייער פעלד צעשפּרייט,
איצט שנײַדן זיי מיט טרערן זײַנע דערנער.

יִיסראָעל, דו פאַרגעס ניט אָט דעם טאָג —
ער איז א טרויער־טאָג פאַר אַלע וועלט־באַוווינער.
איצט איז דײַן קלאָג געוואָרן זייער קלאָג,
איצט וועט מען שוין ניט זאָגן: דו ביסט איינער.

דעם טאָג, ווען ס׳האָט דײַן אַלטע שטאָט געברענט
און אַלע הימלען רויט געמאַכט מיט פלאַמען,
האָט קיינער ניט פאַרשטאַנען און דערקענט,
אַז ס׳ברענט די גאַנצע וועלט מיט איר צוזאַמען.

זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען דויִרעסלאַנג,
אַז דו באַוויינסט א גרויסע וועלט־רויִנע,
אַז דו באַקלאָגסט דעם גאָלעס פון דער וועלט
און איבער אַלע פעלקער וויינט דײַן קינע.

## קאַטיע מאַלאָדאָווסקי

# עַל כאנון

עַל כאנון,
קלײַב אויס אַן אַנדער פאָלק,
דערווײַל.
מיר זײַנען מיד פון שטאַרבן און געשטאָרבן,
מיר האָבן נישט קיין טפילעס מער,
קלײַב אויס אַן אַנדער פאָלק,
דערווײַל.
מיר האָבן נישט קיין בלוט מער
אָף צו זײַן א קאָרבן.
א מידבער איז געוואָרן אונדזער שטוב.
די ערד איז קאַרג פאַר אונדז אָף קוואָרים.
נישטאָ קיין קינעס מער פאַר אונדז,
נישטאָ קיין קלאָגליד
אין די אַלטע ספאָרים.

עַל כאנון,
הייליק אַן אַנדער לאַנד,
אַן אַנדער באַרג.
מיר האָבן אַלע פעלדער שוין און יעדן שטיין
מיט אַש מיט הייליקן באַשאָטן.
מיט זקיינים
און מיט יונגע,
און מיט אייפעלער באַצאָלט
פאַר יעדן אָס פון דײַנע צען געבאָטן.

עַל כאנון,
הייב אויף דײַן פײַערדיקע ברעם,
און זע די פעלקער פון דער וועלט —
גיב זיי די נעוויִעס און די יאָם־נויראָיִם.
אין יעדן לאַשן פּרעפּלט מען דײַן וואָרט —
לערן די מײַסים זיי,
די וועגן פון ניסאָיען.

עַל כאנון,
גיב פראָסטע בגאָדים אונדז,
פון פאַסטעכער פאַר שאָף,
פון שמידן בא דעם האַמער,
פון וועשוואַשערס, פון פעלשינדערס
און נאָך מער געמיינעס.
און נאָך איין כעסעד טו צו אונדז:
עַל כאנון,
נעם צו פון אונדז די שכינע פון געוינעס.

## ארן צייטלין

### נעמען פון ייִדישע קינדערלעך

(פון דער פּאָעמע „א באַלעם נאָך מײַדאנעק״)

בלימעשי. טויבעשי. ריוועלע.
לייעניו. פייגעניו. פּערעלע.
כאַצקעלע. מאָטעלע. קיווּעלע.
הערשעלע. לייבעלע. בערעלע.

שײַעלע. כײַעשי. גאָלדעשי.
מענדעלעך. גנענדעלעך. מינדעלעך.
כ'צייל אין דער נאכט אין דער שלאָפלאָזער
נעמען פון ייִדישע קינדערלעך.

נעמען פון ייִדישע קינדערלעך,
ראָכעלעך, ראכעלעך, נעכעלעך,
געצעלעך, וועלוועלעך, וויגדערלעך,
יאנקעלעך, יוינעלעך, מעכעלעך.

קאָפּעלע, וווּ איז דײַן קעפּעלע?
וווּ איז דאָס ליכט פון דײַן אייגעלע?
וווּ איז דײַן הענטעלע, יענטעלע?
וווּ איז דײַן פיסעלע, פייגעלע?

נעמען — אָט דאָס איז געבליבן נאָר:
דווירעלע — דוואָשעלע — כײַעלע.

שמערעלע — פּערעלע — בערעלע.
שימעלע — שיִעלע — שײַעלע.

ווער קאָן געפינען איצט מוישעלען,
שוילקן, שמוליקן, סראָליקן?
גאָט האָט אף זיי נישט דערבארעמט זיך,
האָט זיי געשאָנקען אמאַלעקן.

בלימעשי — טויבעשי — ריוועלע.
לייעניו — פייגעניו — פּערעלע.
כאַצקעלע — מאָטעלע — קיווּעלע.
הערשעלע — לייבעלע — בערעלע.

אויס און נישטאָ מער די העשעלעך,
העשעלעך, פּעשעלעך, הינדעלעך,
קלאנגען, בלויז קלאנגען, בלויז ליד־
קלאנגען —
נעמען פון ייִדישע קינדערלעך.

וווּ איז דײַן פיסעלע, זיסעלע?
ציפּעלע, וווּ איז דײַן צעפּעלע?
רויך ביסטו, יענטעלעס הענטעלע!
אש ביסטו, קאָפּעלעס קעפּעלע!

## א. לעיעלעס

### האַלט אויס!

אַ, אומע סומנע, קומסטו טאקע אום?
וועט זײַן דײַן גוירל ווי פון יענעם שווימער,
וואָס איז געפאלן סאמע ערעוו שימער
פון טאָג — נאָך לאנגער נאכט פון טויט־געברום,
דאָך שטרײַט מיט יאם, מיט לעצטן גלויבן־גלימער?
האלט אויס! האָסטו אומזיסט דײַן קאָפּ געשארפט?
שארף שארפער אים אין אָט דער קעפּונג־טפּיסע,
אין וועלט, וווּ ס'איז דײַן פּײַן א זעונג זיסע.
ביז הײַנט האָסטו זיך בלויז פאר זיך געדארפט —
הײַנט דארף דײַן קאָפּ אַן אוניווערס אין גסיסע.

רייזל זשיכלינסקי

## אַלע װעגן

אַלע װעגן האָבן געפֿירט צום טויט,
אַלע װעגן.
אַלע װינטן האָבן געאָטעמט מיט פֿראָסט,
אַלע װינטן.
אויף אַלע שװעלן האָבן געהאַקעט בײזע הינט,
אויף אַלע שװעלן.
אַלע נעכט זײַנען פֿעט געװאָרן פֿון אונדזער שרעק,
אַלע נעכט.
אַלע װאַסערן האָבן פֿון אונדז געלאַכט,
אַלע װאַסערן.
און די הימלען זײַנען געװען נאַקעט און לײדיק,
אַלע הימלען.
און גאָט האָט באַהאַלטן זײַן פּנים.

מאַני לייב

## אוי, ברידער!

אוי, ברידער מײַנע, ברידער מײַנע,
אוי, קינדער ייִדישע — גאָטס צאָרן!
פֿון דײַטשלאַנד, פּױלן און אוקראַיִנע
געפֿאַלן איז אויף אײַך גאָטס גזאַר.

דער שװערער שטיװל פֿונעם סױנע
האָט אײַך צעטראָטן אין זײַן װוּט...
קדושים הײליקע און רײנע,
שטום גײט איר אױס אין אײַער בלוט.

און שטום, אין גלױבן װי די זײדעס,
איר גײט אויף שײַטער װי די שאָף:
און טעג פֿון פּײַן — זײ זײַנען אײדעס,
װי שטאָלץ איר נעמט פֿון גאָט די שטראָף.

און אין דער גסיסע לעבט איר װײַטער
אין אײביק דױערנדיקן ליכט,
און הײליק פֿון די העלע שײַטערס
איר לאַכט דעם סױנע אין געזיכט.

יאַנקעװ גלאַטשטײן

## רױך

דורכן קרעמאַטאָריע־קױמען
קריכט אַרױף אַ ייִד צום עתיק־יומין[1].
און װי נאָר דער רױך פֿאַרשװינדט,
קנױלן אַרױף זײַן װײַב און קינד.

און אױבן, אין די הימלשע הױכן,
װײנען, בענקען הײליקע רױכן.
גאָט, דאָרט, װוּ דו ביסט דאָ,
דאָרטן זײַנען מיר אַלע אױך נישטאָ.

[1] (פֿון אוראַלטע צײַטן) גאָט.

ה. לייוויק

## מײַן טפילע

מײַן טפילע — איך ווייס נישט צו וועמען זי טראָגן,
און — כ'טראָג זי;
מײַן טפילע — איך האָב נישט צו וועמען זי זאָגן,
און — כ'זאָג זי.

מײַן טפילע — זי ווערט אָף מײַן גומען דערפראָרן,
און — כ'טראָג זי;
מײַן טפילע לעבט אוף אין אַן אופברויז פון צאָרן,
און — כ'זאָג זי.

מײַן טפילע — זי ברעכט זיך אַזויפיל מאָל איבער,
און — כ'טראָג זי;
מײַן טפילע גייט אוף איבער זעקס מיליאָן גריבער,
און — כ'זאָג זי.

מײַן טפילע פאַלט צו און פאַרגייט זיך אָן ווערטער,
און — כ'טראָג זי;
מײַן טפילע צו דעם, וואָס איך ווייס נישט, צי הערט ער,
און — כ'זאָג זי.

אווראָם סוצקעווער

## אין מײַדאַנעק

אין מײַדאַנעק, אין אַ קאַמער,
וווּ מע האָט פאַרגאַזט מײַן שטאַם —
אַ טאַנאַך, אַן אַמסטערדאַמער,
ליגט נישט אָנגערירט פון סאַם.

איך, דער זינגענדיקער אָוול,
אָף אַ שײַטערדיקער שפּראַך —
צערטל, עפן אוף דעם טאָוול
פון געפּוּנענעם טאַנאַך.

בלעטער, דורכגעשטויבטע, גרויע,
נעמען אופלעבן אין האַנט.
און אָף איינער — אַ צוואָע
אויסגעצייקלט בײַ דעם ראַנד:

— ברודער טײַערער, באַפרײַער,
דאָס איז אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג.
נעם דאָס סייפערל, טראָג ווײַטער,
ביז אין אייביקייַט דערטראָג.

איציק מאנגער

## די „אוהבי ישראל" באַם טויטן-לאַגער בעלזשעץ

ר' מוישע-לייב סאַסאָווער טיַיטלט אויף די הויפנס אַש
(דער שטורעם האָט אָקאָרשט דורכגעוויטערט),
זיַין באָרד ציטערט, זיַין לײַב און לעבן ביטערט:
— „נאַ, נעם און זע, אַך, גאָטעניו, טי נאַש".
ר' וואָלף פון זבאראזש מורמלט: „הערט, ראבויסײַ, הערט!"
(זיַין קאָל איז ווי אַן אָוונט-פידל מיד):
— „דער אייבערשטער האָט זיַין וויַינגאָרטן ניט אָפּגעהיט,
א סימען: אָט די הפקר-הויפנס אויף דער ערד".

ר' מייערל פון פרעמישלאַן, אויף זיַין אַלטן שטעקן אָנגעשפּאַרט,
שטייט און וואַרט, פיבערנדיק און צאַרט:
— „ראבויסײַ, לאָמיר זאָגן אַלע אויף א קאָל:
באַשאַפער פון די וועלטן, דו ביסט מעכטיק, מוירעדיק און גרויס,
נאָר מיר, די גאַליציאַנער, מעקן דיך אויף אייביק אויס
פון דער אידע „אוהבי ישראל".

ז. סעגאַלאָוויטש

## די בענטשליכט

די בענטשליכט פאַרלאָשן פון אונדזערע שטעטלעך,
די אַלטע ייִשוּוים צעטריבן, פאַרמאַכט...
געווען איז עס ייִדישלעך, מענטשלעך און געטלעך,
געווען איז געזאַלבט אונדזער פריַיטיקצונאַכט.

געווען זיַינען שולן מיט פאַרמעט, מיט ספאָרים,
צוזאַמען מיט זיי, מיט די דאַוונערס פאַרברענט...
געווען זיַינען לעבנס... פאַרשוווּנדן אין קוואָרים —
און וואָס זאָלן טאָן מיַינע הילפלאָזע הענט?

מיילעך ראַוויטש

## ביטערער קאַדיש

...זייערע לעבנס — לעצטע קרעכצן אין ווינט,
זייערע נעמען — אַזוי פאַרגעסן און אַזוי אָפּגעווישט,
ווי נעכטיקע שריפט אויף א וואַסער-שפּיגל
מיט אַלע אייביקייַטן אויסגעמישט.

מיט זייערע יאָרצײַטן איז אָנגעשטאָכן פּול
פּוילן, אוקראַינע, רוסלאַנד — ווי מיט סטערטעס אין אַסיענדיקן פעלד.
ליגט שטעכעדיק אַנטקעגן הימל און וואַרט,
מע זאָל עס פאַראַקערן אין אַ נײַער וועלט.

זייער געשיכטע פאַרשריבן מיט בלוט, שיילט זיך אויף טפּיסע־ווענט,
אָדער וואַלגערט זיך ערגעץ אין מיסט, אין אַ גרינער פאַרשטאָפּטער פלאַש,
זייער לעבן איז געווען ווי פלעמל, וואָס פליט אַרום אין ווינט,
און זייער טויט איז — פליִענדיק אַש...

## שמערקע קאַטשערגינסקי

# שטילער, שטילער

(אין ווילנער געטאָ)

שטילער, שטילער, לאָמיר שווײַגן
קווערים וואַקסן דאָ.
ס'האָבן זיי פאַרפלאַנצט די סאָנים:
גרינען זיי צום בלאָ.
ס'פירן וועגן צו פּאָנאַר צו,
ס'פירט קיין וועג צוריק.
איז דער טאַטע ווו פאַרשוווּנדן,
און מיט אים דאָס גליק.
שטילער, קינד מײַנס, ווײַן נישט, אוצער,
ס'העלפט נישט קיין געוויין.
אונדזער אומגליק וועלן סאָנים
סײַווי נישט פאַרשטיין.
ס'האָבן ברעגעס אויך די יאַמען,
ס'האָבן טפּיסעס אויכעט צאַמען,
נאָר צו אונדזער פּײַן
קיין ביסל שײַן,
קיין ביסל שײַן.

פרילינג אויפן לאַנד געקומען —
און אונדז האַרבסט געבראַכט.
איז דער טאָג הײַנט פול מיט בלומען —
אונדז זעט נאָר די נאַכט.
גאָלדיקט שוין דער האַרבסט אויף שטאַמען —
בליט אין אונדז דער צער;
בלײַבט פאַריאָסעמט ווו אַ מאַמע:
ס'קינד גייט אויף פּאָנאַר.
ווי די וויליִע אַ געשמידטע —
ט'אויך געיאָכט אין פּײַן —
ציִען קריִעס איבער דורך ליטע
איצט אין יאַם אַרײַן,
ס'וועט דער כאָשעך ווו צערונען,

פון דער פינצטער לײַכטן זונען —
רײַטער, קום געשווינד, —
דיך רופט דײַן קינד,
דיך רופט דײַן קינד.

שטילער, שטילער, ס'קוועלן קוואלן
אונדז אין הארץ ארום.
ביז דער טויער וועט נישט פאלן
זײַן מיר מוזן שטום.
פריי זיך, קינד, נישט, ס'איז דײַן שמייכל
איצט פאר אונדז פאראט.
זען דעם פרילינג זאָל דער סוינע,
ווי אין הארבסט א בלאט.
זאָל דער קוואל זיך רויִק פליסן,
שטילער זײַ און האָף...
מיט דער פרײַהײַט קומט דער טאטע;
שלאָף זשע, קינד מײַן, שלאָף.
ווי די ווילִיע א באפרײַטע,
ווי די ביימער גרין באנײַטע
לײַכט באלד פרײַהייט־ליכט
אויף דײַן געזיכט,
אויף דײַן געזיכט.

בינעם העלער

## אין מײַנע אויגן

אין מײַנע אויגן הענגען נאָך די שטיגן
פון יענער כורווע אויף דער פאַווע־גאס.
זיי וועלן ביז מעשוגע מיך פארוויגן
אין קלעטער צווישן האָפענונג און האס.

מײַן טראָט געבליבן איז אינמיטן שוועבן,
מײַן פריידגעשריי — צעשניטן אויף א האלב.
פארברענט געוואָרן איז מײַן אָנהייב לעבן,
ווי אינעם הימל — די פרימאָרגן־שוואלב.

מע האָט דאָס אָרט געפרוווט שוין צו פארבויען,
פארשטעלן עס מיט ציגל און מיט ליים,
נאָר איך קען יענע נײַע ווענט נישט טרויען —
א כאָרעווע פארבלײַבן וועט מײַן היים.

א כאָרעווע — מיט אויסגעהאקטע שויבן,
מיט שטיגן הענגענדיקע אין דער קרום,
ווו איך וועל אָפט באווײַזן זיך פון אויבן —
און פוסט וועט ווידער ווערן דער ארום.

שמועל גאָרדאָן

# ייִזקער

## 4

אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער, אַז אויך דאָ, אין דער נײַער קאַמער, וווּהין מע האָט אַרײַנגעפֿירט זאַלמענען, זײַנען די ייִדן ניט קיין מערהײט. ער איז זיך פּאַשעט טויע געווען. אים האָט אין די ערשטע מינוטן זיך אויסגעגעבן, אַז דער מאַנצבל מיט די געדיכטע ברעמען און לענגלעך פֿאַרשפּיצטער נאָז איז אויך אַ יעהודי. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ער איז גאָר אַ פֿראַנצויז, אַ פּאָלקאָווניק, וועמען מע האָט אַף אַן אומפֿאַרשטענדלעכן אופֿן, ווי ער דערציילט, אַראָפּגעבראַכט אַהער פֿון פּאַריזש.

קיין גרויסן דערפֿאָלג אין באַהערשן די רוסישע שפּראַך האָט דער פֿראַנצויזישער פּאָלקאָווניק דערווײַל נאָך ניט דערגרייכט. פֿאַר די אַלע כאַדאָשים, וואָס ער איז הי, האָט ער דערלערנט אַ דרײַ־פֿיר צענדליק ווערטער. אָן דעם צוהעלפֿן זיך בײַסן ריידן מיט די הענט איז שווערלעך אים צו פֿאַרשטיין. דערבײַ האָט ער אַרויסגעבראַכט די ווערטער האַלב אַף שטום־לאָשן, ווי אַ ייִד באַם מאַפּסיק זײַן בײַסן דאַווענען. מיט אָט דעם אַרט ריידן און מאַכן בעשאַסמײַסע אַזוי מיט די הענט האָט שאַרל, ווי מע האָט גערופֿן דעם פֿראַנצויז, אַרײַנגעפֿירט זאַלמענען אין טאַעס, אים אָנגענומען ניט בלויז גלאַט פֿאַר אַ ייִדן, נאָר פֿאַר אַ ייִדן פֿון אַ קליין שטעטל.

די געשיכטע, וועלכע שאַרל האָט באַם באַקאַנען זיך מיטן נײַעם שאָכן פֿון קאַמער דערציילט, וויִאַזוי מע האָט אים פֿאַרשלעפּט אַהער פֿון פּאַריזש, האָט ניט געמאַכט אַף זאַלמענען קיין באַזונדערע איבעראַשונג. מיט נאַכמען לאַדינערן, דעם הולײַפּאָליער צאַדיק, ווי ס'האָט דערפֿון דערציילט כײַקל ווײַנקאָל, האָט מען אָן ערעך אויך דורכגעמאַכט די זעלבע שפּיל. עמעס, ניט אין דער פּרעמדלענדישער הויפּט־שטאָט פּאַריזש, נאָר דאָ, אינעם אייגענעם לאַנד, אין דער גאָטסגעבענטשטער מאַמעניו־שטאָט אָדעס, און אינמיטן העלן טאָג, באַ אַן אָנגעלאָף פֿון מענטשן. מיט שאַרלען איז זיך עס פֿאַרלאָפֿן אין אָוונט, אין אַ שטיל געסל, בײַס ער האָט נאָך דער אַרבעט זיך דורכגעשפּאַצירט אַף דער פֿרישער לופֿט ניט ווײַט פֿון זײַן וווינונג. אָפֿן ראָג פֿון געסל האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אים אַ לײַכטע מאַשין. דער עלעגאַנט געקליידטער יונגערמאַן, וועלכער איז אַרויס פֿון דער מאַשין, האָט אים העפֿלעך פֿאַנאַנדערגעפֿרעגט, וויִאַזוי דערפֿאָרט מען פֿונדאַנען צום וואָקזאַל? וואָס איז געווען נאָכדעם, ווי מע האָט אים אַרײַנגעזעצט אין דער מאַשין און פֿאַרהאַקט דאָס טירל, ווייסט ער בײַז איצט ניט. קענטיק, אַז מע האָט אים דאָרט מיט עפּעס שטאַרק פֿאַרשלעפֿערט. אופֿגעכאַפּט האָט ער זיך שוין דאָ, אַף לוביאַנקע.

פֿאַרענדיקט דערציילן אָט די קורצע געשיכטע זײַנע האָט שאַרל דערמיט, אַז די, וועלכע האָבן אים אַף אַזאַ אופֿן אַרויסגעגאַנוועט, האָבן אין אײַלעניש אים איבערגעפּלאָנ־

צווייטער טייל. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 8, 1990.

טערט מיט א צווייטן. פארשטאנען האָט ער עס שוין אפן ערשטן פארהער. דער אויספאָר־שער האָט אים פאנאנדערגעפרעגט וועגן דעם פראנצויזישן גענעראל־שטאב אין דער צײַט, ווען ער האָט דאָרט קיינמאָל ניט געדינט און דאָרט קיינעם ניט געקענט.

— אַנשטאָט אומקערן מיך צוריק קיין פאריזש צו מײַן פרוי און קינדער, וויבאלד מע האָט איבערגעפלאָנטערט מיט א צווייטן, האלט מען מיך דאָ שוין דעם וויפלטן כוידעש, און, ווי סע זאָגט מיר צו דער אויספאָרשער, וועט מען מיך פארשיקן וווּ מאַקאַר האָט די קעלבער ניט געפיטערט. ווּ געפינט זיך דאָס דאָזיקע אָרט, האָט דער אויספאָרשער מיר ניט געזאָגט. געמאכט דערפון א סאָד. אנטפלעקט האָט מיר דעם סאָד די, מיט וועמען איך בין דאָ פריִער געזעסן.

אויסגעהערט דאָס אלץ, האָט זאלמען דערוואָרט, אז שאַרל וועט אים באלד נעמען פאנאנדערפרעגן, פאר וועלכע זינד זיצט ער, מיט וואָס האָט ער זיך פארשולדיקט? אַנשטאָט דעם אָבער האָט שאַרל אים גאָר געפרעגט, צי ער איז א ייִד. ניט אנדערש, ווײַזט אויס, אז אויך דער פראנצויז, וואָס זיצט שוין דאָ דעם וויפלטן כוידעש און געוויס איבערגעוועזן פאר דער צײַט אין עטלעכע קאמערן און אומעטום געטראָפן דאָרט ייִדן, וועלכע פעלן דאָ אין ערגעץ ניט אויס, האָט געמאכט פאר זיך דעם זעלבן אויספיר, ווי קאפּוסטין באַם אויס־הערן דאָס פאַרגעלייענטע פון דער „פּראַוודאַ", וועלכע דאָס ייִנגל אליושע האָט בייסן פארהער בישטיקע אראָפּגעשלעפּט באַם אויספאָרשער פון טיש, אז זײַן א ייִד איז שוין א פארברעכן, אז פאר דעם אליין בלויז קומט אין איצטיקער צײַט הארב באַשטראָפן.

צי אין שײַכעס דערמיט, וואָס שאַרל האָט דערפון געפרעגט, צי ווײַל מיטן צוהעלפן זיך בייסן ריידן מיט די הענט, האָט ער אים דערמאָנט אין א ייִדן פון א קליין שטעטל, נאָר ענטפערנדיק דעם פּאָלקאָווניק, אז ער איז א ייִד, האָט זאלמען פארגעבן די זעלבע פראגע אויך אים.

— ניין, ניין. איך בין א פראנצויז. א ריינער פראנצויז. בא מיר איז ניט דאָס אכט־און־פופציקסטע. בא מיר איז אינגאנצן אן אנדער ארטיקל.

קוים איז באַם פּאָלקאָווניק אן אנדער ארטיקל, ניט דאָס אכט־און־פופציקסטע, איז האָט ער ניט, זאלמען, וואָס אים פאנאנדערצופרעגן, אויסקלאָרן, וויִאזוי גייט די אויספאָר־שונג, וויִאזוי פירט זיך מיט אים אויף דער אויספאָרשער. מיט אויסלענדער, דארף מען פאר־שטיין, באגייען זיי זיך מיסטאמע א ביסל אנדערש. וועגן דעם, וויִאזוי באגייען זיך די אויס־פאָרשער בענעגייע די אייגענע, קענען אים דערציילן די אנדערע פיר טוישווים פון קאמער. צי זיי וועלן עס אויך אויסבאהאלטן פון אים, ווי די, מיט וועמען ער איז געזעסן אין דער פריִערדיקער קאמער? דאָרט האָט דערצו ניט דערלאָזט פון מיטליַיד אפּאַנעם איוואַן קאַ־פּוסטין. ווי נאָר דער יונגערמאַן מיט די אקסל פון א טרעגער, וואָסילי, וועמען ער האָט געשענקט זײַן פערטעלע בלעטל טואלעט־פאַפּיר צום רייכערן, האָט אָנגעפאנגען באקאנען זאלמענען, וויִאזוי די אויספאָרשער באגייען זיך מיט די אכט־און־פופציקסטע, האָט דער באַ־רעמהארציקער קאפּוסטין אים גלײַך איבערגעשלאָגן, אויסגערעדט, האלעמײַ שרעקט ער דעם נײַינקן שוין לעכאַטכילע אָן, א זאָג געבנדיק דערבײַ: — „ניט אלע אויספאָרשער זײַנען דאָך אלציינע, פאראַן צווישן זיי אויך מענטשלעכע".

צו די, וועמען קאפּוסטין האָט געהאַט אין זינען, געהער, פארשטייט זיך, אויך זײַן, זאלמענס, אויספאָרשער. די צוויי באגעגענישן מיט אים גיבן א סמאך אזוי צו קלערן. פונ־דעסטוועגן האָט ער געוואָלט אן איבעריקס מאָל זיך דערינען איבערצײַגן, דערהערן דאָס זעלבע פון זײַנע נײַע באַקאַנטע אין קאמער. שאַרלען, וויבאלד ער איז ניט קיין אכט־און־פופציקסטער, האָט ער דערפון ניט וואָס צו פרעגן. די איבעריקע אָבער אין קאמער האָבן זיכער ניט ווייניק אים צו זאָגן דערפון.

פאר די קנאַפּע דרײַ מעסלעס, זינט זאלמען איז א לוביאַנקער, האָט ער באוויזן דער־לערנען ניט נאָר דעם באַטײַט פון די שטערנס און שטערנדלעך אף די פּאַגאָנעס פון די דאָרטיקע הערשער. ער האָט אויך שוין דערלערנט דעם טײַטש פון די פּילצאָליקע פּונקטן אינעם אכט־און־פופציקסטן ארטיקל.

זײַנע נײַע שכיינים מיט די פארמעט־געלבע פּנעמער, ווי בא די פארשפּארטע אין

דער פאַריקער קאמער, וואָס דערמאָנען מיט זייער אויסזען אין מייסים, האָבן, באַגלייַך מיט דעם ווי מע רופט זיי, זיך אויך פאַרגעדענקט זאַלמענען, אַוועלכע פונקטן איז בא יעדן. נאָכפרעגן זיך דעם באַטייַט און די פרייַז פון די פּילצאַליקע פונקטן האָט ער ניט באַדאַרפט. אהער אין קאמער איז ער געקומען שוין א צוגעגרייטער, ניט קיין גרינער, ווי אין דער פריִערדיקער.

דער לייַכטסטער פון די פונקטן — דער צענטער — איז דאָ בא די צווייַ יונגע מענער, וועמען ער האָט בא זייַן אַרייַנקומען אהער געטראָפן באַם טיש שפּילן אין שאַשקעס. מער ווי אכט—צען יאָר לאַגער דראַט זיי ניט. די אויספאַרשער האָבן קיין איינעם פון זיי ניט באַדאַרפט צווינגען אונטערשרייַבן די פּראָטאָקאָלן. דער מער עלטערער יונגערמאַן איז אָפן ערשטן פאַרהער זיך מודיע געווען, אַז ער האָט ווירקלעך דערציילט אַן אַנעקדאָט וועגן באַלעבאָס פונעם לאַנד. פון וועמען האָט ער געהערט דעם דאָזיקן אַנעקדאָט, געדענקט ער פאַשעט ניט. מע קען טאָן מיט אים, וואָס מע וויל, נאָר אויסטראַכטן אָף עמעצן, ווי דאָס פאָדערט פון אים דער אויספאָרשער, וועט ער ניט. דערווייַל האָט דער אויספאָרשער אים מיט קיין פינגער ניט אָנגערירט, בלויז געשראָקן. מוירעדיק געשראָקן.

דער אַנדערער יונגערמאַן האָט סטאַם ניט אין וואָס זיך מודיע זייַן. ער לייקנט ניט, מעגלעך, אַז ער האָט ווירקלעך געזאָגט עפּעס אַזעלכס, וואָס מע טאָר ניט. ער איז אָבער ניט שולדיק, אַפּאָנעם איבערגעכאַפּט די מאָס, צופיל אויסגעטרונקען, און די צונג איז אַליין געווען א באַלעבאָס איבער זיך.

נאָר אויב די ביידע יונגע מענער האָבן מיטן דערציילן וועגן זייערע אויספאַרשער גאָרניט צוגעגעבן צו דעם, וואָס זאַלמען האָט אָן זיי שוין געוווּסט, מיט אים איז זייַן אויס-פאַרשער זיך אויך מענטשלעך באַגאַנגען, מיט קיין פינגער ניט אָנגערירט, ניט געצוווּנגען אונטערשרייַבן קיין פּראָטאָקאָל מיט ניט קיין געשטויגנס און געפלויגנס, האָט אָבער דער יינגערער, אַלעקסיי ניקיטין, וועלכער איז דאָ שוין איבערגעווען אין עטלעכע קאַמערן, געהאַט אים וואָס צו דערציילן. צווישן די, מיט וועמען ער איז געזעסן, איז געווען איינער א הענריך ערדין און איינער א יאַקאָוו שנייערסאָן. וועגן ערדינען האָט ער ניט איבעריקס צו דערציילן. מע האָט אים קימאַט ווי ניט געהערט, זייער א שטילער מענטש, האַלב א בלינדער. פאַר דער גאַנצער צייַט האָט ער אין קאמער זיך מיט קיינעם ניט געאַמפּערט, קיינעם גאָרניט פאַנאַנדערגעפרעגט, און וועגן זיך אויך קיינעם גאָרניט דערציילט, אויסער בלויז דאָס, אַז ער איז א פּאָעט. נאָר גיכער פון אַלץ, ווי צו זען, איז ער א פּויער.

— פונוואַנען נעמט איר עס? — האָט זאַלמען געפרעגט.

— ווייַל אַלע זייַנע לידער איז וועגן דאָרף, וועגן דער מאַמעניו-ערד.

— ער האָט זיי אייַך געלייענט? אָף וויפל איך ווייס, איז שרייַבט ער אָף ייִדיש.

— דאָס האָט ער אונדז געזאָגט. די לידער זייַנע האָט ער געלייענט אָף אוקראַיִניש.

אָט וועגן דעם אַנדערן, וועגן יאַקאָוו שנייערסאָנען, איז גראָדע דאָ א סאַך צו דערציילן. די ערשטע צייַט האָבן מיר זיך פאַר אים געהיט, כּוישעד געווען, אַז ער איז אַן אונטערגע-שיקטער. דערנאָך האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז ער איז ניט אינגאַנצן שוין אַפּאָנעם בא די געדאַנקען, וואָרעם גאַנצע טעג האָט ער געהאַלטן אין איין מאַכן זיך פריילעך, אין איין זינגען. מע דאַרף קאָנען פאַרגעדענקען אַזויפיל לידער. זיי האָבן זיך בא אים ניט אויסגע-שעפּט. און געזונגען האָט ער זיי פריילעך, ווי בייס א יאָמטעוו. ער איז בּיכלאַל געווען א יאָמטעוודיקער מענטש.

— פאַרוואָס קלערט איר, אַז ער איז ניט מיט אַלעמען? — זאַלמען האָט קיין רעגע ניט געסאָפּעקט, אַז דער יונגערמאַן אַלעקסיי ניקיטין דערציילט אים ניט וועגן קיין אַנדער שנייערסאָנען, נאָר וועגן דעם, וועמען שלוימע בענמיכאָעל האָט נאָך דער מילכאָמע אַריבער-גענומען פון אָדעס קיין מאָסקווע און באַזעצט הינטער די קוליסן אין שכיינעס מיט פּינכעס מאַשבערגן. אָבער דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז דער שטענדיק מונטערער, לעבנסלוסטיקער יאַנקעלע זאָל דערגיין צו אַזאַ צושטאַנד, אַז מע זאָל דערזען אין אים א מענטשן ניט אינ-גאַנצן שוין באַם זינען, איז זאַלמענען פאַרט געווען שווער. כאָטש ס'איז ניט שווער זיך אָנשטויסן, אַז מיט שנייערסאָנען זייַנען די אויספאָרשער זיך באַגאַנגען א ביסל אַנדערש,

ווי מיט אַט די צוויי יונגע מענער. יאַנקעוו איז פּאַרט געווען נאָענט באַפרײַנדעט מיט בענמיכאַעלן.

— פאַרוואָס קלער איך, אַז ער איז ניט מיט אַלעמען? — האָט ניקיטין איבערגע־פרעגט. — אפילו דערפון אַליין שוין, ווי ער איז געגאַנגען אויף די פאַרהערן. עפּעס ווי צו אַ יאָמטעוו איז ער געגאַנגען. איטלעכס מאָל פלעגט ער פאַרן אַוועקגיין אונדז זאָגן: „איך האָב ניט וואָס מוירע צו האָבן פאַר זיי. דאָס זײַנען דאָך אַלץ מײַנע שילער, מײַנע וויכאָ־וואַניקעס...“

אַזוינס האָט זיך געלאָזט גלייבן. יאַנקעוו איז פאַר דער מילכאָמע־געווען אַ לערער. זײַנע לימודים וועגן דער יידישער ליטעראַטור — זאַלמען איז איינמאָל בײַגעווען אויף זײַנעם אַ לימעד — האָבן געהאַט אין זיך די געטלעכקייט פון די יאָמטעוודיקע טפילעס. מיט דער זעלבער דערהויבנקייט און דווייקעס האָט ער אַפּאָנעם געפירט זײַנע שמועסן מיט די אויס־פאָרשער וועגן דער יידישער ליטעראַטור. ער איז געווען פאַר זיי אַ געהינעס, וויבאַלד זיי האָבן צו טאָן מיט אַלץ, וואָס האָט אַוועלכע־ניט־איז שײַכעס צו יידיש, וואָס איז איצט שטרענג פאַרווערט, פאַרגליכן צו דעם שווערסטן פאַרברעכן.

לויט וועלכע פּונקטן פונעם אכט־און־פופציקסטן אַרטיקל זיצן די אַנדערע צוויי מענטשן, וואָס צוזאַמען מיט אים, זאַלמענען, באַטרעפן די יידן אין קאַמער פּונקט אַ העלפט, האָט ער זיי ניט צו פרעגן. אים איז אַזוי אויך דאָס קלאָר. קוים זײַנען זיי יידן, איז האָבן זיי אויף זיך זיכער כאָטש דעם צענטן אויך דעם עלפטן פּונקט. און פאַרוואָס, טאָמער זאַלמען באַ זיך אַ קלער, אויך ניט, ווי באַ אים, קיין „איינס־אַ“? אויב צו דעם פראַנצויזישן פאַלקאָווניק, ווי ער האָט עס אַרויסגעזען, זאַלמען, פון זײַן נאָכפרעגן זיך באַ אים, צי ער איז אַ ייד, איז שוין אפילו אויך דערגאַנגען, אַז זײַן אַ ייד איז שיר ניט קיין פאַרברעכן, איז קען מען זיי איצט אַלצדינג צושרײַבן, אין אַלצדינג באַשולדיקן.

דאַנקען גאָט, קיין „איינס־אַ“ איז באַ זיי ניטאָ, אין פּראַווע און שפּיאָנאַזש איז מען זיי ניט כוישעד.

דער ייִנגערער פון די צוויי יידן, אַ געוועזענער סטודענט פונעם פלעכאַנאָווער אינ־סטיטוט לייזער עלקין, האָט ביכלאַל ניט צו זאָרגן זיך וועגן דער אויספאָרשונג. ער איז די דאָזיקע שרעק און לייד איבערגעקומען נאָך מיט צוויי יאָר צוריק. איצט זיצט ער דאָ ניט ווי קיין באַשולדיקטער, נאָר ווי אַן איידעס. מע האָט אים צוליב דעם געבראַכט אַהער צו פירן פון טײַשעטער לאַגער. ביז דעם איז ער געווען אין קאַלימאַ. וועגן וועמען און מיקויעך וואָס דאַרף ער זײַן אַן איידעס, הייבט ער ניט אָן צו וויסן. מע זאָגט אים ניט. ער וואָלט וועלן זיך גיכער אָפּפּאַרטיקן דאָ דערמיט און זיך אומקערן צוריק אין לאַגער. ער האָט נאָך דאָרט צו זײַן גאַנצע אכט יאָר, אויב באַם באַפרײַען זיך וועט מען אים, ווי דאָס טרעפט אָפט מיט אַנדערע, אויך ניט צוזוואַרפן נאָך אַ פינפערל צו די צען יאָר, וועלכע ער האָט געקראָגן פאַר האַלטן באַ זיך דזשאָן רידס „צען טעג, וואָס האָבן אויפגערודערט די וועלט“, כאָטש לייבלס פאָרטרעט איז אין בוך שוין ניט געווען. ער האָט אים באַצײַטנס אַרויסגע־ריסן פון דאָרט. פאַרמאַסערט האָט אים, ווי ער פאַרשטייט, דער נאָענטער כאַווער זײַנער, פּייסי, דער זעלבער, וועמען ער ס׳האָט אים געגעבן איבערלייענען דעם בוך און ווי פאַרגעסן אָפּנעמען. נאָר ווער ווייסט, מעגלעך, אַז מע האָט אָט דעם פּייסין אויך אַרײַנגעזעצט און צוליב דעם האָט מען אים, לייזערן, געבראַכט אַהער צו פירן פאַר אַן איידעס.

— זיי האָבן, אַפּאָנעם, פאַרגעסן, אַז איך בין אַ לאַגערניק, און אַ לאַגערניק האָט אויף אַלץ, וועגן וואָס מע זאָל אים ניט פרעגן, איין ענטפער דערויף: איך ווייס ניט, כ׳האָב גאָר־ניט געזען, גאָרניט געהערט. אַזאַ געזעץ גילט אין לאַגער פאַר די, וועלכע ווילן ניט שטעלן דאָס לעבן אין קאָן.

קוים האָט לייזער עלקין פאַרפירט אַ רייד וועגן לאַגער, איז אים ניט אָפּצושטעלן. ער האָט דערפון צו דערציילן און דערציילן. ער איז דערמיט, כאַלילע, ניט אויסן שרעקן דעם אינגאַנצן גרינעם נאָך זאַלמענען, אָבער אויסבאַהאַלטן פון אים, וואָס איז אַזעלכעס לאַגער, קען ער דאָך ניט, ביפראַט, אַז זאַלמענען, ווי מע דאַרף פאַרשטיין, שטייט פאַר זיך דאָרט באַזעצן, און ניט אויף איין יאָר. אַ סמאַך צו קלערן אַזוי האָט ער זיכער. אין טײַשעטער

לאגער וווינט מיט אים אין איין באראק איינער א ייִד, אווראַם קאַמינער רופט מען אים. ער גיט זיך אָן פאר א יידישן שרײַבער, געווען, זאָגט ער, נאָענט באפרײַנדעט מיט בענ־מיכאָעלן און מיט אלע אנדערע פון ייִדישן קאָמיטעט. פינף און צוואנציק יאָר האָט מען אים אײַנגעטיילט. אָף דער גאנצער שפּולקע, ווי סע זאָגט זיך. איר קערט אים מיסטאמע קענען?

— פינף און צוואנציק יאָר? — זאַלמענען איז שווער געווען זיך פאָרשטעלן, פאר וועלכע זינד האָט מען געקאָנט אזוי באשטראָפן קאַמינערן? צו דער מיזרעך־וואַנט פון דער ליטעראטור האָט ער קיינמאָל ניט געהערט, געווען א גאנץ מיטלמעסיקער שרײַבער, און מיט בענמיכאָעלן, אָף וויפל ער ווייסט, זאלמען, איז אווראַם קאַמינער ניט געווען אפילע פון דער ווײַט באפרײַנדעט.

— קיין גאָר אלטער מאן איז ער ניט, ארום די עטלעכע און פופציק, אָבער זייער א שוואכער. אין טורמע, זאָגט ער, איז אים געווען לײַכטער. אייגנטלעך, איז ער קימאט געדרעכט. אין טורמע, אויב מע מאטערט ניט אף די פארהערן, מע לאָזט באנאכט שלאָפן, איז טאקע לײַכטער און דעריקער ווײניקער געפערלעך, ווי אין לאגער.

— ענטפערט מיר אויב אזוי, — האָט זאַלמען געפרעגט דעם געוועזענעם סטודענט פון דער פּלעכאנאָוווקע, — וויבאלד איר זאָגט, אז הײַנטיקס מאָל פּײַניקט מען אײַך שוין דאָ ניט, מע וועקט אײַך ניט אינמיטן דער נאכט צום אויספאָרשער, מע האלט אײַך ניט א הויל־נאַקעטן אין קארצער, צו דער ארבעט אין שניי און אין רעגן טרײַבט מען אײַך אויך ניט, און דאָס עסן איז דאָ אויך צו דערלײַדן, איז וואָס ציט אײַך אזוי פונדאנען צוריק אין לאגער?

— דער, ווער ס׳איז געווען אין לאגער, וועט אזוינס קיינמאָל ניט פרעגן. גופע דאָס אליין, וואָס מע זעט דאָרט ניט פאר זיך, ווי דאָ, קיין פארגראטעוועטן הימל און מע דארף ניט, ווי דאָ, עטעמען דורכן מעסלעס מיט דער איפּעשדיקער לופט פון דער פאראשע, איז שוין דאָך א גליק, אויסער אלעם בין איך ניט געוווינט זיצן מיט פארלייגטע הענט, גאָרניט טאָן. מיך האָט אָפּגעגליקט, וואָס אין אונדזער קאמער זיצט א פראנצויז. איך לערן אים רוסיש, און ער מיך פראנצויזיש. גלײַכער וואָלט, פארשטייט זיך, געווען לערנען ליטוויש, עסטאָניש. אויב אײַך וועט אויסקומען זיצן דאָ אין א קאמער מיט א ליטווינער, צי מיט א לעט, אָדער אן עסטאָנער, איז בעט, זיי זאָלן אײַך צולערנען א ביסל זייער לאָשן. דאָס קען אײַך אין לאגער די ערשטע צײַט שטארק צוניץ קומען.

— דעהײַנט? — איז זאַלמען נײַגעריק צו הערן. אים האָט זיך ביז איצט דאָ נאָך ניט באגעגנט קיין איין געקומענער פון לאגער.

— איך ווייס ניט, וויאזוי איז אין אנדערע לאגערן, נאָר אין קאָלימאַ און אין טײַשעט זײַנען ליטווינער און עסטאָנער נאָך מער פון ייִדן. ביזוואנען איר וועט געבן צו וויסן אײַערע אייגענע, ווו איר געפינט זיך, קאָן דורכגיין א וועלט מיט צײַט, ווײַל שרײַבן אהיים מעגט איר ניט מער ווי צוויי מאָל א יאָר, און די איינציקע, בא וועמען איר קענט צומאָל קריגן א ציגאר טוטין, זײַנען די מײַרעוויניקעס און פון דער באלטיק. זיי קריגן פּעקלעך פון דער היים אָפטער פון אנדערע. קעדיי פארפירן מיט זיי באקאנטשאפט, דארף מען כאָטש קענען, א ביסל זייער לאָשן. בלויז מיט „אש נאָרע רוקיט" און „אטשו" וועט איר קיין גרויס פרײַנט־שאפט מיט די ליטווינער זעקן, אשטייגער, ניט אָנקניפּן. „לאבאס דעני" און „לאבאס וואַקערי" איז גילטיק אף מעכאבעד זײַן אײַך בלויז א צוויי־דרײַ מאָל.

— איך רייכער אָבער ניט.

— ווי? אינגאנצן טאקע ניט? זײַט איר דאָך א גליקלעכער מענטש. איך בין פאר דער צײַט דאָ שוין איבערגעווען אין עטלעכע קאמערן. און דערווײַל ניט באגעגנט נאָך קיין איינעם, ווער ס׳זאָל ניט רייכערן. די צײַט איז אזא, אז אפילע דער, ווער ס׳האָט אף זײַן לעבן זיך ניט צוגערירט צו קיין פּאפּיראָס, האָט, ארײַנקומענדיק אהער, אויך אָנגעהויבן פּיפקען. אין טורמע ווערן אלע רייכערער, מע פילט ניט דורך דעם אזוי דעם הונגער און די געדאנקען מאטערן ניט אזוי.

ווײַזט אויס, אז דער באָכער איז געדרעכט. אויך אין דער פריערדיקער קאמער איז געגאנגען דערפון א רייד. מיסטאמע וועט ער מיט דער צײַט אויך אָנהייבן רייכערן. ער קען

זיך עס פֿאַרשטעלן. אָבער פֿאַרשטעלן זיך, אשטייגער, איַיזיק דאָברינען מיט א ציגאַר אין מויל דאָס קען ער שוין ניט. קוים איז אים געקומען אפֿן זינען איַיזיק דאָברין, האָט זאַלמען שוין פֿאַריינס זיך אָנגעפּרעגט באַם סטודענט, וואָס איז דאָ איבערגעוועזן, ווי ער זאָגט, אין עט־לעכע קאַמערן, צי איז ער צופֿעליק ניט געזעסן אויך מיט אזא יִדישן שרײַבער ווי איַיזיק־יעכעזקעלעס דאָברין?

— ניין. ניט דאָ און ניט אין לאַגער. נאָר מיט אנדערע יִדישע שרײַבער האָב איך זיך געטראָפֿן אי אַף קאָלימאַ, אי אין טײַשעט, פּוּנוואַנען איך קום איצט. אין טריום אַף דער פּראַכט־שיף, אָנגעפּראָפּט מיט זעקן, ווי הערינג אין א פֿאַס, וואָס האָט אונדז געפֿירט קיין קאָלימאַ, זײַנען לעבן מיר אפֿן אונטערדעק געזעסן צוויי מאָדנע יִדן. איינער פֿון זיי איז געווען א שיינער קראַפֿטיקער מאַנצבל מיט א געדיכטער בלאָנדער באָרד. דער אנדערער איז געווען ווײַט פֿון א שיינהײַט, דערפֿאַר אָבער האָט ער פֿאַרמאָגט א שטים, אז ס'האָט געקאַפּט באַם האַרצן. אפֿילו דער באַרימטער וואָלאָגאָדסקער קאָנוואָי, ווער סע באַגייט זיך באַזונדערס שטרענג מיט די אַכט־און־פֿופֿציקסטע, וועגן וועלכן ס'איז אוועק א ווערטל „דער וואָלאָגאָדסקער קאָנוואָי האָט ניט ליב צו שפּאַסן", פֿלעגט בעטן דעם דאָזיקן יִדן, ער זאָל זינגען. אדאַנק זײַן זינגען, האָבן די אורקעס, די קרימינעלע פֿאַרברעכער, אַף דער באַרזשע מיט קיין פֿינגער ניט אָנגערירט די פּאָליטישע, ניט באַראַבעוועט און ניט באַגאַזלט. איז אָט: קימאַט דעם גאַנצן וועג האָט דער יִד מיט דער געדיכטער בלאָנדער באָרד געזידלט דעם אנדערן, געמאַכט אים מיט דער בלאָטע צוגלײַך.

— איך וועל דיך הארגענען, — האָט ער געדראָט אים מיטן פֿויסט, — הארגענען.

דער זינגער האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, גרייט לייגן אים אונטערן כאַלעף, און געבעטן:

— נעם, הארגע. כ'האָב עס פֿאַרדינט.

שוין זײַענדיק אין לאַגער, האָב איך זיך דערוווּסט, אז זיי זײַנען ביידע יִדישע שרײַ־בער און ביידע פֿון אָדעס. די פֿאַמיליע־נעמען זייערע געדענק איך ניט.

בלויז בא יִדן, אפֿאַנעם, קאָן אזעלכס טרעפֿן, — האָט זאַלמען, אויסהערנדיק די גע־שיכטע, א קלער געטאָן פֿאַר זיך, — אז א יִד זאָל זיך באַגעגענען מיט א יִדישן שרײַבער און ניט פֿאַרגעדענקען ווי ער הייסט, ניט קאָנען אָנרופֿן קיין איין ווערק זײַנס. וואָס פֿאַר א שרעקלעכער גורל בא א יִדישן שרײַבער! זאַלמען האָט אונטערגעזאָגט דעם געבילדעטן באָכער, דעם געוועזענעם סטודענט לייזער עלקינען:

— די פֿאַמיליע־נעמען זייערע זײַנען לאַדינער און מאַגיד. נאַכמען לאַדינער און יערעמיי מאַגיד.

— קאָן זײַן. איך געדענק פּאַשעט ניט. און איבער וואָס, מיינט איר, האָבן זיי זיך געקריגט? דער, מיט דער באָרד, לאַדינער, הייסט עס, האָט באַשולדיקט דעם אנדערן יערעמיי מאַגידן, האַלעמײַ האָט ער אַף דער אויספֿאַרשונג אָנגערעדט אַף אים אײַן גאָט ווייסט וואָס. אי אז ער איז א ראָווס א זון, אי אז ער האָט אין זײַנע ווערק וועגן דאָרף אַרויסבאַוויזן ליבע צו דעם אינדיווידועלן פּויער, אים פֿאַרליבט אזש ביזן הימל, זיך שלעכט אָפּגערופֿן וועגן ביראָבידזשאַן און גוט וועגן יִיסראָעל, אָנגערעדט אַף אים אַלץ מיטאַנאַנדער, בייס אינדער־עמעסן איז גאָר יערעמיי געווען דער עכטער יִד, אויסגעוויקט אין יִדישקײַט. אין אונדזער אמבולאַטאָריע איז געווען א דניעוואַלנע, אַן אופּראַמער, א קעשענעווער יִד. יאַנקל האָט מען אים גערופֿן. א גרויסער קענער געווען פֿון ליטעראַטור און שפּראַכן. פֿלעגט מאַגיד ריידן מיט אים דורכויס אַף העברעיִש, און גראָדע דעם ראָווס זון, נאַכמען לאַדינער, האָט קיין וואָרט העברעיִש ניט געקענט. דערפֿאַר אָבער האָט ער בא דער אַרבעט אַלעמען פֿאַרשטעקט אין גאַרטל. און אז עמעצער פֿון די יִדן פֿלעגט אים פֿרעגן, וואָס לייגט ער אזוי אײַן וועלטן, האָרעוועט ווי אַן אייזל, ווי די קנעכט באַם בויען פּיסעם און ראַמסעס, האָט לאַדינער דערויף אַלעמען געענטפֿערט, אז ווו ער זאָל ניט זײַן און וואָס ער זאָל ניט טאָן, פֿאַרגעסט ער קיינמאָל ניט, אז ער איז א יִיד, אז לויט דעם, ווי עס פֿירט זיך אויף איינער, קוקט מען שוין אויך אַף די איבעריקע. מע דאַרף שטענדיק אין זינען האָבן ניט אזוי זיך, ווי דאָס פֿאָלק.

פֿאַר אזעלכן האָט נאַכמען לאַדינערן זאַלמען קיינמאָל ניט געקענט. פֿאַרקערט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, ווײַל נאַכמען איז א זון פֿון א ראָוו, איז ער גרייט עסן א כיילעוו

ליכטל, קעדיי דערזוויזן, אז ער האָט ניט קיין מאגע־אומאסע מיט גאָטס טוירע, אז ער איז נאָך מער אפיקוירעס פון דעם מעכאבער פונעם ביכל „קעגן גאָט און זײַן טוירע" מוישע אלטערן, וועלכער שטאמט אויך פון ראבאָנים און געהאט נאָך דערצו אליין סמיכעס ראַ־באָנעס.

זאלמענען איז אָבער מער אָנגעגאנגען אין נאכמען לאדינערן ניט אזוי דער טכיאַס־האמייסים פון די פארקנעכטעטע בניי־יִיסראָעל באם בויען פיסעם און ראמסעס, ווי די מילכאָמע, וועלכע ער האָט פארפירט מיט זײַן נאָענטן פרײַנט מאגידן. נאָר אז די מילכאָמע צווישן זיי וועט לאנג ניט אָנהאלטן און זיך ענדיקן מיט א שאָלעם, האָט זאלמען ניט גע־סאָפעקט.

— אלע מאכלויקעסן בא ייִדן, — האָט זאלמען געגעבן צו דערקלערן זײַן יונגן שאָכן פון קאמער, וועלכער האָט אויסער דעם ייִדישן נאָמען זײַנעם, דאכט זיך, מער גאָרניט געיארשנט פון ייִדישקײַט, — ענדיקן זיך סאָפקאָלסאָף מיט א שאָלעם. קומט יאָמקיפּער, איז מען איינער דעם אנדערן אלץ מויכל.

— ניט יעדער קריג אָבער, ווי סע לערנט אונדז די געשיכטע, ענדיקט זיך מיט א שאָלעם, זי ענדיקט זיך מײנסטנטייל מיט א זיג אָדער מיט א מאפּאָלע. אײַער נאכמען לאַ־דינער, ווי צו זען, וועט ביז דער לעצטער מינוט זײַנער ניט אײַנגיין אַף קיין שאָלעם.

— פונוואנען זעט איר עס ארויס? — דער באָכער האָט מיט זײַן ארויסזאָגן זיך וועגן דעם ביז גאָר פארוווּנדערט זאלמענען. — נו יאָ, פונוואנען?

— ווײַל אײַער נאכמען לאדינער, ווי כ׳האָב אים נאָכדעם דערקענט, איז פון די מענטשן, וועלכע ווילן ניט פארשטיין, אז דער, ווער סע פאלט אהער ארײַן, איז שוין ניט דער, ווער ער איז געווען ביז דעם. דאָס זײַנען שוין צוויי פארשיידענע מענטשן. די, וואָס ריידן אָן אַף אנדערע, געפינענדיק זיך אַף דער פרײַ, קאָן מען ניט מויכל זײַן, כאָטש זיי לעבן אויך אין שרעק און אין מוירע. אָבער מאכן אין דער זעלבער מאָס שולדיק א מענטשן, וואָס געפינט זיך שוין דאָ, ווי לאדינער טוט עס בענעגייע מאגידן, האלעמײַ האָט ער אַף דער אויספאָרשונג אָנגערעדט אי אַף זיך, אי אַף אים, אי, מעגלעך, אויך אַף אנדערע טויזנט איין נאכט, איז פּאָשעט אָן אומזין. ניט יעדער איינער קען אויסהאלטן דאָס אלץ, וואָס דאָ ווערט מיט אים געטאָן.

— צוליב אויסהאלטן דאָס אלץ דארף מען זײַן א נאָסן לעוויטין, — האָט זיך ארויס־געכאפּט בא זאלמענען און, ניט ווארטנדיק, עלקין זאָל אים פרעגן, ווער איז אזעלכער אָט דער נאָסן לעוויטין, פאָרגעזעצט, — אָט אזא, ווי דאָס איז צו פארשטיין פון אײַערע רייד, איז קענטיק אויך נאכמען לאדינער. איר ווייסט, אין וואָס איז זייער גוורע? זיי האלטן זיך בא די געבאָטן פון דער טוירע: אײַן טאכאס אײַן, אן אויג פאר אן אויג, א צאָן פאר א צאָן. אויב אומקומען, איז ווי א מענטש און ניט ווי קיין שאָף. נאָר ניט יעדערער איז עס בעקויעך. איר, זע איך, זײַט אויך פון די, ווי נאָסן און נאכמען. איר האָט זיך אויך ניט אונטערגעגעבן.

— ווי זאָל איך אײַך זאָגן... — און דאָ האָט זאלמען מיטאמאָל דערהערט פון עלקי־נען אועלכס, אז ער איז געבליבן זיצן אָן לאָשן. דער באָכער האָט זיך נאָכגעפרעגט בא אים, צי געדענקט ער ניט דעם ראָמאנס „פארא גניעדיך". — מיט אײַך האָט קיינמאָל ניט פּאַ־סירט, אז ס׳זאָל זיך פלוצעם צוטשעפּען צו אײַך א ליד צי א מעלאָדיע און איר זאָלט ניט קאָנען זיך דערפון באפרײַען? צו מיר האָט זיך הײַנט פון דער העלער הויט צוגעבונדן די ליד „פאָרא גניעדיך", וועלכע כ׳האָב אַפן עטאפּ, פּאָרנדיק אהערצו, געהערט פון איינעם א „זעק" אינעם פארגראַטעוועטן סטאָליפּין־וואגאָן. שיר ניט דעם גאנצן טאָג, אז איך האלט זי אין איין איבערכאזערן. ווי נאָר איך קום צו אָבער צו דעם „גרעק איז אָדעסאַ, יעווריי איז ווארשאווי, סטארי אוסאטי גענעראל", בלײַב איך שטיין. פארגעסן, ווער, כוץ זיי, ווערט נאָך דאָרטן דערמאָנט. „פארא גניעדיך" איז א באוווּסטער ראָמאנס. איר האָט אים געוויס געהערט. איך וועל אים אײַך איבערזינגען, עפּשער וועט איר זיך דערמאָנען ווי איז דאָרט ווײַטער. אזא צוטשעפּעניש צו מײַן קאָפּ אינמיטנדערינען. — ער האָט געכאפּט א בליק צו דער טיר און שטיל פארזויגן.

צוגעקומען צום „יעווריי איז ווארשאווי" און „סטארי אוסאטי גענעראל", איז עלקין

געבליבן שטיין, ווי פאַר אַ געמויערטער וואַנט, און ניט פון אָרט. איבערהיפּערן, דורכלאָזן אַ שורע און גיין ווײַטער קען ער ניט. ער איז דערצו ניט געוווינט. בײַ אים איז פון לאַנג און אין אַלץ אײַנגעפּירט: אָדער גאָר אָדער גאָרנישט.

— פּאָלגט מיך, הערט אויף ברעכן זיך דעם מויעך איבער דעם, — האָט זאַלמען אים געייצעט.

— מאָדנער מענטש, וואָס איר זײַט. ס׳איז דען געווענדט אין מיר? אַ טאָג, אַז סע האַלט מיך אין איין פּיקן אין קאָפּ, לאָזט ניט צורו, מאַמעש אַן אָנשיקעניש. און עפּשער איז גאָר בעסער, וואָס דער קאָפּ איז פאַרקלאַפּט. דאָ מוז מען זיך מיט עפּעס פאַרקלאַפּן דעם קאָפּ. מער פון אונדז יעדן פאַרקלאַפּט זיך דאָ דעם קאָפּ אַרן דאַלין. ווי נאָר אַ פרײַע מינוט, כאַפּט ער זיך צום דאַוונען. ער זאָל ניט מוירע האָבן פאַרן אויפזעער, וואָלט ער גאַנצע טעג געשטאַנען אזוי בײַ דער וואַנט און זיך געשאָקלט. רעב אַרן, — האָט עלקין אַ רוף געטאָן דעם ייִדן, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל־קאַמער, האַלב אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט און זיך לײַכט געשאָקלט. — באַקענט זיך מיט אונדזער נײַעם שאָכן. — און אַ ביסל שטילער, די איבעריקע זאָלן ניט הערן. — מאַזלטאָוו, איצט זײַנען מיר שוין דאָ אין קאַמער דרײַ ייִדן, פּונקט אַ העלפט.

**5**

דער אויסגעדאַרטער מאַנצבל, וועמ ס׳האָט אָפּגעגעבן זאַלמענען שאָלעם־אַלייכעם, איז ניט געווען אַף קיין סאַך עלטער פונעם געוועזענעם סטודענט עלקינען, בײַ די דרײַסיק אַן ערעך. ס׳איז אָבער גלײַך געווען צו זען, אַז ער איז אַ כאָלעש. דאָס פאַרגעלטע פּאָנעם אײַנגעפאַלן, הויט און ביין, דאָס קאָל אָפּגעשוואַכט, קוים מע הערט. די גרויסע שוואַרצע אויגן איבערפולט מיט לייד, מיט לייד פון אַ מענטשן, וועלכער ווייסט, פאַרוואָס ער קומט אָפּ און איז גרייט פאַר דעם אָפּקומען.

— איר פילט זיך, זע איך, ניט מיט אַלעמען, — האָט זאַלמען זיך אָנגערופן, פאַר־האַלטנדיק אַ פּאָר איבעריקע רעגעס דעם יונגנמאַנס אויסגעשטרעקטע האַנט מיט די טרוי־קענע ביינערדיקע פינגער.

— און ווער, לעמאָשל, פילט זיך דאָ יאָ מיט אַלעמען?

— דאָס פאַרשטייט זיך אַליין. נאָר ניט דאָס האָב איך געמיינט. כ׳האָב עס געפרעגט אַנטקעגן דעם, ווי איז מיטן ביסל געזונט?

— דערווײַל דאַנקען גאָט. איך בין דאָ אָפּגעלעגן בײַ זיי אין שפּיטאָל בײַ די דרײַ וואָכן. ערשט דער אַנדערער טאָג, אַז איך בין פון דאָרט.

אויסגעוואָרט אַ ווײַלע, דער יונגערמאַן זאָל זיך צוזעצן צום טיש, ניט ענטפערן שטייענ־דיק, האָט זאַלמען זיך אומגעקערט צום איבערגעריסענעם געשפּרעך:

— און לאַנג שוין, אַז איר זיצט דאָ?

— אינעם גענעם? דער זיבעטער כוידעש. און וויפל צײַט זענט איר דאָ? לויט אײַך איז ניט צו זען, אַז איר זאָלט שוין פון לאַנג דאָ זיצן.

לויט וואָסערע סימאָנים האָט דער יונגערמאַן דערקענט, אַז ער זיצט ניט לאַנג, איז זאַלמענען ניט געווען נייטיק צו פרעגן. אפּאָנעם, אַז ער דערמאָנט נאָך ניט דערווײַל אין אַ מעס, ווי אים האָבן דערמאָנט מיט זייער אויסזען באַם אַרײַנקומען צום ערשטן מאָל אין קאַמער יענע, וועמען ער האָט דאָרט געהאַט געטראָפן.

— איר זײַט זיך ניט טויע, — האָט זאַלמען אים געענטפערט, — נאָר דרײַ מעסלעס איז אויך גאַנץ גענוג, אַז מע זאָל פאַרגעדענקען דאָס זײַן דאָ אַפן גאַנצן לעבן.

— אַף דערויף איז איבערגענוג אפילע איין מעסלעס. זיי אָבער האַלטן אַנדערש. קוים בין איך אַהער אַרײַנגעפאַלן, איז ווייניקער פון אַ צענערל וועלן זיי מיר ניט אײַנטיילן.

— און מיט אַ פינפערל איבער די הערנער אַ צוגאָב, — האָט אונטערגעזאָגט עלקין.

— יאָ, מיט א פּינפּערל א צוגאָב איבער די הערנער.

פּאַרטײַטשן זאַלמענען דעם באַטײַט דערפֿון, אַז „איבער די הערנער" הייסט אַפּנעמען דאָס רעכט אַף עטלעכע יאָר אויך נאָכן אָפּקומען די שטראָף, איז געווען איבעריק. די, מיט וועמען ער איז געזעסן אין דער פֿאַבריקער קאַמער, האָבן ניט פֿאַרגעסן אים דערציילן אויך וועגן אָט דעם צוגאָב. וויבאַלד ס'איז אַוועק א רייד, וואָס פֿאַר א שטראָף דערוואַרט דער קרענקלעכער יונגערמאַן, האָט זאַלמען אים שוין ניט געפֿרעגט פֿאַר וועלכע זינד, נאָר בלויז וואָס פֿאַר א פּונקטן זײַנען בא אים, באַוויײַזנדיק דערמיט, אַז כאָטש ער איז דאָ ערשט דרײַ מעסלעס, איז קען מען שוין וועגן אים ניט זאָגן, אַז ער איז נאָך א נײַינקער.

— וועלכע פּונקטן קענען האַינטיקע צײַטן זײַן בא ייִדן? אָדער דער צענטער אָדער דער צענטער מיטן עלפֿטן צוזאַמען, ווי בא מיר.

— איך בין רײַכער. און אַף א סאַך. בא מיר איז, כּוץ דער צענטער און דער עלפֿטער, נאָך איין פּונקט. איינס־א.

— שפּיאָנאַזש? פֿאַראַט? — באַם יונגנמאַן האָט זיך פֿאַרהאַקט דער אָטעם. מיט א ציטער אין דער שטים האָט ער געפֿרעגט. — איר זײַט געווען אין געפֿאַנגענשאַפֿט?

— כ'האָב אײַך דען ניט געזאָגט, רעב אַרן, ווער דער ייִד איז? ער איז א שרײַבער, א ייִדישער שרײַבער, געהאַט צו טאָן מיטן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט, מיטן ייִדישן טעאַ־טער, מיט בענמיכאָעלן.

— א ייִדישער שרײַבער? קען מען דאָך אַרײַנכאַפּן מיט אײַך א ייִדיש וואָרט. מאַ שמייכעס, אויב אַזוי?

— זאַלמען. זאַלמען מאַנדעל. געהערט ווען־ניט־איז פֿון אַזא שרײַבער בא ייִדן?

— פֿאַרוואָס קלערט איר, אַז בלויז געהערט. כ'האָב אויך געלייענט אײַערע שירים. — א בליק געטאָן זײַטלדיק אַף די צוויי שפּילער בא דער ברעט מיט די פֿאַנאַנדערגעשטעלטע שאַשקעס, האָט ער, אויסוואַרטנדיק א ווײַלע, שטיל דערנאָך אַרויסגעבראַכט מיט א געמאָרע־ניגון. — נו, וויבאַלד איר זײַט א ייִדישער מעכאַבער, געהאַט צו טאָן, ווי לייזער זאָגט, מיטן ייִדישן קאָמיטעט, איז האָב איך פֿאַר אײַך א גרוס, א לעבעדיקן גרוס פֿון אײַערן א קאָלעגע. איך בין געלעגן דאָ אין שפּיטאָל אין איין פּאַלאַטע מיט א ייִדישן שרײַבער. רעב אײַזיק רופֿט מען אים.

— אײַזיק דאָברין?

— יאָ, רעב אײַזיק דאָברין. ער הינקט אַף א פֿוס. א גרויסער יודייע סייפֿער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז געווען נאָענט באַפֿרײַנדעט מיט בענמיכאָעלן.

— מער ווי נאָענט. און וואָס נאָך האָט ער אײַך דערציילט? אין וואָס, האָט ער אײַך געזאָגט, באַשולדיקט מען אים?

— ניט דאָרט איז דאָס אָרט צו פֿירן אַזעלכע רייד. אפֿילע די ווענט הערן דאָרט אונ־טער. אינמיטן דער נאַכט פֿלעג רעב אײַזיק נעמען מיטאַמאָל שרײַען פֿון שלאָף: „שלאָגט מיך ניט. איך בין אין גאָרנישט ניט שולדיק. שלאָגט מיך ניט". דער סאַניטאַר פֿלעגט גלײַך קומען צו לויפֿן און מיט רעציכעס פֿאַרשטאָפּן אים מיט א קליאַפּע דאָס מויל.

— ווײ, ווײ, ווײ, — זאַלמען איז זיך קוים בײַגעקומען, אַז ער זאָל זיך ניט צעשרײַען אַף א קאָל, — וויאַזוי האָט זיך געקאָנט אופֿהייבן בא זיי די האַנט אַף אַזא, ווי אײַזיק, שלאָגן אַזא שטילן איידעלן מענטשן? ער האָט דאָך אַף זײַן לעבן קיין פֿליג ניט אָנגערירט אַף דער וואַנט. זײַן גוטסקײַט, זײַן ליבע צו מענטשן האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ. וויאַזוי האָט זיך געקאָנט אופֿהייבן בא זיי די האַנט אַף אַזא מענטשן, דערבײַ נאָך אַף א קראַנקן? וויאַזוי האָט עס גאָט געקאָנט צוזען און שווײַגן?

— אים, רעב זאַלמען, פֿרעגט מען קיין קאַשעס ניט, — האָט אַרן אָפּגעשטעלט זאַל־מענען, ראַטעווענדיק אים דערמיט פֿון א זינד, וועלכע ער וואָלט געוויס באַגאַנגען אינעם אויסטײַנען זיך מיטן ריבוינעשעלוילעם. ווידער א בליק געטאָן פֿון דער זײַט אַף דער ברעט מיט די שאַשקעס, אָבער באַלד זיך אָפּגעקערט, ס'זאָל אים ניט אַרײַנפֿירן אין א ניסאָיען מיטן אונטערזאָגן דעם אַנטקעגנזיצנדיקן יונגנמאַן אַן אויסגעשפּילטן גאַנג, האָט אַרן מיטן זעלבן געמאָרע־ניגן פֿאַרגעזעצט זיך דורכרײדן מיט זײַן נײַעם טוישעוו פֿון קאַמער. —

עפשער קענט איר מיר זאָגן, מיט וואָס האָט זיך פאר זיי אזוי פארזינדיקט שלוימע בענמיכאעל, זיכרוינוי ליוורּאָכאָ? מײַן אויספאָרשער האָט מיר עטלעכע מאָל געפרעגט וועגן אים. נאָר וואָס האָב איך געהאט צו ענטפערן דערויף, אויב כ'האָב בענמיכאָעלן בעסאכאקל געזען בלויז איין־און־איינציק מאָל, בעשאס איך האָב מיט אים געשפילט אין דער קארטינע „ייִדישע גליקן". איר האָט אַט דעם פילם, דארף מען קלערן, געוויס געזען, נאָר ווי וואָלט איר מיך געקאָנט דערקענען, אויב כ'האָב אליין זיך ניט דערקענט.

דער מענטש שפאסט, פארשטייט זיך, ווײַל קענטיק דערמיט זיך אָפקויפן פארן אָנטאָן אים הארצווייטיק מיטן דערציילן וועגן אײַזיקן. זאלמען האָט עס אָבער פאר ארענען ניט ארויסבאוויזן, געפרעגט אים דערפון, ווי ער זאָל עס אופנעמען ערנסט:

— ועמען האָט איר דאָרטן געשפּילט?

— וועמען? נו וועמען האָב איך געקאָנט שפּילן, אויב כ'בין דעמלט אלט געווען א יאָר נײַן־צען? — ארן האָט צוגעמאכט די אויגן, ווי ער זאָל אינעם פינקלענדיקן כאשכעס הינטער די אראָפּגעלאָזטע אויגנלעפּלעך האָפן דערזען יענעם שטילן זומערדיקן טאָג מיט פיל יאָרן צוריק אין זײַן היימשטאָט באם דניעפער, אין דער שענסטער און בעסטער שטאָט אף דער וועלט. — אף דער כערסאָנסקער גאס, ווו אונדזער ייִדישע שול איז געווען, האָט איינער א מעסוקן הויכער יונגערמאן צוניפגעקליבן א קיטע ייִנגלעך און געהייסן אונדז נאָכלויפן דעם ייִדל אינעם ארופגערוקטן קאפעליוש אפן קאָפ און מיטן שפיציקן בערדל. דעם דאָזיקן זעלבן ייִדל האָב איך נאָכדעם געזען אף דער יעקאטערינינסקע בעשאס ער האָט סאָרטירט די קאלעס. דערפון, אז דער ייִד אין דער ענגער קורצער קאפאָטע און צעקנייטשטן קאפעליוש איז דער באוווסטער ארטיסט בענמיכאָעל, האָב איך זיך דערוווּסט, ווען דער קאמער־טעאטער איז שוין אָפגעפאָרן פון אונדז צוריק קיין מאָסקווע.

— זײַט איר, קומט אויס, הייסט עס, א קרעמענטשוגער?

— א קרעמענטשוגער. איר זײַט צופעליק ווען־ניט־איז געווען אין אונדזערע מעקוימעס?

— געווען, און טאקע אין די זעלבע טעג, וועגן וועלכע איר דערציילט.

פאר זאלמענען איז קרעמענטשוג ניט געווען די שענסטע און בעסטע שטאָט אף דער וועלט, אז זי זאָל זיך אים אויך אזוי פארגעדענקען, ווי ארענען. פאר זאלמענען איז קרעמענטשוג געווען א געוויינלעכע קרײַז־שטאָט, ניט קיין איבעריקס גרויסע און ניט קיין איבעריקס גרינגע. נאָר ווי סע געדענקט זיך, איז זי געווען א מער ייִדישע פון די אלע אנדערע שטעט, ווו אים איז אין יענער צײַט אויסגעקומען זײַן. אין ערגעץ זײַנען ניט געווען, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, אזויפיל ייִדישע שולן, קלובן, רויטע ווינקלען, און אזויפיל באָטעמעדראָשים מיט קלײַזלעך, ווי דאָרט. אף דער גאס האָט מען געהערט ריידן דעריקער ייִדיש, געמאכט דערמיט דעם אײַנדרוק, אז קרעמענטשוג איז אינגאנצן א ייִדישע שטאָט, אז דאָרט ווינען דורכויס בלויז ייִדן.

מעגלעך, אז דערפאר, און עפשער ניט אינגאנצן דערפאר, איז געקומען אהין פון מאָסקווע דער ייִדישער קאמער־טעאטער, בייס א סאך גרויסע, אפילע גאָר גרויסע שטעט האָבן ניט געקאָנט אים אײַנבעטן קומען צו זיי, כאָטש אף א צוויי־דרײַ פאָרשטעלונגען. ווײַזט אויס, אז פאר עקראניזירן דעם פילם „ייִדישע גליקן" איז קרעמענטשוג געווען די סאמע פאסיקסטע שטאָט, ביפראט, אז דאָרט האָבן צו יענער צײַט זיך נאָך געהאט פארהײַש אף עטלעכע גאסן די רעלסן פונעם מיט יאָרן צוריק פארשווונדענעם טראמוויַ. פארן פילם, לויטן פארטראכט פונעם רעזשיסער, איז עס געווען באזונדערס נייטיק. און גופע דאָס, וואָס מע וועט קענען פארברענגען א פּאָר זומערדיקע וואָכן באם לויטערן דניעפער, האָט קענטיק אויך געלייגט זיך אף דער וואָגשאָל באם אָפּגעבן די בכוירע גראדע קרעמענטשוג.

לאנג אײַנבעטן זאלמענען מיטפאָרן מיטן קאמער־טעאטער אף די פּאָר וואָכן אין דער שטאָט, פונוואנען ס'האָט געשטאמט דער בארימטער ייִדישער דראמאטורג יאנקעוו גאָרדין, דער פארפאסער פון „מירעלע עפראָס", „כאסיע די יעסוימע", „פון יענער זײַט אָקעאן" און פון פיל אנדערע ווערק, וועלכע מע האָט געשטעלט ניט בלויז אף דער ייִדישער בינע, איז בענמיכאָעלן ניט אויסגעקומען. זאלמען האָט צו יענער צײַט פארטראכט א דראמע אין

פערזון, ווי די הויפּט־ראָל האָט געזאָלט שפּילן בענמיכאָעל, און דאָס האָט זיי ביידן באַפרײַנדעט.

צוקוקנדיק זיך דאָ אצינדער צו דעם אויסגעדארטן־אויסגעקווארטן ארעמען, האָט זאלמען ווי געפּרווּט זוכן אין אים ענלעכקײַט מיטן ייִנגעלע, וועמען ער האָט אין איינעם פון יענע טעג אין א לויטערן זוניקן אינדערפרי דערזען זיצן מיט מענאכעם־מענדלען אפן זאמדיקן ברעג פונעם דניעפּער, ביידע האלבנאקעטע, אין איינע טרוסן. בענמיכאָעל מיטן צוגעקלעפּטן שפּיציקן בערדל איז געווען אזוי ארײַנגעטאָן אינעם שמועס מיטן ייִנגעלע, אז ער האָט ניט גלײַך באמערקט דעם צוגעגאנגענעם זאלמענען. וועגן וואָס האָט בענמיכאָעל געשמועסט מיטן ייִנגעלע, דאָס געדענקט ער שוין ניט. ער געדענקט אָבער, אז גערעדט האָבן זיי צווישן זיך אף רוסיש און דערמאָנט אים דערמיט דעמלט אין א צווייט ייִנגעלע, וואָס האָט געשטאמט פון א שטאָט, נאָר א שטיקל צײַט זיך געלערנט בא זיי אין שטעטל אין כיידער. דאָס ייִנגעלע האָט זיך אונטערשיידט פון אלע איבעריקע כיידער־ייִנגעלעך מיט זײַן פּאַרטײַטשן דעם כומעש אף רוסיש. דער כומעש האָט דערפון ווי אופגעהערט ווערן א הייליקער סייפער, וואָס פארן צומאכן גיט מען אים א קוש. מענאכעם־מענדלס זיך דורכריידן אין דער ייִדישער שטאָט קרעמענטשוג ניט אף ייִדיש האָט דעמלט אויסגעזען זאלמענען מאָדנע פרעמד, כאָטש יעדעס וואָרט איז געווען ארויסגעבראכט מיט דער עכט־רוסישער אויסשפּראַך, ווי בא די שוישפּילער אינעם מאָסקווער אקאדעמישן קליינעם טעאטער.

בייסן עקראניזירן דאָס בילד, ווי די קיטע ייִנגעלעך יאָגן זיך נאָך מענאכעם־מענדלען, איז ער, זאלמען, ניט בײַגעווען. דערפאר איז ער אָבער בײַגעווען בייסן עקראניזירן דאָס בילד ווי מענאכעם־מענדל סאָרטירט די קאלעס און וויִאזוי מע האָט זיי לויט זײַן פּסאק־דין ארײַנגעטראָגן אף די הענט אין די רויטע פראכט־וואגאָנען מיט די צוגעקלאפּטע אופשריפטן, וואָס פאר א סכוירע מע פירט.

דער לאָקאָמאָטיוו מיט די צוגעטשעפּעטע פראכט־וואגאָנען איז געשטאנען אין רעכטן צענטער שטאָט, אף דער יעקאטערינינסקע, אנטקעגן דער געבײַדע, ווו ס'האָט געשפּילט דער טעאטער. בא די וואגאָנען זײַנען זיך צונויפגעלאָפן די קינדער אוואדע פון דער גאנצער שטאָט. מער ווי אומעטום זײַנען זיי פול געווען באם וואגאָן, ווו מענאכעם־מענדל האָט סאָרטירט אף רעכטס און אף לינקס די קאלעס לויטן פארנעם, לויטן עלטער, קאָליר פון די האָר. דאָס קינדערשע געפּיל און געלעכטער האָבן אָנגעשטעקט בענמיכאָעלן און צײַטנווײַז אים אויך פארוואנדלט אין א פארשײַט ייִנגל. „וואָווסי!" — פלעגט פון מאָל צו מאָל זיך דערהערן פון טראָטואר דאָס שטרענגע קאָל פונעם רעזשיסער, פון אלעקסאנדער גראַנאָווסקי, וועלכער האָט זיך אויסגעטיילט צווישן די פארזאמלטע מיט זײַן הויכן וווּקס און נאקעט געגאָלטן קאָפּ. — „וואָווסי!" און דאָס פארשײַטע שטיפעריש ייִנגל בענמיכאָעל האָט אינעם זעלבן אויגנבליק זיך צוריק איבערגעשטאלטיקט אין מענאכעם־מענדלען: סאָרטירט אף רעכטס און אף לינקס די קאלעס לויטן וווּקס, פארנעם, עלטער, קאָליר.

— זײַט איר, הייסט עס, פון קרעמענטשוג, — האָט זאלמען, אומקערנדיק זיך אין די מאכשאָווס פון יענעם זוניק־לופטיקן טאָג צוריק אהער אין דער פארשפּאַרטער קאמער מיטן פארגראטעוועטן פענצטער און איפּעשדיקן געשטאנק פון דער פּאראשע, א זאָג געטאָן. — נאָר דערפאר, ווײַל איר זײַט א קרעמענטשוגער און קינדווײַז געשפּילט אין די „ייִדישע גליקן", האָט מען אײַך מיסטאמע ניט ארײַנגעזעצט. צי עפּשער...

— דערווײַל, דאנקען גאָט, זעצט מען נאָך ניט דערפאר. מיך האָט מען גענומען פאר דעם אָפּיִום.

דערהערנדיק עס, זײַנען ארן מיט לייזערן שיר גיט אופגעשפּרונגען פון די ערטער.

— איר שפּאסט?

— איך זאָג עס אײַך אָן קיין שום שפּאס. פאר אָפּיִום, — האָט ארן איבערגעכאַזערט. — איך בין געווען א ראָש־יעשיווע.

— איר? — זאלמענס פארכידעשטקײַט האָט געקאָנט באטײַטן, ווי איז דאָס מעגלעך, אז אין אזא פריִען עלטער זאָל מען שוין זײַן א ראָש־יעשיווע? און אזוי האָט עס טאקע

אופגענומען לייזער עלקין, ווען זאלמען האָט אים פאַרטײַטשט, אַז אַ ראָש־יעשיווע באַטײַט, אייגנטלעך, דאָס זעלבע, וואָס אַ דאָצענט, אויב ניט העכער.

— איר? — האָט זאלמען נאָך מער פאַרכידעשט איבערגעפרעגט, אָבער שוין גאָר איבער עפּעס אנדערש. — קעדיי זײַן אַ ראָש־יעשיווע, דאַרף מען לעכאָלהאָפּאָכעס דאָך האָבן כאָטש אַ שטיקל יעשיווע.

ארן האָט טיף אָפּגעזיפצט:

— געווען בײַ אונדז אַ יעשיווע, און ניט קיין שטיקל, ווי איר זאָגט, נאָר אַ גאַנץ היפּשע. עלף באָכערימלעך האָבן זיך דאָרט געלערנט. די יעשיווע איז געווען בײַ מיר אָפּן בוידעם־שטיבל. כ׳האָב געוווינט אין עק שטאָט, אין אַ שטיל פּאַרוקט געסל. געקנעלט האָב איך מיט זיי אין די אָוונטן נאָך דער אַרבעט אויף גוראַלניקס געוועזענער טאַבאַק־פאַבריק. איך בין שוין דורכגעגאַנגען מיט מײַנע טאַלמידים באָווע באַסרע. כ׳האָב זיך אָבער סאָף־קאָלסאָף אָרײַנגעפּאַקט. עמעצער האָט אַפּאָנעם אַרויסגעגעבן, ס׳קאָן אַפילע זײַן, אַז פון אונדזערע אַכיינו.

— שיִע רוויזען.

— ווער?

— ניין, ניין. דאָס האָב איך גלאַט אַזוי אַ זאָג געטאָן. כ׳בין דאָך ניט קיין קרעמענטשוגער. איז צוליב דעם, וואָס איר האָט געקנעלט מיט די יינגלעך געמאָרע האָט מען אײַך געדאַרפט אַראָפּברענגען אַהער? בײַ אײַך דאָרט איז ניטאָ שוין קיין עמגעבע? מיט קיין טורמעס? און וועלכע פּונקטן פון דער אַכט־און־פופציקסטער טויכעכע האָט איר אויף זיך?

— דעם צענטן און דעם עלפטן פאַר פאַרשפּרייטן אָפּיִום. רעליגיע, ווי ס׳האָט געזאָגט דער געטויפטער ראָווס אייניקל קאַרל מאַרקס, איז אָפּיִום פאַרן פאָלק. דאָס אַלץ איז נאָך פאַר מיר וויניק. זיי קענען ניט דערלאָזן, אַז כ׳זאָל ניט געווען קריגן קיין שטיצע פאַר דער יעשיווע פונעם „דזשאָינט״, און דער בורזשואַזער שפּיאָנישער „דזשאָינט״ וועט סטאַם אָפּן ווינט קיין געלט דאָך ניט וואַרפן. מאַסטערט מען מיך, איך זאָל זיך מודע זײַן. דערווײַל האַלט איך זיך נאָך, שרײַב ניט אונטער די געפעלשטע פּראָטאָקאָלן פון אַלעף ביז טאָף. מיך ערגערט, וואָס איך ווייס ניט דעם גורל פון מײַנע טאַלמידים. צי האָט מען זיי, כאָלילע, אויך ניט אײַנגעזעצט. ווי קלערט איר, מע האָט זיי אויך צוגענומען?

אויף אַלץ האָט זאלמען זיך געקאָנט ריכטן. נאָר אַז ער זאָל דאָ אָנטרעפן אַ ראָש־יעשיווע און דערהערן פון אים, אַז עס זײַנען נאָך פאַראַן יעשיוועס און יונגע באָכערימלעך לערנען בישטיקע אין אַ בוידעם־שטיבל געמאָרע, דאָס האָט ער לאַכלוטן ניט דערוואַרט. אוי, ווי דערפרייט וואָלט עס פינכעס מאַשבערגן, מאַרק פאַלאָנערן, ייִצכאָק ניסנבוימען... זיי וואָלטן אויך, אָט ווי ער איצטער דאָ, אײַנגעזעצן אין דעם די גחורע פון דער ייִדישער נעשאָמע, דעם העמשעך פונעם ייִדישן גײַסט... וואָס שײַעך דער טוירע מיט אירע געבאָטן, אַז דאָס איז, לויט מאַרקסן, אָפּיִום פאַרן פאָלק, איז וואָלט ער געראָטן רעב אַרענען איבערלייענען, וואָס האָט געזאָגט דער געשמאַדטער דײַטשישער ייִד היינע וועגן אָפּטרינניקע פונעם אייגענעם פאָלק, וועגן געטויפטע.

אָנשטאָט דעם, ער זאָל עס אַרענען אַלץ אַרויסזאָגן, האָט זאלמען מיט אַ ציטערדיק האַרץ אים געפרעגט:

— מע האָט אײַך געשלאָגן?

— האַ? ניין. וואָס ניין, איז ניין.

ארן האָט אים אַזוי געענטפערט, קעדיי באַרויִקן, צי מע איז זיך דאָ מיט אים ווירקלעך באַרעמהאַרציק באַגאַנגען? בײַ אים, זאלמענען, ווײַזט אויס, איז אויך אַ מענטשלעכער אויספאַרשער.

— אַראָן מאָיסייעוויטש, — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די צוויי שפּילער אין שאַשקעס, — איר האָט ניט קיין פאַרלאַנג אַרײַנכאַפּן מיט מיר אַ פּאַרטיע?

— מאַכעטייסע. — איבערזעצנדיק זיך באַם טיש אָפּן באַפרײַטן אָרט אַנטקעגן פענצטער, האָט ארן אַ זאָג געטאָן לייזערן: — איך האָב געהערט, ווי איר רעדט זיך דורך מיט שאַרלען אויף פראַנצויזיש. איז זאָגט אים אונטער, אַז ער זאָל בעטן באַם אופזועער אַ גאַנג

שאכמאטן. וויבאלד מע גיט דעם פראנצויז ביכער צום לייענען, וועט מען אים ניט אָפּזאָגן געבן אויך שאכמאטן.

דער לאנגער זומער־טאָג האָט געהאלטן שוין באַם פארגיין, באַם דערשלעפּן זיך צו זײַן נאכטלעגער. יעדער איינער פאר זיך האָט אים אונטערגעשטופּט ווי ער האָט געקענט. באַם פראנצויזישן פאָלקאָווניק איז דער טאָג אוועק אין לייענען, אין אײַנכאזורן נײַע רוסישע ווערטער. בא דעם אראָפּגעבראכטן אהער פון טײַשעטער לאגער לייזערן אין דערמאָנען זיך די ווײַטערדיקע סטראָפע אין דער ליד „פארא גניעדיך", וועלכע האָט זיך צו אים צוגעטשעפּעט און טרעט ניט אָפּ, מישט זיך אפילו אַרײַן דעמלט, ווען ער כאזורט דאָס ביסל פראנצויזיש, וואָס שארל האָט פארן טאָג מיט אים געלערנט. די צוויי יונגעלײַט, בא וועמען די אויספאָרשונג האָט זיך אייגנטלעך שוין פארענדיקט און וועמען עס דערוואַרט, ווי זיי האָפן, ניט מער ווי צען־פופצן יאָר לאגער, שטופּן דורך דעם טאָג בא דער שאשקע־ברעט. רעב אַרן האָט די גאנצע צײַט שטיל געמורמלט עפּעס פאר זיך, געלערנט אוודאי א בלאט געמאָרע אף אויסווייניק. און בא אים, זאלמענען, איז דער טאָג אוועק אין דורכריידן זיך גערדאנקלעך מיט עלישען, צומאָל אפילו אף א קאָל, נאָר קיינער האָט עס ווי ניט באמערקט, מע איז, קענטיק, צו אזעלכס אויך שוין דאָ געוווינט. זאלמען האָט געוווּסט, אָבער ניט אף אזויפיל, ווי שטארק ער האָט זי ליב, ניט פאָרגעשטעלט זיך, ווי גרויס זײַן בענקשאפט איז צו איר. מיט געוויינלעכע ווערטער איז עס ניט ארויסצוברענגען, האָט ער עס איר ארויסגעזאָגט מיט לידער, איר איבערגעלייענט אלע זײַנע ליבע־לידער, די פארגעדענקטע אף אויסווייניק.

מיטן אָנקום פון דער נאכט זײַנען אלע געווען פארנומען בלויז מיט איינס — וויאַזוי וועט זי פאר יעדן איינעם פון זיי דורכגיין, וואָס דערוואַרט איטלעכן באַם אויספאָרשער. בלויז איין זאלמען האָט זיך דערוף ניט פאַרקלערט. דער אויספאָרשער האָט אים געגעבן א מעסלעס אף צו באטראכטן זיך. דער מעסלעס ענדיקט זיך ערשט מאָרגן אינדערפרי. צום פּאַרהער דארף ער זיך ניט צוגרייטן. מער ווי ער האָט געזאָגט מארטין קאָנסטאנטינאָוויטשן דעמלט אין האָטעל האָט ער דעם אויספאָרשער ניט צו זאָגן. אזוי צי אנדערש, נאָר אויסשלאָפן זיך הײַנט פאר די דרײַ אופגעוואונענע נעכט וועט ער כאָטש קענען! און וואָס קאָן זײַן טײַערער פון שלאָף! צוליב די צוואנציק מינוט זיך דורכשפּאצירן אינעם שטײַגל אפן דאך וועט ער הײַנט אפילו קיין מינוט פונעם שלאָף ניט מאקריוו זײַן. ער האָט פארן לייגן זיך שלאָפן געבעטן ארענען, אז מע זאָל אים ניט וועקן, ער וועט ניט גיין הײַנט שפּאצירן.

ווייניקער ווי אין א מינוט ארום ווי דער אופזעער איבער די קאמערן אין קאָרידאָר האָט אָפּגעגעבן דעם באפעל „מאכן נאכט", איז זאלמען שוין געלעגן, באַצײַטנס צוגעגרייט פאר דעם דאָס נייטיקסטע: דאָס קווערטל אפן טיש אוועקגעשטעלט מיטן הענטל צום אייגל אין דער טיר, די הענט אויבנוף אף דער קאָלדרע. זיי זאָלן אין שלאָף זיך ניט אראָפּגליטשן, האָט ער שטײַף צונויפגעפלאָכטן די פינגער. די אויגן פארדעקט מיטן שיטערלעך וואפלנעם האנטעך.

אין דער ערשטער מינוט האָט זאלמען ניט גאָר באגריפן, צי ער האָט אליין זיך אופגעכאפּט, צי מע האָט אים אופגעוועקט. ער האָט דאָך אָבער געבעטן, מע זאָל אים ניט וועקן, געזאָגט ארענען, אז ער וועט ניט גיין הײַנט שפּאצירן. נאָר קיינער, זעט ער, טוט זיך ניט אָן, אלע ליגן אף זייערע ערטער, בלויז שוין אָן די האנטעכער אף די אויגן. דעם אופזעערס קאָפּ שטעקט אין דער אָפענער קאָרמושקע. דאָס רופט ער עמעצן אפן פארהער. צו אים, זאלמענען, האָט עס אלנפאלס קיין שײַכעס ניט. דער אויספאָרשער האָט אים געגעבן א מעסלעס צו באטראכטן זיך. דער מעסלעס האָט זיך נאָך ניט פארענדיקט.

— אף א „מעם"!

אפאָנעם, אז בא אים איינעם הייבט זיך אָן די פאמיליע מיט א „מעם", וויבאלד קיינער רופט זיך ניט אָפּ. אין דער פריערדיקער קאמער האָט נאָך בא איינעם זיך אָנגעהויבן די פאמיליע, ווי בא אים.

— אף א „מעם"! — דער אופזעער האָט טיפער ארײַנגערוקט דעם קאָפּ אין דער קאָרמושקע.

— מאנדעל, — האָט זאַלמען, ניט רירנדיק זיך נאָך אַלץ פון אָרט, פאַרשלעפּערט זיך אָפּגערופן.

— סליעכקאַ. — און דאָס טויערל אין דער טיר האָט זיך פאַרמאַכט.

זאַלמען האָט מיטאָמאָל דערפילט אַ שרעקלעך שניַידנדיקן ווייטיק אין בויך. דער ווייטיק האָט זיך אופגעהויבן העכער, דערקליבן זיך צום האַרצן, צום האַלדז, שניַידט ווי מיט אַ מעסער. זאַלמען האָט צונויפגעפּרעסט די ליפּן, פאַרטריבן דעם פייַנלעכן געשריי טיף אין זיך און גענומען צוביסלעכוויַיז זיך אָנטאָן.

דערזעענדיק זאַלמענען שטיין שוין בא דער טיר, האָט דער פּראַנצויז אים איבערגע־כאַוזערט דעם אופזעערס קאָמאַנדע, נאָר אַ סאַך ווייכער און זינגעוודיק, אַנוויַיזנדיק מיט דער האַנט אָף דער פאַראַשע אין ווינקל, דערמאָנט אים דערמיט דעם באַטיַיט פון „סליעכקאַ".

— האַלט זיך, רעב זאַלמען, — האָט שטיל אַ שעפּטשע געטאָן צו אים אָרן, — איך וועל זאָגן פאַר איַיך טילים.

איידער נאָך די טיר האָט זיך געעפנט, איז זאַלמען שוין געשטאַנען פאַר איר די הענט פאַרלייגט אָף הינטער.

## 6

דער קאַנוואָירער, וואָס האָט געגעבן אַ קער אויס זאַלמענען, ווי נאָר ער איז אַרויס פון קאַמער, מיטן פּאָנעם צו דער האַנט און אין דער אַנוועזנהיַיט פונעם קאָרידאָר־אופזעער אונטערזוכט פון קאָפּ ביז די פיס, איז, דאַכט זיך, דער זעלבער, ווער ס'האָט אים מיט אַ טאָג פריִער באַגלייט צום אויספאַרשער, און עפּשער איז עס ניט דער. זיי זיַינען דאָ אַלע אָף אַזויפיל ענלעך איינער אפן צווייטן, אַז ס'איז ניט אונטערצושיידן. כאָטש ניין, — האָט זאַלמען אין דער אייגענער רעגע אַ קלער געטאָן, — דער נעכטיקער קאַנוואָירער האָט אים ניט פאַרבראָכן די הענט אָף הינטן שיר ניט ביז די לאָפּעטקעס און ניט געהאַלטן אין איין אונטערטריַיבן, ווי ס'איז זיך מיט אים באַגאַנגען זיַין ערשטער קאַנוואָירער, דאָס נאָך גאָר יונג באָכערל. זאַלמען איז אַ באַלד געוועזן פרעגן יענעם באָכערל: מע האָט אים באַפוילן זיך אַזוי אופירן מיט די, וועמען ער באַגלייט פון די קאַמערן, צי דאָס קומט פונעם אייגענעם ווילן, פונעם פאַרלאַנג זיך אָנטאָן פאַרגעניגן מיט זיַין קאָנען געוועלטיקן איבער אַ צווייטן, זאָל זיַין בלויז אָף דער ציַיט, וואָס דויערט דער וועג פון דער קאַמער ביז צו דער טיר פונעם אויספאָרשער, פון קאָנען אַרויסוויַיזן פאַר די מער באַיאָרטע קאַנוואָירן, אַז ער שטייט פון זיי ניט אָפּ, איז אַפילע זיי איבערגעשטיגן אין דעם. דער, ווער סע באַגלייט אים דאָ איצט, איז היפּש עלטער פון יענעם באָכערל, ער דאַרף זיַין קענטשאַפט אין באַגיין זיך מיט די, וועמען ער קאָנוואָירט, שוין פאַר קיינעם ניט אַרויסוויַיזן, זיך דערמיט פאַר קיינעם ניט אויספּיַינען.

ווי ווילד און נאַריש עס איז פאַרטראַכטן זיך דערפון. ס'איז אָבער ניט זיַין שולד, דאָס איז געקומען ווי פון זיך אַליין, אָן זיַין מינדסטן ווילן דערצו. נו, וויאַזוי האָט ער גאָר גע־קאָנט אין די מינוטן, ווען ער הערט נאָך אַלץ אין זיך איַיזיק דאָבערינס געשריי: „שלאָגט מיך ניט, איך בין ניט שולדיק, אין גאָרנישט ניט שולדיק", זיך פאַרטראַכטן וועגן די שלע־גער, אויסגעפינען צווישן זיי דעם צאַדיק, אין זכות פון וועמען ער וועט קאָנען מויכל זיַין אַנדערע, אַזעלכע ווי דער יונגער קאַנוואָירער. דאָס, וואָס ער האָט פאָרט זיך פאַרקלערט דערפון, איז פּאַשעט אַ באַוויַיז, אַז דער שריַיבער איז אין אים נאָך ניט אינגאַנצן געטייט, לעבט נאָך דערוויַיל.

דער שריַיבער אין זאַלמענען גייט אויך דאָ אומבאַמערקט גאָרניט פאַרביַי, אַלץ זעט ער, אין אַלץ פּרווט ער זיך דערקליַיבן צום שוירעש. וואָס, אַשטייגער, וואָלט געענטפערט דער היַינטיקער באַגלייטער זיַינער, ווען ער פרעגט אים, ווי קומט ער אַהער, דורך גע־צוואַנג, צי ווי־ל די אַרבעט איז דאָ אַ לייַכטע און דאָס געהאַלט, ווי מע דאַרף זיך אָנשטויסן,

איז א הויכע? פֿאַרװאָס װאָלט ער אים שױן אױך געפֿרעגט, װאָס טראַכט ער װעגן די, װעמען ער באַגלייט צום אויספֿאַרשער און פֿונעם אויספֿאַרשער צוריק אין קאַמער? ער גלייבט װירקלעך טאַקע אין דעם, אַז ער, זאַלמען, װעמען ער פֿירט איצט, איז זײַנער א סוינע?

דער שרײַבער זאַלמען מאַנדעל װיל עס אַלץ באַגרײַפֿן ניט מאַכמעס אים קאָן מעגלעך אויסקומען דערציילן דערפֿון זײַנע לייענער. אין דעם, אַז אים קאָן נאָך װען־ניט־איז אויס־קומען זיצן באַם שרײַבטיש, גלייבט ער לאַכלוטן שױן ניט. ער װיל אָבער, קאַלזמאַן ער לעבט נאָך, פֿאָרט דערגיין, באַנעמען, װאָס איז אַזעלכס דער מענטש, װאָס ברענגט דעם מענטשן דערצו, אַז ס'זאָל פֿאַרשװינדן אין אים דער צעלעם־עלאָקים און ס'זאָל נעמען גע־װעלטיקן אין אים א כײַע? װער האָט מער די איבערהאַנט אינעם מענטשן, די געטלעכקײַט איבער דער כײַע, צי די כײַע איבער דער געטלעכקײַט?

„שלאָגט מיך ניט, איך בין ניט שולדיק... שלאָגט מיך ניט, איך בין ניט שולדיק..."

אײַזיק דאַבערינס פּײַנלעכער געשריי, װעלכן זאַלמען הערט די גאַנצע צײַט אין זיך, טרעט פֿון אים ניט אָפּ, האָט זיך אויסגעמישט מיט די שױן באַקאַנטע מעשונע װילדע קלאַנ־גען, װאָס גייען װי פֿון אונטער דער ערד, גלײַך שיידים און מעכאַשייפֿעס װאָלטן דאָרט פֿראַװען א מאַלצײַט: דאָס נאַכמאַכן פֿון די אופֿזעער, װי סע קװאַקען זשאַבעס, קאַרקען קראָען, קלאַפּן פּיקהאָלצן, פּײַפֿן און גרילצן קאַלערליי פֿייגל יאָגן אָן א פּאַכעד, פֿרירן דאָס בלוט אין לײַב. זאַלמען װאָלט זיך שױן איצט געקאָנט פֿרײַ באַגיין אָן באַגלייטער. ער װייסט אליין שױן, װען און װו דאַרף ער זיך אויסדרייען מיטן פּאָנעם צו דער װאַנט, אַרײַנ־לויפֿן אין באַקס, מיט װעלכע עס זײַנען פֿול די קאָרידאָרן אפֿן װעג פֿון די טורמע־קאַמערן ביז די טירן פֿון די אויספֿאַרשער.

דאָס ערגסטע, װאָס זאַלמען האָט דערװאַרט, אַז מע האָט אים געביטן דעם אויספֿאָר־שער, אין װעמען ער האָט בא דער ערשטער און צװייטער באַגעגעניש דאָך דערפֿילט עפּעס נאָך פֿון מענטשלעכקײַט, איז ניט געשען. אַרײַנקומענדיק אין קאַבינעט, די הענט פֿאַרלייגט נאָך אַלץ אף הינטן, האָט זאַלמען דערזען זיצן באַם טיש לעבן פֿאַרהאַנגענעם פֿענצטער דעם פּאָדפּאָלקאָװניק יעװדאָקימאָװן.

— א גוט־העלף.

— א גוט־העלף, — האָט, ניט אַרויסנעמענדיק פֿון מויל דעם בורשטינענעם מונדשטוק מיטן טליִענדיקן סיגאַרעט, זיך אָפּגערופֿן אף זאַלמענס באַגריסונג דער פּאָדפּאָלקאָװניק און אָנגעװיזן מיט דער האַנט אפֿן בענקל און טישל בא דער טיר. זאַלמען האָט אף א רעגע פֿאַרגעסן, אַז זיי זײַנען צוגעשמידט צום דיל, און געװאָלט עטװאָס אָפּרוקן זיך מיטן בענקל פֿונעם טישל. יעװדאָקימאָװ האָט עס באַמערקט. אים האָט אַרויסגעגעבן דער שמייכל, װאָס האָט אָנגערירט זײַנע נאַקעטע ליפּן, נאָר טײַקעף פֿאַרשװוּנדן. זאַלמענען גלייבט זיך אָבער ניט, אַז יעװדאָקימאָװן זאָל אין דעם געװען אײַנזען פֿאַר זיך א שפּיל, א פֿאַרװײַלונג. פֿאַרן אויספֿאַרשער איז דאָך עס זיכער ניט קיין נײַס, אַז זאַלמענס אנטוישונג באַם פּרוּװן א רוק טאָן דאָס בענקל זאָל אים פֿאַרװײַלן.

סאָפּקאָלסאָף איז פֿאַר מאַנדעלן ניט אַזוי װיכטיק, אַז ער זאָל זיך װעגן דעם איבעריקס פֿאַרטראַכטן. ער האָט פֿיל װיכטיקערס, איבער װאָס זיך פֿאַרקלערן. װען ער קען כאָטש אף איין װײַלע װערן א װאָלף מעסינג, װעלכער איז, װי מע האָט דערציילט, פֿראַנק און פֿרײַ, אָן א דורכלאָז־שײַן אַרײַן אין אַט דעם שטרענג באַװאַכטן מויער און פּונקט אַזוי פֿראַנק און פֿרײַ זיך אַרײַנגעשטעלט אין קאַבינעט צום סאַמע, סאַמע...

אַזוי הויך װאָלט ער, זאַלמען, זיך ניט פֿאַרמאָסטן. ער װאָלט זיך באַנוגנט אפֿילע בלויז דערמיט, װאָס יעװדאָקימאָװ האָט אים צו אנטפּלעקן. צום אַלעם ערשטן װאָלט ער געפֿרעגט דעם פּאָדפּאָלקאָװניק, מיט װעמען פֿון די יִדישע שרײַבער איז אים דאָ אויסגע־קומען האָבן צו טאָן, װער פֿון זיי איז געזעסן בא אָט דעם טישל, נאָסן לעװיטין איז אויך דאָ געזעסן? װיאַזוי האָט ער זיך געהאַלטן? װער נאָך, אויסער נאָסענען, איז דאָ געזעסן באַם טישל און װיאַזוי האָט מען זיך געהאַלטן, האָט זאַלמען ניט באַװיזן שױן זיך פֿאַרקלערן. עס האָט אים פֿונסנײַ אַרומגעכאַפּט דער װייטיק אין בויך, שנײַדט װי מיט א מעסער. זאַל־מען האָט זיך אופֿגעשטעלט. אַזוי איז אים, דאַכט זיך, לײַכטער.

יעוודאָקימאָוו, וועלכער איז די גאַנצע צייַט געזעסן באַם טיש אָנגעבויגן איבער די פּאַפּירן, האָט זאַלמענס אויפשטיין פון בענקל גלייַך באמערקט און טייקעף באַפוילן אים זיך זעצן. אויך אין דעם, ווי ער האָט באַפוילן, האָט זאַלמען אייַנגעפונען א סימען פון מענטש־לעכקייַט, וואָס טיילט אים אויס פון די, מיט וועמען אים איז שוין אויסגעקומען, זאַלמענען, דאָ האָבן צו טאָן. ער קען אָבער ניט באַנעמען דעם באַטייַט פון יעוודאָקימאָווס שווייַגן, וואָס באַהאַלט זיך אונטער דעם אויס? יעוודאָקימאָוו האָט דאָך מיסטאָמע געהייסן אופהייבן זייַן באַשולדיקט׳ פון געלעגער אין סאַמע רעכטן שלאָף ניט דערפאַר, ווייַל ער האָט זיך נאָך אים פאַרבענקט, געוואָלט אַף אים א קוק טאָן. עפּשער וויל ער אים דערמיט אויך צוגע־ווינען, ווי זיך, באַנאַכט זייַן אויף. יעוודאָקימאָוו אָבער, נאָך א נאַכט זייַן אויף, וועט קומען אהיים און זיך צוזאַט אויסשלאָפן אף א ווייכן זויבערן געלעגער. אים, זאַלמענען, וועט אפּאָנעם אויסקומען בעטן דעם הייַנטיקן דעזשורנע אין קאַמער אָפּטרעטן דאָס בערשטל אף אָנצוּוועקסלען דעם דיל, פאַרטרייַבן דורך דעם פון זיך דעם שלאָף... ווער איז הייַנט דער דעזשורנע אין קאַמער?

— ניט שלאָפן!

ער איז דען געשלאָפן? ער האָט בלויז אראָפּגעלאָזט נידעריקער די וויִעס איבער די אויגן.

דאָס פאַרדעכטיקע שווייַגן פונעם אויספאָרשער האָט אָנגעהאַלטן נאָך א רעכט שטיקל צייַט. פון קאָרידאָר האָבן זיך שוין א פּאָר מאָל דורכגעריסן אהער די מעשונע־ווילדע קלאַנ־גען פון די אופזעער בייסן פירן די אייַנוווינער פון די קאַמערן, און יעדעס מאָל, ווי זאַלמע־נען האָט זיך אויסגעוויזן, האָבן באַם פאָדפאָלקאָווניק זיך פאַרקרימט די ליפּן אין א שמייכל, ווי ער זאָל בייַזייַן בא א פריילעכער שפּיל אין טעאַטער.

ענדלעך האָט יעוודאָקימאָוו צוגערוקט צו זיך די ארויסגענומענע פון סייף רייַנע פּראָטאָקאָל־בלאַנקן, אייַנגעטונקט די פּען אין טינטער און פרייַנטלעך זיך אָנגערופן:

— נו, זאַלמאַן נאומאָוויטש, מירן אָנהייבן. פאַנגט אָן דערציילן.

— וואָס דערציילן? — האָט זאַלמען געפּרעגט.

— דער סאָף איז גוט. — יעוודאָקימאָוו האָט זיך נעענטער צוגערוקט מיטן שטול צום טיש. — מיר האָבן זיך דאָך נעכטן צונויפגערעדט, אז איך גיב אייַך א מעסלעס זיך צו באַטראַכטן. איך קלער ניט, אז מע דאַרף אייַך אָן איבעריקס מאָל דערמאָנען, ווו איר גע־פינט זיך, אז דאָ איז ניט קיין קינדער־גאָרטן. דאָ שפּילט מען זיך ניט. מיר זייַנען אן אָרגאַן, וועלכער שטראָפט, און שטראָפט זייער שטרענג. אף באַגנעדיקונג קען אויסרעכענען בלויז דער, ווער סע אַנטוואָפנט זיך אליין, איז זיך אין אלץ מוידע.

— איך האָב ניט אין וואָס זיך מוידע זייַן, בירגער פאָדפאָלקאָווניק. כ׳בין אין גאָרניט שולדיק. — זאַלמען האָט אין דער זעלבער רעגע ווידער דערהערט אין זיך אייַזיקס גע־שריי: „שלאָגט מיך ניט, איך בין ניט שולדיק...״

— נו, זאַלמאַן נאומאָוויטש, דאָס האָב איך פון אייַך ניט דערוואַרט. — יעוודאָקימאָוו האָט ארייַנגעשטעלט אינעם מונדשטוקל א סיגאַרעט און ווי ער זאָל האָבן פאַרגעסן, אז זאַלמען רייכערט ניט, אים אויסגעשטרעקט דאָס שאַכטל סיגאַרעטן מיטן פּושקעלע שווע־בעלעך.

— א דאַנק. איך רייכער ניט.

— אך יאָ, כ׳האָב זיך דערמאָנט, אז איר רייכערט ניט. איז ווי דערריידן מיר זיך, זאַל־מאַן נאומאָוויטש? איר וועט אליין אלץ דערציילן, צי אונדז וועט אויסקומען צווינגען אייַך דערצו? זייַט זיכער, מיר האָבן מיט וואָס אייַך צו צווינגען, אז איר זאָלט אלץ דערציילן. איך וואַרט, זאַלמאַן נאומאָוויטש.

דאָס אָנרופן אים יעדעס מאָל באַם נאָמען און פּאַטערנאָמען האָט געשטאַרקט אין זאַלמענען דעם גלויבן, אז דער אויספאָרשער וועט זיך ניט באַגיין מיט אים, ווי מע איז זיך דאָ באַגאַנגען מיטן באַיאָרטן און קראַנקן אייַזיק דאַברינען.

— איך וואַרט. — צוזאַמען מיט די העלע רינגעלעך רויך האָט יעוודאָקימאָוו לאַנגזאַם,

שיר ניט פֿאַנאַנדערטיילנדיק די ווערטער אויף זילבן, אַרויסגעבראַכט. — איך וואַרט, איר זאָלט אָנפֿאַנגען דערציילן.

זיצנדיק אומבאַהאָלפֿן אויפֿן צוגעשמידטן בענקל, דעם קאָפּ נידעריק אַראָפּגעלאָזט אויף דער ברוסט, האָט זאַלמען זיך געפֿילט ווי אַ טאַלמיד, וואָס איז געקומען ניט צוגעגרייט צום לימעד. ער האָט אָבער געפֿונען מוט זיך מודיע זײַן אין דעם, ענטפֿערן מער פֿעסטער:

— איך האָב ניט וואָס צו דערציילן, און וואָס זיך אָנערקענען. כ׳ווייס פֿון גאָרניט.

— איר זײַט דאָך ניט קיין פּאַפּוגײַ, — האָט יעוודאָקימאָוו אים איבערגעשלאָגן, — וואָס איר כאַזערט איבער איינס און דאָס זעלבע: „כ׳האָב ניט וואָס צו דערציילן, און וואָס זיך אָנערקענען". הערט אויף זיך מאַכן פֿאַר אַ נעבעכל, מאַנדעל! — דער שטול אונטערן פּאָדפּאָלקאָווניק האָט שווער אַ סקריפּע געטאָן. — איר וואַרט קלשער, כ׳זאָל אײַך אונטערזאָגן פֿון וואָס אָנצוהייבן? פֿון זיך הייבט אָן, מיט וועלכע שפּיאָנישע צענטערס אין אַמעריקע זײַט איר געווען פֿאַרבונדן, וואָס פֿאַר אַן אינפֿאָרמאַציעס האָט איר זיי איבערגעגעבן און דורך וועמען איבערגעגעבן, ווער האָט אײַך אַרײַנגעצויגן און וועמען האָט איר אַרײַנגעצויגן אין דער שפּיאָנישער נעץ, וויפֿל דאָלאַרן און פֿונטן האָט איר געקראָגן פֿאַרן פֿאַראַטן דאָס היימלאַנד?! — ער האָט אָפּגעלייגט דאָס הענטל־פּעןאַן אַ זײַט און, פֿאַררייכערנדיק אַ נײַעם סיגאַרעט, פֿאַרגעזעצט, נאָר עטוואָס שווין שטילער. — איך וואַרט, איר זאָלט עפֿענען די קאָרטן, דערציילן וועגן דער שפּיאָנישער נעסט אין אײַער ייִדישן אַזויגערופֿענעם אַנטי־פֿאַשיסטישן קאָמיטעט בײַס אין דער ווירקלעכקײַט איז ער געווען אַן אַנטיסאָוועטישער בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישער קאָמיטעט. די ייִדישע שרײַבער באַם פֿאַריין האָבן אין זייערע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטישע ווערק געטריבן רעכילעס אויף אונדזער לאַנד, אויף אונדזער גרויסן פֿירער. נו, וואָס? איצט וועט איר אויך זאָגן, אַז איר האָט גאָרניט צו דערציילן, און וואָס זיך אָנערקענען?

דערויף, אַז ער וועט דערהערן דאָ עפּעס ענלעכס צו דעם, וואָס ס׳האָט געזאָגט דער אויספֿאָרשער, האָט זאַלמען זיך געקענט ריכטן. אים האָט צוגעגרייט דערצו מיט אַ צײַט פֿריִער נאָך מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטש. אָבער עס זאָל אָנשפּאַרן אַזוי ווײַט, מע זאָל באַשולדיקן אין אַזעלכע שווערע סאַקאָנעסדיקע פֿאַרברעכנס, אין אַזעלכע האַרבע זינד, דערויף האָט זאַלמען זיך ניט געקאָנט ריכטן, ניט געקאָנט דערוואַרטן. דאַכט זיך, אַז אַליין דער אויספֿאָרשער גלייבט ניט דערינען, ווען ניט, וואָלט ער באַ אַזעלכע רייד זיך מיט אים אַנדערש אויפֿגעפֿירט.

— וואָס קוקט איר אויף מיר, ווי אַ באַראַן אויף אַ נײַעם טויער? איר האָט זיך ניט גערעכנט, אַז צו אונדז וועט דאָס אַלץ דערגיין? פֿאַר אונדז זײַנען ניטאָ קיין סודעס. אָט! — ער האָט ווי פֿאָריקס מאָל אַ פּאַטש געטאָן מיט דער האַנט איבער דער זעלבער גרויער פּאַפּקע אויפֿן טיש. — דאָ איז אַלץ פֿאַרשריבן. מיר ווייסן וועגן אײַך אַ סאַך מער, ווי איר שטעלט זיך פֿאָר. מיר ווילט זיך אָבער פֿאַרלײַכטערן אײַער גורל. כ׳האָב זיך באַקענט מיט אײַער שאַפֿונג. איר זײַט, פֿאַרשטייט זיך, ניט פּושקין און נ״ש מאַיאַקאָווסקי, אָבער איר זײַט אַ דיכטער און ניט קיין שלעכטער דיכטער.

— אַ דאַנק פֿאַר אַ גוט וואָרט.

מאַרק פֿאָלאָנער צי לייבע בליומקין וואָלטן מיסטאָמע ניט באַדאַנקט זייערע אויספֿאָרשער אַפֿילע פֿאַר אַ מער העכערער אָפּשאַצונג פֿון זייער דיכטונג, ווי ער האָט דערהערט פֿון זײַן אויספֿאָרשער. זאַלמען האָט אָבער נישט געקאָנט ניט באַדאַנקען דעם פּאָדפּאָלקאָווניק, קוים האָט ער מיטן פֿאַרפֿירן אַ רייד וועגן זײַן דיכטונג אָפּגעקערט דעם פֿאַרהער אַן אַ זײַט, באַפֿרײַט אים דערמיט ווידעראַמאָל איבערכאַזערן דאָס זעלבע, אַז דערפֿון, וואָס ער דערוואַרט פֿון אים הערן, האָט ער דעם אויספֿאָרשער קיין וואָרט ניט צו זאָגן. קיין אַנדער ענטפֿער אויף די אַלע מעשונע־ווילדע אויסטראַכטענישן און בילבולים האָט ער פֿאַר אים ניט.

לאַנג טרייסטן זיך דערמיט האָט יעוודאָקימאָוו אים ניט געלאָזט. ער האָט פֿאַנאַנדערגעבונדן די פּאַפּקע, אַרויסגענומען פֿון דאָרט אַ פֿאָטאָבילד און צוגערופֿן צו זיך זאַלמענען, באַפֿוילנדיק אים דערבײַ פֿאַרלייגן די הענט אויף הינטן.

— מיט וועמען זײַט איר דאָ פֿאָטאָגראַפֿירט?

אין צימער בא זאַלמענען איז געהאַנגען זײַנע א פּאָטאָגראַפּיע אין גאַנצן וווּקס. עמע־צער פון די ביראָבידזשאַנער אַרטיסטן האָט אים פֿאָטאָגראַפירט בײַס ער איז פּאַרפּיריאַרן געווען אין דער ייִדישער געגנט. דער ביראָבידזשאַנער טעאַטער האָט אים געהאַט פֿאַר־בעטן צוגאַסט אויף דער פּרעמיערע פון זײַן פּיעסע „אין דער געטאָ". אויף דאָזיקן בילד שטייט ער באַם אַרויסגאַנג פון דער איינשטאָקיקער געבײַדע פונעם איצט שוין אויך צוגעמאַכטן ייִדישן ביראָבידזשאַנער טעאַטער. אויף דער פּאָטאָגראַפּיע, ווערכע דער אויספאַרשער האָט אים באַוויזן, ניט לאָזנדיק זיך רעכט אײַנקוקן אין איר, שפּאַנט ער איבער דער גאַרקי־גאַס פאַרבײַ דעם האָטעל „צענטראַלני" אַנטקעגן דעם מאָסקווער ראַט. ער שפּאַנט אין דער אַרומרינגלונג פון אויסלענדישע מיליטערלײַט און ציווילע. דערפון, אַז זיי זײַנען אַלע אויס־לענדער, איז לײַכט געווען צו דערקענען לויט דער קליידונג.

דערזען די פּאָטאָגראַפּיע, האָט זאַלמען פאַרלוירן א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, א קנייטש געגעבן מיט די אַקסל:

— איך קאָן דאָ קיינעם ניט, זע זיי צום ערשטן מאָל.

— נו, נו, — האָט יעוודאָקימאָוו א מאַך געטאָן מיטן פינגער און אָפּגעשיקט זאַלמע־נען צוריק אויף זײַן אָרט בא דער טיר.

— איך קען בעשום־אויפן ניט פאַרשטיין, וויאַזוי קום איך אויפן דאָזיקן בילד, אויב כ׳האָב אויף דער גאַס זיך קיינמאָל אויפן לעבן ניט פּאָטאָגראַפירט. ניט צו באַנעמען.

צום אויספאָרשער איז זאַלמענס כידעשן זיך נישט דערגאַנגען ניט בלויז דערפאַר, ווײַל אים האָט עס ניט געוווּנדערט. ער איז איצט געווען מיט עפּעס אַנדערש שוין פאַר־נומען. אײַנגעטונקט די פּען אין טינטער און לאַנגזאַם, ווי די פּען זאָל ניט פּאָלגן, זיך ווערן, אָנגעפאַנגען שרײַבן.

— ניט שלאָפן!

אין א ווײַלע אַרום ווידער:

— ניט שלאָפן!

דאָס מאָל האָט יעוודאָקימאָוו אַפילע ניט א בליק געטאָן אין זײַן זײַט, פּאַשעט אויף יעדן פאַל געוואָרנט. ס׳איז אָבער געווען ניט נייטיק. דער שלאָף האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים אין דער זעלבער רעגע, ווען דער אויספאָרשער האָט אָנגעהויבן איבערעכענען, וואָס דערוואַרט ער פון אים צו הערן. נאָר ווײַל דער אויספאָרשער זאָל דערפון ניט פרעגן און איבער־פרעגן, איז קיין אַנדער ענטפער אויסער ווי דעם, אַז „איך ווייס גאָרניט און האָב ניט וואָס אײַך דערציילן", וועט ער פון אים ניט הערן. און וואָס קען ער אַנדערש דערויף ענטפערן, אויב ער ווייסט וועגן דעם אַלעם גאָרניט, בעפּיירעש טאַקע גאָרניט. ער ווייסט בלויז, אַז צו דעם, אין וואָס דער אויספאָרשער איז אים כוישעד, האָט ער ניט קיין מינדסטע שײַכעס, און קען שווערן זיך מיטן טײַערסטן און הייליקסטן, וואָס דאָס לעבן האָט אים געשאָנקען, מיט עלישען, אַז אויך דער ייִדישער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט און אַלע ייִדישע שרײַבער האָבן ניט דערצו קיין מינדסטע שײַכעס. ער קען זיך דאָך ניט פאַרופן, אַז ער ווייסט פון גאָרניט מאַכמעס ער איז קלוימערשט געווען אין קאָמיטעט און אין דער ייִדישער סעקציע באַם שרײַבער־פאַריין א זײַטיקער מענטש, א צופעליקער אַרײַנגייער אַהין. ווען דאָס זאָל געווען זײַן אַזוי, וואָלט מאַרטין קאָנסטאַנטינאָוויטש מיסטאָמע עמעצן אַנדערש, ניט אים, אָפּגעשטעלט דאַן אויף אַכאָטני ריאַד און אַרײַנגערופן צו זיך אין האָטעל „מאָסקווע".

לאַכלוטן ניט דערפאַר, ווײַל ער שלאָפט שוין קימאַט ניט די דריטע נאַכט זאָגט זיך אויף דער קאָפּ באַנעמען, פאַרוואָס שרײַבט יעוודאָקימאָוו אַזוי לאַנג וועגן דעם פאַרהער. ער שרײַבט שוין, דאַכט זיך, דאָס דריטע צי דאָס פערטע בלעטל. צי דען כאַזערט ער איבער אין פּראָטאָקאָל דאָס אייגענע, וואָס ער האָט אים דאָ הײַנט אַרויסגעזאָגט און גלייבט דערבײַ, אַז ס׳איז ווירקלעך געווען טאַקע אַזוי? ער קען דאָך פאָרט ניט צוגלײַכן זײַן אויספאָרשער צו דעם טעמפּן אופזעער מיטן מעסער, צום שערער און בעדער, צו דעם אופזעער בא דער טיר פון קאַמער, צום קאָנוואָירער, וואָס האָט אים געבראַכט צו פירן. פאַר זיי זײַנען אַלע דאָ אַלציינע — שאָף צום שעכטן. נו וואָס ווייסן זיי וועגן אים, זאַלמענען? אויסער דעם, אַז וויבאַלד מע האָט אים אַהער אַרײַנגעזעצט, הייסט עס, אַז ער איז א פאַרעטער, א שפּיאָן,

א דיוועראַנט, א טעראָריסט, און דאָס אַלץ צוזאַמען האָט פאַר זיי איין נאָמען: „א סוינע פון פאָלק“. דער אויספאָרשער שיידט זיך דאָך אָבער אונטער פון די טעמפּע פאַרבלענדטע אופזעער און קאָנוואָירן, קלײַבט זיך, דאַרף מען קלערן, א ביסל מער פון זיי פאַנאַנדער. ער איז דאָך א געבילדעטער מאַן, מיט הויכער בילדונג מיסטאָמע. ס'קאָן ניט זײַן, אַז ער זאָל גלייבן אין די באַשולדיקונגען, וואָס ער האָט אים איבערגערעכנט, אויב אַפילע אין דער גראָבער גרויער פּאַפּקע, אַף וועלכער ער פאַרופּט זיך די גאַנצע צײַט, איז עפּעס ענלעכס אָנגעוויזן. צי עפּשער האָט זײַן אויספאָרשער באַם אָנקומען אַהערצו דינען לעכאַטכילע זיך געצוווּנגען גלייבן דאָ אין אַלץ, ווײַל אין ערגעץ וועט מען אים ניט באַזאָרגן מיט קיין באַזונדערער דירע, ער וועט אין ערגעץ ניט באַקומען אַזאַ הויכן געהאַלט, ניט האָבן קיין צוטריט צו אַזעלכע פאַרמאַכטע קראָמען און פאַרטיילערס, וואָס א געוויינלעכן מענטשן קען עס אַפילע אין כאָלעם ניט קומען.

דער אַנטרונענער שלאָף האָט ביסלעכווײַז זיך ווידער אונטערגעגאַנוועט, ביז האַלב צוגעמאַכט אים שוין די אויגן. דער אופזעער בא די קאַמערן אין קאָרידאָר, ווען ער האָט אים געפּאַקט זיצן באַטאָג מיט צוגעמאַכטע אויגן, האָט ער געצייצעט זיך דורכגיין איבער דער קאַמער, אָפּטרײַבן דורך דעם פון זיך דעם שלאָף. יעוודאָקימאָוו וועט אים בא זיך אין קאַבינעט אַזאַ אייצע ניט געבן. זאַלמען האָט אָבער גלײַך געפונען דערצו אַן אויסוועג, דעם זעלבן אויסוועג, צו וועלכן ער איז אָנגעקומען, זײַענדיק אין בירָאָבידזשאַן בעשאַס מע האָט אים אַלס געהויבענעם גאַסט, ווי א באַוווּסטן יידישן שרײַבער פון מאָסקווע, פאַרבעטן אין פּרעזידיום אַפן צונויפפלי פון די סטאַכאַנאָווצעס. דער צונויפפלי האָט זיך אָנגעהויבן פּונקט אין דער באַטאָגיקער שאָ, ווען אין מאָסקווע האַלט מען נאָך אין סאַמע רעכטן שלאָף. איז אים קימאַט די גאַנצע צײַט, זיצנדיק אין פּרעזידיום, דערצו נאָך אין דער פאָדערשטער רײ, אויסגעקומען צוהאַלטן מיט די פינגער די אויגנלעפּלעך, זיי זאָלן ניט אַראָפּפאַלן.

קוים דאַרף ער ניט מוירע האָבן, אַז דער אויספאָרשער קען אַף אים, ווי אַף א ייִנגל, א געשריי טאָן: „ניט שלאָפן!“, האָט זאַלמען זיך ווידער פאַרטראַכט שוין ניט אַזוי וועגן זיך, ווי וועגן דעם פּאָדפּאָלקאָווניק. ער וויל דערקלײַבן זיך צום שוירעש, געפינען אַן ענטפער אַף דער איינציקער פראַגע, וואָס אָן דעם האָבן ניט קיין זין אַלע איבעריקע פראַגעס. זיי זײַנען אָפּהענגיק פון אָט דעם ענטפער, וועלכן ער זוכט: די אויספאָרשער גלייבן אין דעם, אין וואָס זיי באַשולדיקן די פאַרשפּאַרטע אין די טורמעס, צי זיי צווינגען זיך דערין גלייבן, האָבן מוירע אין דעם ניט גלייבן?

אומגעריכט האָט זאַלמען זיך באַגעגנט מיט סטאַלינס בליק, וואָס האָט געקוקט אַף אים פונעם בילד אַף דער וואַנט, דער שטענדיק בײַוועזנדער איידעס פון דעם, וואָס דאָ קומט פאָר. אָט ווער עס קען ענטפערן אי אַף דער, אי אַף אַלע איבעריקע פראַגעס. און זאַלמען פאַרפירט מיט אים אין זיך א געשפּרעך. אַף זײַן ערשטער פאַרגעבענער פראַגע ענטפערט אים סטאַלין מיט דער זעלבער פראַגע: „נו, און דו? דו האָסט געגלייבט, צי געצוווּנגען זיך גלייבן בעשאַס האָסט געשריבן לויב־געזאַנגען לעקאָוועד מיר? ווער, ניט דו דען האָט אונטערגעזאָגט אַרײַנשטעלן אין דער באַגריסונג צו מיר אין נאָמען פון אײַער פאָלק דעם פּאָסעק וועגן דער געפונענער שווערד אין גאָטס געשענקטער הייליקער טוירע?“ כ'בין זיך מוידע. איך. כ'האָב דאַן געגלייבט, ניט בעכאָל לעוואָוכע אובעכאָל נאַפּשעכאָ, אָבער געגלייבט. „און איצט? איצט?“ פרעגט זאַלמען איבער און ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן. ער קאָן נאָך פאָרט ניט צווינגען זיך גלייבן, אַז דאָס, וואָס עס קומט איצט פאָר אין לאַנד און באַזונדערס מיט די ייִדן, מיטן ייִדישן פאָלק, ווערט געטאָן מיטן געזאָלבטנס העכשער. און אויב יאָ, איז וואָס איז דער זין דערפון? עס דאַרף דאָך זײַן אין דעם א זין, א לאָגיק. דערויף אָבער האָט זאַלמען פון לאַנג שוין אַן ענטפער: זוך ניט אין דעם קיין לאָגיק. ניטאָ אין דעם קיין לאָגיק.

זײַן בליק, געווענדט צו סטאַלינס בילד אַנטקעגניבער אַף דער וואַנט, האָט איבערגעכאַפּט יעוודאָקימאָוו, נאָר גאָרניט געזאָגט, כאָטש אים האָט זיך געקאָנט אויסווײַזן, אַז זאַלמען האָט ניט אַזוי, ווי מע דאַרף, געקוקט אַפן בילד, און עס אויך פאַררעכנען פאַר א זינד. גאָט באַהיט, דער אויספאָרשער זאָל זיך דערוויסן, אַז זײַן באַשולדיקטער האָט געזען דעם

מעלעך מעלאָכים ניט בלויז אויף די בילדער און בײַס די יאַמטויוויום פונדערוווײַטנס אפֿן מאַרזאָלי, נאָר געשטאַנען לעבן אים און צוזאַמען שיר ניט האַנט צו האַנט דורכגעמאַכט דעם וועג פֿונעם קאָלאָנען־זאַל אויף אַקאַטני ריאַד ביזן לענין־מאַוזאָליי אפֿן רויטן פּלאַץ. זאַלמען האָט עס דערנאָך פֿון קיינעם ניט אויסבאַהאַלטן, זיך איבערגענומען דערמיט, ניט איין מאָל דערציילט וועגן דעם, ווי געלונגען אים האָט זיך דאָס אײַנגעגעבן. מעגלעך, אַז שיִע רויזען האָט אויך געהערט פֿון אים דערציילן די דאָזיקע געשיכטע און עס דערנאָך אָפּגעטראָגן אהער, און דאָ האָט מען דאָס געקאַנט אויסטײַטשן ווי אַ פּרוּוו מאַכן אַן אָנפֿאַל אפֿן אַלמעכטיקן הערשער, צושרײַבן אים, זאַלמענען, דעם סאַמע שרעקלעכסטן און געפֿערלעכסטן פּונקט פֿונעם אכט־און־פֿופֿציקסטן אַרטיקל.

לויט יעוודאָקימאָווס באַגיין זיך מיט אים איז ניט צו זען, אַז ער זאָל דערפֿון עפּעס וויסן. ווען יאָ, וואָלט ער אַפֿילו דעם מינדסטן סימען פֿון מענטשלעכקײַט, וועלכן ער האָט ביז אהער נאָך געזען אין אים, שוין ניט געפֿונען. און גלײַך זאַלמען זאָל וועלן אַן איבעריקס מאָל זיך איבערצײַגן דעריין, האָט ער גענומען מער צוקוקן זיך צו זײַן אויספֿאָרשער, ניט קענענדיק בעשום־אויפֿן באַנעמען, פֿאַרוואָס דוויערט בײַ אים אַזוי לאַנג דאָס צונויפֿשטעלן דעם פּראָטאָקאָל פֿונעם הײַנטיקן פֿאַרהער? וואָס האָט ער דאָרט אַזויפֿיל צו שרײַבן?

ענדלעך האָט יעוודאָקימאָוו אָפּגעלייגט אָן אַ זײַט דאָס הענטל־פּען, פֿונסנײַ פֿאַררייכערט, ניט געײַלט זיך דורכגעגאַנגען מיט די אויגן איבער די אַקוראַט פֿאַרשריבענע זײַטלעך פּאַפּיר.

אָפּגערוט זיך אַ רעכטע ווײַלע, ווי נאָך אַ שווערער האַרעוואַניע, איז יעוודאָקימאָוו צוגעגאַנגען צו זאַלמענען, אַוועקגעלייגט אים אפֿן טישל די פֿאַרשריבענע בלעטלעך פּאַפּיר מיטן הענטל־פּען און צוריקגעהאַלטן, קימאַט גלײַכגילטיק געזאָגט:

— לייענט דורך און שרײַבט אונטער.

האַבנדיק שוין זיך אומגעקערט צום טיש בײַם פֿאַרהאַנגענעם פֿענצטער, האָט יעוודאָקימאָוו דערמאָנט זאַלמענען, אַז אונטערשרײַבן דאַרף ער זיך אונטער יעדן זײַטל.

איבערגעלייענט דאָס ערשטע זײַטל פֿונעם פּראָטאָקאָל, האָט זאַלמען ניט געהאַט קיין כיישעק לייענען דאָס ווײַטערדיקע. ער איז זיך פּאַשעט דורכגעלאָפֿן איבער זיי מיט די אויגן. ניט צו באַנעמען. וויאַזוי האָט געקאָנט יעוודאָקימאָוו אים דאָס אַלץ צושרײַבן?! ער האָט דאָך קיין איין וואָרט דערפֿון ניט געזאָגט. קיין איין וואָרט ניט! אויף וועלכן סמאַך גיט ער אים אַרויס פֿאַר אַ פֿאַרביסענעם סוינע פֿון דער סאָוועטנמאַכט, פֿאַר אַ בורזשואַזן נאַציאָנאַליסט, פֿאַרופֿט זיך דערבײַ, אַז אַליין דער באַשולדיקטער איז זיך אין דעם מודה געווען? ווען איז ער עס, זאַלמען, זיך אין דעם מודה געווען? וויאַזוי האָט ער, זײַענדיק בײַ די געדאַנקען, געקאָנט זיך אין אַזעלכס מודה זײַן?

— אונטערגעשריבן אַלע זײַטלעך? — האָט יעוודאָקימאָוו געפֿרעגט און האַסטיק, ווי ער זאָל מוירע האָבן פֿאַרשפּעטיקן אָפּנעמען די אונטערגעכאַסמעטע בלעטלעך פֿונעם פּראָטאָקאָל, צוגעגאַנגען צו זאַלמענס טישל בײַ דער טיר. — וווּ האָט איר זיך דאָ אונטערגעשריבן? איך זע ניט.

— איך האָב ניט אונטערגעשריבן. — און, ניט אָפּקערנדיק די אויגן פֿון יעוודאָקימאָווס פֿאַרשאַרפֿטן בליק, האָט זאַלמען מער זיכערער אין זיך איבערגעכאַזערט: — איך האָב ניט אונטערגעשריבן. דאָ איז דאָך ניטאָ קיין איין וואָרט פֿון דעם, וואָס כ'האָב געזאָגט.

— איר ווייסט, ווו איר געפֿינט זיך? — יעוודאָקימאָווס שטים האָט אָנגעהויבן פֿאַרלירן איר געלאַסנקײַט, וואָס האָט ביז אהער אונטערגעהאַלטן אין זאַלמענען דעם גלויבן, אַז זײַן אויספֿאָרשער האָט נאָך פֿאַרהיט אין זיך סימאָנים פֿון אַ מענטשן. ער האָט אויך איצט ניט פֿאַרלוירן נאָך אינגאַנצן דעם גלויבן אין דעם, כאָטש יעוודאָקימאָוו האָט געהעכערט דאָס קאָל, אַרויסגעבראַכט דײַטלעך און אָפּגעהאַקט יעדעס וואָרט. — איך פֿרעג אײַך, איר ווייסט, ווו איר געפֿינט זיך? שוין שרײַבט אונטער!

— איך קען ניט אונטערשרײַבן, בירגער פּאָדפּאָלקאָווניק. כ'האָב דאָס אַלץ, וואָס איז דאָ אָנגעשריבן, ניט געזאָגט.

— אונדז גייט ניט אָן דאָס, וואָס איר האָט געזאָגט. מיר ווייסן פאַרפריִער איַיערע ענטפערס. דערפאַר קומט אונדז אויס ענטפערן פאַר איַיך. אומזיסט ווערט איר זיך, זאַלמאַן נאַומאָוויטש. איר וועט סיַיווי אונטערשריַיבן. אַלע שריַיבן אונטער.

„שלאָגט מיך ניט, איך בין ניט שולדיק. שלאָגט מיך ניט, איך בין ניט שולדיק".

ניין, יעוודאָקימאָוו איז ניט פון די, אַז ער זאָל זיך דערלויבן בענעגייע אים דאָס זעל־בע, וואָס ס׳האָט זיך דערלויבט איַיזיק דאַבּרינס אויספאָרשער. און וויַיל זאַלמאַן איז געווען קימאַט זיכער אין דעם, האָט ער געפונען באַ זיך געוואגטקיַיט פרעגן יעוודאָקימאָוון, אַף וועלכן סמאַך איז אָנגעשריבן אין פּראָטאָקאָל, אַז ער איז אַ בורזשואזער נאַציאָנאַליסט? אַפן גרונט דערפון, וויַיל ער רעדט און דענקט אַף ייִדיש, שריַיבט אַף ייִדיש, שילדערט דאָס ייִדישע לעבן? און אַף וועלכן סמאַך שטעלט ער אים פאַר אין פּראָטאָקאָל אַלס אַ פאַרבי־סענעם סוינע פונעם סאָוועטנלאַנד?

— ווען דער בירגער פאָדפאָלקאָווניק זאָל געווען איבערלייענען אפילע נאָר דאָס לעצטע ביכל מיַינס, וואָלט איר וועגן מיר אַזוינס ניט געזאָגט.

— פונוואַנען ווייסט איר, אַז כ׳האָב ניט געלייענט? באַ אונדז איז פאַראַן, ווער עס זאָל איבערזעצן. בלויז אַ פאַרביסענער סוינע פון פאָלק האָט געקאָנט נעמען פאַר אַ מאָטאָ צו זיַינעם אַ ביכל אַ סטראָפע פון אַ ליד באַ אַ געפערלעכן סוינע פון רוסלאַנד.

„מיר גייען אין שפּאַן און שטאַרבן פון דיַינע קושן..."

אין קאַבינעט איז אַריַינגעקומען דער בלאָנדער מאַיאָר מיט די הימל־בלויע אויגן און כיין־גריבעלעך אין די באַקן.

— אָ, וועמען זע איך, — האָט ער גוטברודעריש פריילעך אויסגעשריִען. מעשיגענע קאָפּ. — העכסט צופרידן אָפּאָנעם דערפון, וואָס ער האָט באַריַיכערט זיַין שפּראַך מיט אָט די צוויי ייִדישע ווערטער, האָט ער זיי ווידער איבערגעכאַזערט און דערביַי הויך זיך צע־לאַכט. — באַ מיר זיַינען אויסגעגאַנגען די שוועבעלעך. — דאָס איז געווען שוין געוועגדט ניט צו זאַלמענען, אַז ער זאָל דאַרפן זיך צוהערן.

ביידע אויספאָרשער, דער פאָדפאָלקאָווניק מיטן בלאָנדן מאַיאָר, זיַינען אָפּגעגאַנגען צום פענצטער און זיך דאָרט שטיל דורכגערעדט. אַ וויַילע שפּעטער, ווי זיי זאָלן פאַרגעסן, אַז אין קאַבינעט איז דאָ אַ דריטער, האָבן זיי זיך אופגעהערט היטן, זיך דורכגעשמועסט צווישן זיך שוין ניט שעפּטשענדיק. פון די דערגאַנגענע צו זאַלמענען עטלעכע ווערטער האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אַז ניט וועגן אים גייט באַ זיי אַ רייד, די רייד גייט באַ זיי וועגן פרויען.

— וואָס האָט דיַין גאַסט זיך אַזוי אָנגעכמורעט? ניט צופרידן, האַלעמיַי מע לאָזט אים ניט שלאָפן?

דאָס איז שוין זיכער וועגן אים, און זאַלמען האָט אָנגעשטרענגט זיך צוגעהערט, ניט פאַרפעלנדיק קיין וואָרט.

— אַ האַרט ניסל באַ מיר, וויל ניט אונטערשריַיבן דעם פּראָטאָקאָל.

— ווער וויל ניט אונטערשריַיבן? די מעשיגענע קאָפּ? — דער מאַיאָר האָט אַ שפּאַן געטאָן צו זאַלמענס טישל. — אַנו! דו הערסט, וואָס מע זאָגט דיר. שריַיב גליַיך אונטער!

— איך וועל ניט אונטערשריַיבן.

— וואָס? וועסט אונטערשריַיבן. באַ מיר שריַיבן אַלע אונטער. נו!

— איך קען זיך ניט כאַסמענען אונטער דעם, וואָס כ׳האָב ניט געזאָגט. איך האָב ניט פאַראַטן דאָס היימלאַנד, זיך קיינמאָל ניט פאַרנומען מיט שפּיאָנאַזש, ניט געטריבן קיין רעבילעס אַף אונדזער פירער...

דער מאַיאָר איז צוגעגאַנגען האַרט צו זאַלמענען און אַריַינגעשריִען אים אין פּאָנעם:

— הער זיך איַין, נעווייִלע. אויב דו וועסט ניט אונטערשריַיבן די פּראָטאָקאָלן, וועלן מיר דיך פאַרשיקן, מאָרזשאָווער ווידל, אַהין, ווו דו וועסט מער קיינמאָל אין לעבן ניט האַלטן קיין וויַיבערשע ציצקע און ניט זען קיין לעבעדיקע וויַיבערשע מיַיסע. איך פרעג דיך צום לעצטן מאָל, פאַרכאַטער, וועסט זיך נאָך לאַנג לאָזן בעטן?

זאלמען האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

— אַך, דו פאַרכאַטע נעווייליע! — און דער מאַיאָר האָט מיט דער גאַנצער קראַפט דערלאַנגט זאַלמענען א פּאַטש. — נו, איצט וועסטו אונטערשרײַבן? ניין? — און איידער זאַלמען האָט באַוויזן זיך אָפּקערן פון די פונקען פײַער, וואָס האָבן זיך אים א שאָט געטאָן פון די אויגן, האָט דער מאַיאָר אים א צווייטן פּאַטש געטאָן אין דער אופגעלאָפּענער באַק און מיט אַזאַ קראַפט, אַז זאַלמען האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פונעם בענקל.

וויפל יאָר איז אַריבער פון יענעם טאָג, ווען דער מאָרע פון טאַלמעטוירע, א הויכער דאַרער ייִד, האָט אים אַראָפּגעלאָזט א פּאַטש פאַרן פלאָנטערן דעם שין מיטן סין? זאַלמען האָט זיך אָבער קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט, אַז דער זיקאָרן זײַנער וועט דאָס פאַרהיטן אין זיך און עס אים איצט, אין אַזאַ צײַט אַרום, דערפון דערמאָנען. אים האָט זיך עס קענטיק פאַרגעדענקט ניט ווײַל ס'האָט מעגלעך שטאַרק ווי געטאָן. א פּאַטש סאָפּקאָלסאָף פאַרגייט. ניט פאַרגאַנגען איז, זעט אויס, ביז איצט נאָך דאָס דערנידעריקן דעם מענטשן אין אים, כאָטש ער איז דאַן נאָך קיין צען יאָר ניט אַלט געווען. אויך אַצינדער האָט זאַלמען זיך צעוויינט ניט פונעם שרעקלעכן ווייטיק, נאָר פונעם דערנידעריקן אים, פון דער אומבאַהאָלפנקייט זײַנער. ער האָט אָבער באַוויזן אויסווישן די אויגן, פאַרהאַלטן אין זיך די אַנגעלאָפענע טרערן, אַז די צוויי אויספאָרשער זאָלן אים ניט זען וויינען. נאָר אויסבאַהאַלטן, זיי זאָלן ניט זען, ווי עס רינט אים בלוט פון מויל איז ער ניט געווען אימשטאַנד. צוויי אונטערשטע ציינער האָט ער צוזאַמען מיטן קלעפּיק־געזאַלצענעם בלוט אויסגעשפּיגן אין דער האַנט.

אין דער זעלבער רעגע, ווען זאַלמען האָט זיך אופגעהויבן פון דיל און זיך צוריק געזעצט אַפן צוגעשמידטן בענקל, האָט ניט דער פרעמדער אויספאָרשער, נאָר דער אייגענער, יעוודאָקימאָוו, א געשריי געטאָן:

— אופשטיין!

און ווען זאַלמען האָט זיך אופגעשטעלט, איז פון זײַן אויספאָרשער געקומען א צווייטער באַפעל:

— ניט אָנשפּאַרן זיך אָן דער וואַנט. אָפּטרעטן פון איר אַף א שפּאַן. שטיין סמירנאָ! די הענט לענגויס די זײַטן. אָט אַזוי וועסטו בא מיר אָפּשטיין אַף די פיס ביזוואַנען וועסט ניט אונטערשרײַבן!

— מעשיגענער קאָפּ! — דער מאַיאָר האָט באַם פאַרלאָזן דעם קאַבינעט אָן איבעריקס מאָל זיך אויסגעפּײַנט מיט זײַן זינגעוודיקן אַרויסברענגען די צוויי ייִדישע ווערטער, וועלכע ס'האָט אים מיסטאָם אויסגעלערנט פונקט אַזאַ ייִדן־פרײַנט, ווי ער.

יעוודאָקימאָוו האָט זיך אומגעקערט צו זײַן טיש, אופגעכונדן די גראָבע פּאַפּקע און גענומען בלעטערן די פּאַפּירן, ניט א קוק געבנדיק קיין איין מאָל אַף זאַלמענען, ווי ער זאָל אים אופהערן אָנגיין. זאַלמען אָבער האָט די גאַנצע צײַט נאָכגעפאָלגט נאָכן פּאָדפּאָלקאָווניק, געוואָלט פאַרט אויסקלאָרן פאַר זיך, צי יעוודאָקימאָוו איז זיך מיט אים אַזוי בײַגאַנגען, ווײַל דאָ, ווו איינער שפּירט נאָך נאָכן צווייטן, האָט ער אין דער אָנווועזנהײַט פונעם מאַיאָר ניט געקאָנט זיך מיט אים אַנדערש אופירן, געדאַרפט אַרויסווײַזן פאַרן מאַיאָר די כײַע אין זיך. צי ער איז פון סאַמע אָנפאַנג זיך טויע געזען, האָט זאַלמען געזוכט אין זײַן אויספאָרשער די פאַרבליבענע סימאָנים פונעם מענטשן, וואָס עס האָט נים פאַרצוקט נאָך די כײַע אין אים.

דער אָנגעקומענער באַגינען האָט זיך דורכגעשלײַכט אַהער דורך די פאַרהאַנגענע פענצטער מיט א שמאָל פּאַסיקל גאָלד פון דער אויסגערוטער זון. זאַלמען איז באַגלײַך מיט די צוגעשמידטע טישל און בענקל געשטאַנען אַף איין אָרט, ווי אויך א צוגעשמידטער צום דיל. די פאַרשריבענע בלעטלעך פונעם פּראָטאָקאָל זײַנען געלעגן פאַר זײַנע אויגן. ער האָט זיך צו זיי ניט צוגערירט. אים איז אָפּאַנעם פאַרט געקומען צו הילף באַשטיין די שרעק אין זיך און זיך ניט אונטערשרײַבן, דאָס קאַפּיטל טילים, וואָס דער קרעמענטשוגער ראָש־יעשיווע האָט געזאָגט.

אין קאמער צו זיך האָט זאלמען זיך אומגעקערט שוין נאָך דעם, ווי דער וואכמאן אין קאָרידאָר האָט אופגעהויבן אלעמען פון די גאלעגערס און דער דעזשורנע, דער פראנצויזי־שער פּאַלקאָווניק שארל, איז זיך שוין דורכגעגאנגען מיטן בערשטל איבער דעם פּארקעט־נעם דיל. ס'איז אויסגעקומען, ווי דער אויספּאַרשער זאָל געווען וויסן, וויאזוי איז ער, זאל־מען, אין דער פּאַריקער קאמער, נאָך צווי נעכט נאכאנאנד זייַן אויף, בייַגעקומען דעם שלאָף, און דעריבער בעקיזון אים הייַנט לענגער פּארהאלטן אפן פאַרהער, אז ער זאָל ניט קאָנען זיך באנוצן מיט די אימפּעטדיקע באוועגונגען אין מעשער פון עטלעכע מינוט באַם אָנוועק־סלען מיטן בערשטל דעם דיל און דורך דעם אָפּטרייַבן פון זיך דעם שלאָף, ראטעווען זיך פון קאַרצער. בלייַבט איבער דאָס איינציקע: ארומגיין איבער דער קאַמער און ווי דעמלט אין ביראָבידזשאן, זיצנדיק אפן צוניפלי פון די סטאכאנאָוצעס אויבנאָן אין פּרעזידיום, צוהאלטן מיט די פינגער די אויגנלעפּלעך, זיי זאָלן ניט אראָפּפאלן.

וויאזוי איז דורך באַ אים די הייַנטיקע אויספאַרשונג, האָט קיינער ניט געפרעגט. די שכיינים פון קאמער זייַנען אלטע טוישווים פון אָט דעם גרויען מויער און שטויסן זיך אליין אָן ווי און וואָס, ביפראט אז בא אים זייַנען ניט איינגאנצן נאָך פאַרשווונדן פון געזיכט די סימאָנים פון די פּלעם איבער די באקן. נאָר דער קרעמענטשוגער ראָש־ישיווע, גלייַך ער זאָל זיך פילן שולדיק אין דעם, האָט ניט געקענט זיך בייַקומען, אז ער זאָל דאָס ניט ארויס־זאָגן זאלמענען:

— אפּאָנעם, אז ס'האָט ניט געהאָלפן מייַן זאָגן טילים.

— פאַרוואָס קלערט איר? — האָט זאלמען אים בארויקט. — ס'האָט גראדע יאָ גע־האָלפן, ניט דערלאָזט, אז כ'זאָל זיך איינברעכן. איך האָב זיך ניט אונטער־געגעבן.

— כאַפּט נאָר א קוק אף רעכטס.

דער יונגערמאן, אף וועמען לייזער עלקין האָט מיט א ווונק אָנגעוויזן זאלמענען, איז געזעסן האלב אָפּגעקערט פונעם אייגל אין דער טיר און געהאלטן אין איין דורכפירן היין און הער די קוער פון דער רעכטער דלאָניע אין דער הארט אָנגעצויגענער פלאך פון דער לינקער.

דאָ קאָן מען אלץ דערווארטן. ס'איז אָבער ניט געווען צו באמערקן, אז דער יונגערמאן זאָל ניט זייַן באם זינען. נאָר וויבאלד לייזער האָט אים אָנגעוויזן אף דעם יונגנמאנס בא־שעפטיקן זיך דאָ איצט דערמיט, איז מיסטאמע שטעקט עפּעס דערינען. פרעגן דערפון לייזערן איז זאלמענען ניט אויסגעקומען. לייזער האָט באלד דערזען, אז זאלמען שטויסט זיך אפילע ניט אָן, וואָס דאָס באטייַט און וועט ניט פאַרשטיין, אויב ער וועט עס אים ניט אנטפּלעקן.

— דאָס שארפט ער אזוי די הענט, שארפט און פאַרהארטעוועט זי, ווי שטאָל. אף די עטאפּן קאָן עס צוניץ קומען. אין לאַגער אויך. איר וואָלט געדאַרפט אים נאָכטאָן. אלנפאלס, דעם שלאָף וועט איר דערמיט זיכער פאַרטרייַבן.

צוגעזעצט זיך נעענטער, האָט לייזער עלקין זיך מיטאמאָל צעלאכט:

— א נארישקייַט, איאָ? שטעלט זיך אָבער פאָר, אז די „פּארא גניעדיך" לאָזט מיך אויך הייַנט ניט צורו, זיך צוגעטשעפּעט און טרעט ניט אָפּ. קום איך נאָר צו צום ייִדן פון ווארשע און צו דעם גענעראל מיט די וואָנצעס, אזוי בלייַב איך שטיין און ניט פון אָרט. טו איך, וואָס אלע טוען. בייס מע דאַרף אריבערשפּרינגען א באריער, פאַרקערעווע, ווי מע זאָגט עס, דעם דישעל אף צוריק, יאָג זיך פאנאנדער און הייב אָן פונסנייַ א קאָן, פון סאמע אָנהייב.

עלקין האָט זיך אָבער גלייַך איבערגעשלאָגן, א ווונק געבנדיק ווידער אין דער זייַט פונעם יונגנמאן:

— אים איז ניט אַפּצושטעלן. ער קען אזוי זיצן און שארפן די האנט א גאנצענעם טאָג, פארוואַרפן צוליב דעם אפילע דאָס שפּילן אין שאשקעס.

ווען עלישע טוט איצט א קוק אַף אים, זאַלמענען, ווי ער זיצט און שארפט די האנט... און עפשער וואָלט עס איר ניט געוווּנדערט. זי האָט דאָך צוזאַמען מיט דער מוטער דורכ־געמאכט דעם עטאפ קיין אבעז און זיך אלץ אָנגעזען, זיך אָנגעזען דאָרט דעמלט, ווי זי האָט אים דערציילט, אזוינס, אז ס'איז ניט איבערצוגעבן. נאָר אלציינס וואָלט ער איר געזאָגט: ניט צוליב שפּאלטן עמעצן דעם קאָפּ, צי איבערשנײַדן עמעצן דעם גאָרגל שארף איך איצט די האנט. איך טרײַב אָפּ דערמיט דעם שלאָף פון זיך. כ'האָב ביז אהער זיך גאָר קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט, סארא קויעך עס ליגט אין אים, ווי שווער ס'איז זיך מיט דעם צו ראַנ־גלען. איך טאָר זיך אים אָבער ניט אונטערגעבן. דער וואכמאַן בא דער טיר שפּירט נאָך מיר באַזונדערס נאָך. דער אויספאָרשער, בין איך זיכער, האָט באפוילן שטרענג נאָכשפּירן נאָך מיר, אכטונג געבן, אז כ'זאָל ניט צומאכן קיין אויג, זײַן די גאנצע צײַט אויף.

דער אופזעער האָט שוין געגעבן זאַלמענען אָנצוהערן, אז ער איז זיך ניט טויע. ס'איז געגוג געווען, אז זאַלמען זאָל אַף א ווײַלע געווען זיך אָפּקערן מיט דער פּלייצע צום אייגל אין דער טיר, ווי דער וואכמאַן האָט באלד געגעבן אַן עפן אויף די קאַרמושקע און א דראָע געטאָן מיט דער האנט.

די גאנצע פּײַקע ברויט צוזאַמען מיטן צוקער וואָלט ער אָפּגעגעבן, זאַלמען, פאַר דורכגיין זיך מיטן בערשטל איבער דעם דיל, ער וואָלט אים אָנגעוועקסלט, אז מע וואָלט זיך געקאָנט אין אים שפּיגלען.

די האנט רוט קיין רעגע ניט אָפּ. זאַלמענען דוכט זיך, אז ווען ער שלאָפט אפילע אײַן, וואָלט די האנט אלציינס זיך ניט אָפּגעשטעלט, זי וואָלט אומגעגאנגען הין און הער, הין און הער, ווי א מעסער איבער א שארפשטיין. דער יונגערמאַן, בא וועמען זאַלמען האָט עס איבערגענומען, באשעפטיקט זיך שוין איצט ניט דערמיט. ער איז ארײַנגעטאָן אין דער דאמקע־שפּיל מיטן צווייטן יונגנמאַן, מיט אלעקסיי ניקיטינען, וועלכער איז געקומען אהער פון א קאַמער, ווו ער איז געזעסן מיט הענעך ערדלינען און יאנקעוו שנייערסאָנען, געבראַכט מיט דעם פאַר אים פון זיי א לעבעדיקן גרוס. ביידע יונגעלײַט טרײַבן אונטער פאַר זיך מיט דער שפּיל אין דאמקעס די צײַט, וועלכע שלעפּט זיך דאָ מעשונע לאַנגווײַליק. דער לאַגערניק לייזער טרײַבט אונטער די צײַט מיט זײַן „פאַרא גניעדיך". רעב ארן שאָקלט זיך ווי אונטערוועגס, מורמלט עפּעס אין דער שטיל, זאָגט אפּאָנעם טילים אָדער לערנט אַף אויסווייניק א בלאַט געמאָרע מיט טויספעס. איין שאַרל דאַרף ניט זאָרגן, ווו אהינצוטאָן דעם טאָג. ער האָט א בוך. דער בוך איז אָבער אַף פראַנצויזיש. אפּאָנעם, אז אויסער דעם פראַנצויזישן פּאָלקאָווניק גיט מען דאָ מער קיינעם ניט קיין ביכער צום לייענען. צי עפּשער האָט קיינער פון זיי ניט געבעטן?

דערווײַל קען זאַלמען זיך באַגיין אָן ביכער. ער האָט וואָס צו לייענען. פאַר איין טאָג וועט ער ניט באַווײַזן איבערלייענען אלע לידער, וועלכע האָבן זיך אים פאַרהיט אין זיקאָרן, און ניט בלויז די אייגענע. די פרעמדע לידער קען ער אפילע פאַרלייענען מיטן נוסעך פון יעדן איינעם. אין זיך אָבער קען ער פאַרלייענען בלויז די אייגענע לידער, אָפּשפּילן אפילע א בילד פון זײַנער א פּיעסע. א צוויי־טנס מוז ער ארויסברענגען אַף א קאָל, אנדערש קען ער ניט, און דאָ איז עס, ווייסט ער, שטרענג פאַרבאָטן, מעגן די לידער זײַן אפילע פון אזעלכע גרויסע דיכטער, ווי דאַוויד קאָרנאָסטערס און מאַרק פּאַלאַנערס. וועמען גייט דאָ ביכלאָל אָן די גרויסקײַט און געוויינישקײַט אינעם מענטשן!..

אומזיסט האָט ער זיך, זאַלמען, אזוי אויסגעפּײַנט פאַר זיך מיט זײַן זיקאָרן. אָט האָט ער מיטאַמאָל פאַרגעסן דעם אָנהייב פונעם ערשטן בילד אין מיכל קרישטאָלס פּיעסע. לאַנג פאַרקלערן זיך דערויף לאָזט ניט דער זיקאָרן. ער האָט מער וויכטיקערס אים אונטערצוזאָגן, אַף וואָס זיך פאַרטראַכטן, צי איז בא נאַטאַליען אויך געווען אַן אונטערזוכונג? דערווײַל האָט דער אויספאָרשער מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן קרישטאָלן. אַן עקזעמפּליאַר פון זײַן פּיעסע איז באַהאַלטן בא נאַדיען, און ווער איז אזעלכער מיכל קרישטאָל, דאַרף מען דעם אויספאָרשער ניט אונטערזאָגן. מיט וואָס קען זיך פאַרענדיקן פאַר נאַדיען, אויב בא

איר איז געווען אן אונטערזוכונג און מע האָט געפונען די פּיטסע? בא נאַדיען איז געווען באַהאַלטן דער איינציקער עקזעמפּליאַר, ווו ס'איז געווען אָנגעוויזן דער עמעסער נאָמען פונעם אווטאָר און ניט זײַנער, זאַלמען מאַנדעלס.

לאַנג פּאַרקלערן זיך דערוף האָט ניט געלאָזט זאַלמענען דאָס אײַסעקן זיך פון יענער זײַט טיר מיטן שלאָס. ניטאָ זיך וואָס צו צוהערן, דאָס איז מען געקומען נאָך אים, און דער נווירעדיקער ווייטיק, וואָס האָט פון דער העלער הויט אים נעכטן ארומגעכאַפּט בעשאַס מע איז געקומען נאָך אים, האָט ווידער א שניט געטאָן אין בויך, פאַרקליבן זיך פון דאָרט העכער, נעענטער צום האַרצן.

איצטיקס מאָל אָבער איז זאַלמען זיך טויע געווען. מע איז געקומען ניט בלויז נאָך אים, נאָר נאָך אַלעמען פון קאַמער, אַלעמען ארויסגעפירט אף צוואַנציק מינוט זיך דורכשפּאַצירן אף דער פרישער לופט.

אין א שורע, איינער נאָכן אַנדערן, די הענט פאַרלייגט אף הינטן, זײַנען זיי ארויס פון דער איפּעשדיקער קאַמער, דורכגעגאַנגען דעם לאַנגן קאָרידאָר מיט די אײַגלעך אין די טירן פון די פאַרשלאָסענע קאַמערן, אריין און ארויס פונעם באַגאַזשנעם ליפט און מיט א שמאָלן דורכגאַנג ארוף אפן דאַך, צומאַכנדיק אף א פּאָר רעגעס די אויגן פון דער העלשײַנענדיקער זון אין הימל.

— פונדאַנען איז גוט מעכאַדעש צו זײַן די לעוואָנע, — האָט שטילערהייט א זאָג געטאָן דער הינטער אים גייענדיקער קרעמענטשוגער ראָש־יעשיווע.

זאַלמען האָט זיך ניט אָפּגערופן. אים איז אזא געדאַנק ניט געקומען אפילע אפן זינען, ווען ער האָט איירנעכטן באַנאַכט צום ערשטן מאָל דאָ שפּאַצירט און איבער אים איז געהאַנגען א טיפער בלויער הימל מיט א זילבערנער לעוואָנע אינדערמיט, ארומגערינגלט מיט שטערן, ווי וועכטער. אים איז אין יענער נאַכט געקומען אפן זינען גאָר אן אַנדער געדאַנק: זיך אָנכאַפּן פאַר דער לעוואָנעס זילבערנע שטראַלן און ארופקלעטערן ווי אף א לייטער, ווי יאַנקעוו אָווינו אין כאָלעם, הויך ארוף אין די הימלען און אף שטענדיק שוין דאָרט פאַרבלײַבן. פריער אָבער וואָלט ער צוגעגאַנגען צום סאַמע ראַנד דאַך פונעם מויער, וואָס טיילט פאַנאַנדער די וועלט אף צווייען, און אפן גאַנצן קאָל ארײַנגעשריען אין דער נאַכט: — עלישעו!

נאָר צום ראַנד דאַך, וווהין ס'האָט אויך היינט אים א צי געטאָן, איז ניט צו דערקלײַבן זיך. דער וועג אהין איז פאַרצאַמט מיט א געמויערט ווענטל. פון אַלע פיר זײַטן איז די אַנדערע העלפט וועלט אָפּגעגרענעצט פון אָט דער מיט געמויערטע ווענטלעך. אויסער דעם וואַכמאַן אפן באַדעכלטן טורעמל, זעט מען פונדאַנען גאָרניט. דאָרט, ווו ס'האָט אין יענער נאַכט ארומגעשפּאַצירט די באַוואַכטע לעוואָנע, שטייט איצט די זון, לאָזט אף זיך ניט א קוק טאָן. אירע שטראַלן בלענדן די אויגן. אָט וואָלט ס'וואָלט געקענט פּאַרטיליקן די וועלט, פאַרסאַרפן, אז ס'זאָל קיין זייכער פון איר ניט בלײַבן. זי האָט עס פאַרדינט מיט אירע זינד אין אָן א שיר מאָל מער, ווי די וועלט אין די צײַטן פון מאַבל.

„וואָס איז מיט דיר, זאַלמען?" קעדיי מאַכן א סאָף צו די אַלע אָנגעפּלויגענע געדאַנקען צו אים דאָ אפן דאַך, האָט זאַלמען אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום נאָכגייענדיקן הינטער אים ארענען און א זאָג געטאָן:

— איך וואָלט גיכער געדאַרפט מעכאַבעד זײַן די זון. פיר טעג, אז כ'האָב זי ניט געזען.

— איר ציילט, זע איך, די טעג ווי מע ציילט ספירע. דאָ גייט דער כעזשבן ניט אף טעג און כאַדאָשים, נאָר אף יאָרן.

די קנאַפּע צוואַנציק מינוט אף דער פרישער לופט האָבן זיך געגעבן זאַלמענען ניט אומזיסט. זיי האָבן אופגעמאָנט בא אים פאַר דעם צו א גרויסן לוין — פאַרשיקערט, אף די פיס ניט אײַנצושטיין. דער קאָפּ האָט אופגעהערט עפּעס באַנעמען. אַלץ האָט זיך אין אים פאַרטעמפּט, אפילע דאָס דערמאָנען אים, אז ער זאָל ניט צומאַכן די אויגן. דער שלאָף פירט פונדאַנען גלײַך אין קאַרצער, וואָס אין פאַרגלײַך מיט אים, ווי די אַרעסטירטע פון דער פריערדיקער קאַמער האָבן דערציילט, איז דער גענעם א גאַניידן. ער קען זיך אָבער

מער מיטן שלאָף ניט ראַנגלען, ער וועט אים באַלד אומוואַלגערן אין זאָל מען מיט אים טאָן, וואָס מען ווויל.

— שאַרפט די האַנט, — האָט, דערזעענדיק, ווי זאַלמען ראַנגלט זיך מיטן שלאָף, אים אַ דערמאָן געטאָן דערפון לייזער עלקין. — שטאַרקער. נאָך שטאַרקער. און גיכער.

ס'איז ניט אַריבער קיין פינף מינוט ווי זאַלמענס רעכטע האַנט איז אַ פאַרכאַלעשטע געבליבן אומבאַוועגלעך ליגן אַף דער דלאָניע פון דער לינקער, זיך אָפּגעשטעלט ווי דער אומרו אין אַ ניט אָנגעצייגענעם זייגער.

— ווייסט איר גאָר וואָס, רעב זאַלמען, — האָט זיך צו אים אָנגערופן דער ראָש־יעשיווע, — זעצט זיך צום טיש און מירן מיט אייַך כאַפּן אַ שפּיל אין דאַמקעס. ניט וויכטיק, צי קענט איר יאָ שפּילן צי ניט שפּילן, וויכטיק איז, אַז דער קעלער באַם אייגל זאָל זען, אַז מיר שפּילן. — פאַנאַנדערגעשטעלט די שאַשקעס אַפן ברעטל און אַ ווונק געטאָן זאַלמענען, ער זאָל מאַכן דעם ערשטן גאַנג, האָט רעב אַרן אַ זאָג געטאָן מיט זיין געמאַרעניגן. — פון אַלץ קאָן מען מער אָדער ווייניקער אָפּגעוווינען אַ מענטשן, אָבער אָפּגעוווינען פון שלאָף... דאָס איז אָן אַ שיר שווערער, ווי הונגערן. וואָס זאָל מען אָבער טאָן, אויב ס'איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי צוגעוווינען זיך צו אָט דעם גזאַר?

וויאַזוי האָט ער דערצוויגן ביז דער אופזעער אין קאָרידאָר האָט אָפּגעגעבן דעם באַפעל „מאַכן נאַכט", איז פאַר זאַלמענען ניט געווען עס צו באַנעמען. אפאַנעס, אַז אַליין דער מענטש איז פאַר זיך גיכע אַ גרויסע רעטעניש. ניט קיין קלענערע רעטעניש איז פאַר אים אויך דאָס, וואָס צופאַלנדיק מיטן קאָפּ צום קישן, די אויגן באַהאַלטן פון דער עלעקטרישער שיין אונטערן אין דריי מאָל צונויפגעלייגטן וואַפלנעם האַנטעך, האָט דער אַזוי געגאַרטע שלאָף זיך מיטאַמאָל אָפּגעטאָן פון אים.

גאָר אינגאַנצן זיכער, אַז ער איז נאָך געווען אויף בייס דער אופזעער האָט געעפנט דאָס לאָדנדל אין דער טיר, איז זאַלמען בא זיך ניט געווען. נאָר איידער דער אופזעער האָט נאָך אָנגערופן דעם ערשטן אָס פון דער פאַמיליע, האָט זאַלמענען אַ שניט געטאָן אין בויך דער גוט באַקאַנטער אים שוין אומדערטרעגלעכער ווייטיק. אין דער אייגענער רגע אָבער, ווען ער האָט דערהערט, אַז דער אָנגערופענער אָס האָט ניט קיין שייכעס צו דער פאַמיליע מאַנדעל, איז דער ווייטיק ביסלעכווייז אָפּגעטראָטן און אין אַ פּאָר מינוט אַרום אינגאַנצן פאַרשוווּנדן.

פונסניי האָט זאַלמען דערפילט דעם זעלבן שניידנדיקן ווייטיק אין בויך, בייס ער האָט מיך אין דער נאַכט דערהערט דורכן שלאָף אָנרופן זיין פולן פאַמיליע־נאָמען און די קאָמאַנדע „סליעדקאַ".

דער וועג פונדאַנען צו דעם אויספאָרשערס קאַבינעט איז זאַלמענען מער אָדער ווייניקער שוין געווען באַקאַנט. ער וואָלט מיסטאָמע געטראָפן אַהין אָן אַ באַגלייטער. און צו די מעשונע־ווילדע קלאַנגען, מיט וועלכע די אופזעער גיבן איינער דעם אַנדערן צו וויסן וועגן זיך, האָט זאַלמען זיך שוין אויך ניט צוגעהערט מיט יענעם פּאַכעד, ווי אין די ערשטע פּאָר נעכט. דערפון, צי האָט מען אים ניט געגעבן דעם אויספאָרשער, אַז אָנשטאָט יעוודאָקימאָוון זאָל ער טרעפן אין קאַבינעט דעם בלאָנדן מאַיאָר, האָט ער זיכער ניט וואָס זיך דעריף צו פאַרקלערן, קוים קען ער דערמיט גאָרניט ענדערן. יעשוע האַנייצרים מוירע, ניט אָפּקערן די אַנדערע באַק באַם אראָפּלאָזן אַ פּאַטש, איז דער מאַיאָר שוין מיט אים דורכגעגאַנגען.

אין קאַבינעט, וווהין דער באַגלייטער האָט אים געבראַכט צו פירן, איז אַלץ געווען ווי פּאַריקע נאַכט. באַם טיש לעבן פאַרהאַנגענעם פענצטער איז געזעסן דער זעלבער אויספאָרשער, דער פּאָדפּאָלקאָווניק יעוודאָקימאָוו, מיטן בורשטינענעם מונדשטוקל אין מויל, און בא דער טיר, אַ טראָט פונעם אַריינגאַנג, זיינען געשטאַנען די זעלבע צוגעשמידטע צום דיל מישל און בענקל.

— אַ גוט־העלף, — זאַלמען האָט די באַגריסונג אַרויסגעבראַכט אַזוי, אַז דער אויספאָרשער האָט געקאָנט און ניט געקאָנט דערהערן. ווי איז פאַר אים בעסער, האָט זאַלמען אַליין ניט געוווסט. פון דעם, ווי יעוודאָקימאָוו האָט זיך אָפּגערופן אַף זאַלמענס באַגריסן

זיך, האָט געקאָנט באַטײַטן, אַז ער האָט צו דעם מאיאָרס נעכטיקן אַרײַנמישן זיך אינעם פאַרהער קיין שום שײַכעס ניט און בעט דערפון פאַרגעסן.

זאַלמען איז שוין באַלד געווען גרייט דערצו — ער האָט נאָך אַלץ געזוכט אין זײַן אויספאָרשער דאָס ביסל פאַרבליבענע אין אים רעשט פונעם מענטשן — נאָר יעוודאָקימאָוו גופע האָט אין א מינוט אַרום עס צו נישט געמאַכט מיט זײַן שטרענגן וואָרענען, אַז פון הײַנט אָן וועט דער געשפּרעך זײַן שוין אַן אַנדערער, ער וועט געפינען וועגן שוין גאָר אַנדערש. פאַר זאַלמענען האָט עס געדאַרפט באַטײַטן, אַז קיין גרויסער אונטערשייד צווישן מאַיאָר און דעם פּאָדפּאָלקאָווניק איז אין זיי ניט צו געפינען.

— איז ווי? איר וועט אונטערשרײַבן דעם נעכטיקן פּראָטאָקאָל? — יעוודאָקימאָוו האָט אַרויסגענומען פונעם סייף די עטלעכע אַקוראַט פאַרשריבענע בלעטלעך און זיי אַוועקגע־לייגט צוזאַמען מיטן הענטל־פען זאַלמענען אַפן טיש.

צום ערשטן מאָל האָט זאַלמען דערזען אין יעוודאָקימאָווס אויגן אָט די גרינע פֿײַער־לעך. ער האָט זיך אָבער ניט אָפּגעקערט פון זיי.

— נו? — יעוודאָקימאָוו האָט אַרויסגענומען פון די ברייטע גאַליפע־קעשענעס די הענט און זיך אָנגעשפּאַרט מיט זיי אין טיש, אָנבייגנדיק דעם קאָפּ האַרט צו זאַלמענס געזיכט. אָט אַזעלכע ווילדע, רעציכעסדיקע דאַרפן זײַן די אויגן באַם צערייצטן אָקס בעשאַס ער דערזעט פאַר זיך א רויטן לײַוונט און וואַרפט זיך אַרופכאַפּן זײַן קעגנער אויף די הערנער.

זאַלמען האָט אָפּגעקערט דאָס פּאָנעם אָן א זײַט און געפרוווט אָפּוועקן אין זײַן אויס־פאָרשער כאָטש עטוואָס פונעם געוויינלעכן אַרט מענטשלעכן דענקען.

— וויאַזוי קען איך זיך כאַסמענען אונטער דעם, וואָס כ'האָב ניט געזאָגט, אונטער באַשולדיקונגען, וועלכע איך בין אויף מײַן לעבן ניט באַגאַנגען?

— ווידער דאָס זעלבע לידל „איך ווייס פון גאָרניט, הער דערפון צום ערשטן מאָל". וויאַזוי פאַרשטייט איר ניט, אַז איר מאַכט זיך דערמיט ערגער? נעווילע פּאַרכאַטע, נעקייווע דו אײנע, באַשעפעניש פאַרקויפטע, דו ווייסט, וואָס פאַר א שטראָף עס דערוואַרט פאַר שפּיאָנאַזש, פאַר פאַרשפּרייטן רעכילעס וועגן אונדזער לאַנד, פאַר בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם? מיר שטעלן פאַר דעם צום וואַנט. פיף־פּאַף, און אויס! פאַרשטאַנען, מעשיגענע קאָפּ? איך גיב אײַך א מעגלעכקײַט פאַרלײַכטערן פאַר זיך די שטראָף. דער, וואָס אַנערקענט זיך אַליין, העלפט אונדז אַנטפּלעקן די פאַרמאַסקירטע סאָנים, דעם שאַנעווען מיר. באַטראַכט זיך, ביזוואַנען ס'איז נאָך ניט שפּעט. איר וועט דאָך סײַ־ווי־סײַ זיך אין אַלץ אַנערקענען, אויב ניט אַליין, מיטן אייגענעם ווילן, איז מיט אונדזער הילף. מיר האָבן, מיט וואָס קומען אין אַזעלכע פאַלן צו הילף.

דאָס ווײַלטע מאָל כאַזערט ער עס אים אַלץ איבער און יעדעס מאָל וואָרט אין וואָרט.

— נו, איז ווי? זאָגסט זיך, הייסט עס, ווידער אָפּ, ווידל מאַרזשאָוווער, אונטער־שרײַבן דעם פּראָטאָקאָל? — און ווי אומגערן א זעץ געטאָן זאַלמענען מיטן פויסט אין קין.

הײַנטיקס מאָל האָט זאַלמען דאָס בלוט פון מויל ניט אויסגעשפּיגן אין דער האַנט, געלאָזט עס רינען, און ווי פּאַריקע נאַכט, בעשאַס ער האָט נאָכן פּראַסק פונעם מאַיאָר זיך אויפגעהויבן פון דיל, האָט ער אויך איצט זיך באַגעגנט מיט די אויגן פונעם פירער זאַפן פאָרטרעט אַנטקעגנאיבער אויף דער וואַנט. און ווידער איז אים געקומען אַפן זינען דער זעלבער געדאַנק, אַז דעם פירערס בילד הענגט דאָ ווי א באַווײַז, אַז אַלץ, וואָס ווערט דאָ געטאָן, איז מיט זײַן האַסקאָמע.

פון דער מינוט אָן האָט מאַנדעל אויפגעהערט זוכן אין זײַן אויספאָרשער א סימען פונעם מענטשן. אין אים איז פאַרבליבן בלויז די כײַע, און מיט כײַעס אינעם געשטאַלט פון בען־אַדאָמס איז זאַלמענען אויסגעקומען האָבן צו טאָן אין זײַנע לידער. זיי האָבן אָבער בא אים געהייסן ניט אויספאָרשער, ניט אופּזעער, נאָר פּאַשיסטן.

ס'האָט אָנגעקלונגען דער טעלעפאָן. יעוודאָקימאָוו האָט זיך א וואָרף געטאָן צו אים און אַראָפּגעכאַפּט האַסטיק דאָס טרײַבל.

— דער פּאָדפּאָלקאָווניק פון מעלוכישער געפּאַרלאַזיקײַט יעוודאָ... — ניט פאַרענדיקט

נאָך אַרויסברענגען דעם פולן פאַמיליע־נאָמען, איז די מיליטעריש־שטרענגע שטים באַם אויספאָרשער איבערגעגאַנגען אין אַ מילד ווייכער. — אָך, דאָס ביסטו, ליזינקע? פאַרוואָס שלאָפסטו ניט? ס'איז דאָך שוין האַלבע נאַכט. וואַרטסט אויף מיר? כ'וועל נאָך אַזוי גיך ניט קומען. באַ מיר איז הײַנט אַ וועלט מיט אַרבעט. אַ גוטע נאַכט, טײַערינקע. איך קוש דיך. די קינדערלעך שלאָפן? איך קוש אײַך אַלעמען הייס, הייס...

ווי נאָר אָבער יעוודאָקימאָוו האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרײַבל, האָט זאַלמען צוריק דערזען און דערפילט אין אים די כײַע.

— צוליב אַזעלכע ווי דו, פאַרקריפּטע פעל, אין דײַן מאַמעס מאַמען אַרײַן, שלאָף איך ניט דורך די נעכט. איך פרעג דיך, מענוול, צום לעצטן מאָל: וועסט אונטערשרײַבן? ניין? איז האָב, אויב אַזוי, טײַנעס צו זיך אַליין.

צוגענומען פונעם טישל די בלעטלעך פונעם פּראָטאָקאָל, האָט יעוודאָקימאָוו זיך אומגעקערט צוריק צו זײַן טיש. ער האָט פאַנאַנדערגעבונדן די גרויע גראָבע פאַפּקע לעבן זיך, אַרויסגעצויגן פון דאָרט מיט עפּעס אַ באַזונדער פאַרגעניגן אַ בלעטל פּאַפּיר און, קוויקנדיק זיך מיטן רויך פונעם פרישן אָנגעצונדענעם ציגאַר, אַ פרעג געגעבן:

— בענשאַלעם האָט אײַך געבעטן אים באַקאַנען מיט ציליע גאַרבער צי איר אַליין, ווי ער זאָגט, האָט זי אים אונטערגערוקט?

זוכן אַזעלכע־ניט־איז לאָגיק אין דעם, וויאַזוי מע באַגייט זיך דאָ מיט אים און אין די פראַגעס, וועלכע מע פאַרגיט, איז, ווי ער פאַרשטייט, פּאַשעט אַן אומזין. און דאָך האָט זיך זאַלמען פאַרטראַכט, וועלנדיק כאָטש עטוואָס באַנעמען, וואָס פאַר אַ שײַכעס קען האָבן צו זײַן געפינען זיך איצטער דאָ ציליע גאַרבער, מיט וועמען ער האָט זיך באַקאַנט מיט עטלעכע יאָר צוריק אויף זײַנעם אַ ליטעראַרישן אָוונט אין זאַל פונעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט. ער האָט פאַרגעלייענט זײַנע לעצטע ליבע־לידער. דער זאַל איז געווען פול מיט באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פּנימער. דאָס מיידל מיט די געקרײַזלטע האָר, גערדיכט־שוואַרצע אויגן און פולבלעכע זאַפטיקע ליפּן אין די לעצטע רייען איז אים געווען אומבאַקאַנט. ער האָט זי אָבער גלײַך באַמערקט, און נאָכן אָוונט צוגעגאַנגען זיך באַקענען. זי האָט אים אָנגערופן איר נאָמען און פאַמיליע־נאָמען: ציליע גאַרבער. זיי זײַנען נאָכדעם צוזאַמען אַרויס פון קאָמיטעט. ער האָט זי באַגלייט אַהיים. ציליע האָט געוווינט באַ איר אַ מומע ניט ווײַט פונעם קאָמיטעט, אויף זובאָווסקי בולוואַר. די עלטערן אירע לעבן אין זשיטאָמיר. זי איז ניט לאַנג פון דאָרטן, לערנט זיך אין דער קאָנסערוואַטאָריע שפּילן פידל.

זאַלמען האָט נאָכדעם אָפּט געוואַרט אויף איר אין די פאַרנאַכטן באַ טשײַקאָווסקיס דענקמאָל אין הויף פון דער קאָנסערוואַטאָריע, געקומען מיט איר עטלעכע מאָל אין קאָמיטעט. קיינעם האָט עס ניט געוווּנדערט, מע האָט געוווּסט זײַן שוואַכקײַט צו יונגע שיינע מיידלעך און פרויען און די שוואַכקײַט פון יונגע מיידלעך און פרויען צו זײַנע ליבע־לידער. צי בענשאַלעם, ווען ער האָט זי דערזען אין קאָמיטעט, האָט אַליין זיך פאַרגעשטעלט פאַר איר, צי געבעטן, אַז זאַלמען זאָל אים באַקאַנען מיט איר, איז ניט אַזוי וויכטיק, אַז ער זאָל געווען עס דאַרפן פאַרגעדענקען. ער האָט ניט געמאַכט דערפון קיין ווען, פונקט ווי ער האָט ניט געמאַכט קיין ווען פון דעם, וואָס ער האָט אין איינעם אַן אָוונט צופעליק געטראָפן בענשאַלעמען באַם אַרויסגאַנג פון דער קאָנסערוואַטאָריע.

אויך איצט, אין עטלעכע יאָר אַרום נאָך זײַן באַקאַנען זיך מיט ציליען, קען ער זיך ניט ענטפערן, צי איז ער געווען אויף אַזויפיל פאַרליבט אין איר, אַז ווען זי קערט זיך פּלוצעם ניט אום צוריק קיין זשיטאָמיר, וואָלטן זיי כאַסענע געהאַט. פאַרוואָס איז זי פּלוצעם אַוועקגעפאָרן און אַ כידעש פאַר דעם אויסגעמיטן זיך מיט אים באַגעגענען, איז פאַר זאַלמענען ביז איצט פאַרבליבן אַ סאָד. ער האָט בלויז געוווּסט, אַז פון זשיטאָמיר איז זי נאָכדעם אַוועקגעפאָרן אויף אוראַל, אָנגעקומען דאָרט זיך לערנען אין דער סווערדלאָווסקער קאָנסערוואַטאָריע. נאָר וואָס פאַר אַ שײַכעס קאָן דאָס אַלץ האָבן צו זײַן אָפּזאָגן זיך אונטערשרײַבן דעם פּראָטאָקאָל?

יעוודאָקימאָוו האָט באַמערקט זאַלמענס פאַרלוירנקײַט און געײַלט דערמיט זיך באַנוצן. ער האָט אָפּגעלייגט אָן אַ זײַט דאָס אַרויסגעצויגענע בלעטל פּאַפּיר און אַרויסגענומען

פון דער זעלבער פאפקע אנדערע צווײ. דורכגעלאָפן זיך איבער זײ מיט די אויגן און ווי פארגעסן, אז זאלמען האָט אים ניט געענטפערט אף דער פריערדיקער פראגע, פארגעבן אים א צווייטע:

— מיט ווען פון אײַערע באקאנטע זײַט איר באזונדערס געווען נאָענט באפרײַנ־דעט? וואָס האָט איר זיך שוין ווידער פארקלערט? דאָס דארף איך אײַך עפשער אויך אונ־טערזאָגן?

ניין, דאָס דארף דער אויספאָרשער אים שוין אוודאי ניט אונטערזאָגן, ניט דערפאר האָט ער זיך, זאלמען, פארקלערט. ער ווייסט פאָשעט ניט, צי וועט יעוודאָקימאָוו וועגן יעדן אָנגערופענעם עפעס ניט צוטראכטן. פאפיר פאר א נײַעם פראָטאָקאָל האָט ער שוין ארויס־געלייגט אפן טיש.

— מירן לאנג נאָך אזוי שווײַגן?

עמעצן פון די באקאנטע דארף ער דאָך סאָפקאָלסאָף אָנרופן, נאָר אין קיין שום פאל ניט פון יענע, וועלכע זײַנען פארבליבן אף דער פרײַ. די אָבער, וואָס זיצן, קען עס דאָך ניט שאטן. זיי זײַנען שוין אַלציינס דאָ. אָבער ניט וועגן יעדן, וועמען זאלמען וועט אָנרופן, קען ער זאָגן, אז ער איז געווען מיט אים נאָענט באפרײַנדעט. דער איינציקער מענטש, מיט וועמען ער איז ווירקלעך געווען באזונדערס נאָענט באפרײַנדעט, איז נאָסן לעוויטין. וואָס קען יעוודאָקימאָוו צושרײַבן נאָסענען, אויב ער איז אין אויסלאנד קיינמאָל ניט געווען, קימאט פונעם ערשטן ביזן לעצטן טאָג געווען אף דער מילכאָמע, זיך אומגעקערט פון דאָרט א שווער פארוווּנדעטער?

זאלמען איז שוין געווען גרייט אָנרופן נאָסנס פאמיליע, נאָר באם פאָדפאָלקאָווניק האָט קענטיק געפלאצט דאָס געדולד, ניט געוואָלט מער ווארטן. צי עפשער זײַנען אים אין אָט די מינוטן ניט אָנגעגאנגען קיין אנדערע פאמיליע־נעמען, אויסער ווי בענשאַלעמס, און ער האָט זי אליין אים אָנגערופן:

— איר קענט דאָך ניט לייקענען, אז איר זײַט געווען מיט בענשאַלעמען נאָענט באַ־פרײַנדעט. ער אליין ווײַזט אָן, אז איר זײַט געווען איינער פון זײַנע סאמע נאָענטסטע פרײַנט.

ווי קומט עס, קאָן זאלמען ניט באגרײַפן, אז בענשאָלעם, וועלכער איז זיך אים אנומלט אליין מוידע געווען, אז ער האָט ניט קיין נאָענטע פרײַנט, נאָענטע באקאנטע — יאָ, אָבער ניט קיין נאָענטע פרײַנט, זאָל מיטאמאָל מאכן פאר אים אן אויסנאם, אָנרופן פאר זײַנעם א באזונדערס נאָענטן מענטשן? זאלמען זאָגט זיך ניט אָפּ, זיי זײַנען ווירקלעך געווען נאָענט באפרײַנדעט. פאר די אלע יאָרן זינט זיי קענען זיך האָט ער ניט באמערקט אין בענשאָלע־מען באזונדערס עפעס אזעלכס, וואָס האָט געקאָנט זיי דערווײַטערן. אים איז געווען צום הארצן בענשאָלעמס שארפזין, די פאָלקסטימלעכע פראָסטקײַט אין זײַנע לידער, זײַן טיף מענטשלעכע פילבארקײַט צו יענעמס לייד. עמעס, אין אים איז אויך געווען אזעלכס, וואָס איז זאלמענען געווען פרעמד. נאָר בא וועמען זײַנען ניטאָ קיין שוואכקײַטן, קיין כעסרוינעס. .

ניט זײַענדיק זיכער, צי בענשאָלעם האָט אים דאָ טאקע אזוי פאָרגעשטעלט, האָט זאלמען, ענטפערנדיק דעם אויספאָרשער, אף יעדנפאל פארביטן דאָס וואָרט „באפרײַנדעט״ אף „באקאנט״:

— מיר זײַנען געווען נאָענט באקאנט.

— אין בענשאָלעמס באווײַזן וועגן אײַך איז געזאָגט, אז איר זײַט געווען באזונדערס נאָענט באפרײַנדעט, און צווישן פרײַנט זײַנען ניטאָ בא איינעם פונעם אנדערן קיין סודעס. איז דערציילט אונדז אלץ, וואָס ער האָט מיט אײַך גערעדט, באזונדערס נאָך זײַן צוריקומען פון אמעריקע. מיט איין וואָרט אלץ, וואָס איר ווייסט וועגן אים.

זאלמען האָט קיין איבעריקע רעגע ניט געלאָזט יעוודאָקימאָוון ווארטן אף זײַן ענטפער:

— איך האָב ניט באזונדערס וואָס צו דערציילן וועגן אים, מיר האָבן מייסטנטייל גערעדט וועגן פאָעזיע.

— איר ווילט זאָגן, אז איר האָט זיך פארנומען בלויז מיט פאָעזיע?

— איך זאָג עס ניט. מיר זײַנען אלע געווען פארנומען מיט דערציילן דער וועלט

וועגן די דײַטשישע רעציכעס, וועגן דער העלדישקײַט פֿון דער רויטער אַרמיי, וועגן דעם מעסירעסנעפעש, מיט וועלכן די ייִדן האָבן זיך געשלאָגן אויפֿן פֿראָנט, זיך געמיט אויף די זאַוואָדן און פֿאַבריקן אין הינטערלאַנד.

— און מער, הייסט עס, האָט איר זיך מיט גאָרנישט ניט פֿאַרנומען? — יעוודאָקימאָוו האָט פֿאַרלאָזט דעם טיש מיט די פֿאַנאַנדערגעלייגטע אויף אים פּאַפּירן און צוגעגאַנגען צו זאַלמענען, די הענט פֿאַרשטעקט אין די ברייטע קעשענעס פֿון די גאַליפֿע. — הערט זיך אײַן, זאַלמאַן נאַומאָוויטש. איר וועט נאָך לאַנג מאַכן זיך פֿאַר אַ לעמעשקע? איך זע, אַז איר האָט אַ גרויסן פֿאַרלאַנג זיך באַקאַנען מיטן קאָרצער און מיט אַנדערע אונדזערע קאַבינעטן, אונדז איז באַוווּסט, אַז איר זײַט געוועזן נאָענט באַפֿרײַנדעט, ניט בלויז באַקאַנט, מיט בעני-מיכאַעלן און בענשאַלעמען. איז ווי קאָן עס זײַן, אַז איר זאָלט ניט וויסן וועגן זייער שפּיאָ-נישער, פֿאַרעטערישער טעטיקײַט? וואָס שאַקלסטו, אין דײַן מאַמעס מאַמען אַרײַן, מיטן קאָפּ? דערציי"ל, מיט וועלכע שליכעס האָבן זיי דיך געשיקט קיין קרים און בירעבידזשאַן? נו, רעכט. — ער האָט גענומען פֿון טיש אַ פֿאַרשריבן בלעטל פּאַפּיר און עס צוגעטראָגן זאַלמענען סאַמע צו די אויגן: — דערקענסט די אונטערשריפֿט?

די כסימע אונטער דעם אָנגעשריבענעם אויפֿן זײַטל פּאַפּיר איז געוועזן בעלי-סאָפֿעק בענשאַלעמס. זאַלמען האָט זי גלײַך דערקענט. זי איז אַ דײַטלעך פּראָסטע, אָן באַפּוצונגען, ווי זײַנע לידער.

— דערקענט? איך פֿרעג דיך, דערקענט? ענטפֿער, ווען מע פֿרעגט דיך, אויסוווּרף איינער! די צונג האָט זיך באַ דיר אָפּגענומען? מיינסט, אַז מיטן שווײַגן און מיטן מאַכן זיך ניט-וויסנדיק וועסטו זיך ראַטעווען? דו מאַכסט זיך דערמיט בלויז ערגער. אַ נײַער העלד האָט זיך אָפּגעזוכט אין באַרדיטשעוו, וויל זײַן קליגער פֿון אַלעמען. ווײַדל הינטישער, אַלע דײַניקע צוזאַמען מיט אײַער הויפּט בענשאַלעמען האָבן זיך אָנערקענט אין די באַגאַנגענע פֿאַרברעכנס קעגן אונדזער לאַנד, און דו איינער, נעבעך, הייבט ניט אָן צו וויסן ווו אײַן, ווו אויס. הער, פֿעדעראַסט, וואָס עס זאָגט וועגן דיר דײַן נאָענטער פֿרײַנט בענשאַלעם: „מיר און דעם סעקרעטאַר פֿונעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט אַכנעסן איז געוועזן באַוווּסט, אַז באַם שרײַבער זאַלמען מאַנדעלן זײַנען די זעלבע בורזשואַז-נאַציאָנאַליסטישע אָנשויונגען, די זעלבע אַנטיסאָוועטישע שטימונגען, ווי באַ אונדז, דעריבער האָבן מיר אים אײַנגעלאַדן אַקטיוו אָנטיילנעמען אין דער אַרבעט פֿון קאָמיטעט". נו, וואָס, פֿאַרקריפּלטע נעשאָמע, פֿאַדלע דו איינער?! איצט וועסטו אויך זאָגן, אַז דו ווייסט פֿון גאָרניט, אַז דו ביסט גאָט די נעשאָמע שולדיק? הער ווײַטער, געגנויפּעטע פּאַסקודע, וואָס עס שרײַבט וועגן דיר ניט אַבי-ווער, נאָר דײַן נאָענטסטער פֿרײַנט בענשאַלעם.

וואַרפֿנדיק פֿון מאָל צו מאָל אַ בליק אויפֿן דערשלאָגענעם פּונעם דערהערטן זאַלמען מאַנדעלן, האָט יעוודאָקימאָוו מער האַרבער פֿאַרגעזעצט לייענען דאָס ווײַטערדיקע אין בענשאַלעמס באַווײַזן, אונטער וועלכע עס שטייט זײַן כסימע:

„אין אַמעריקע זײַענדיק, האָב איך און בענמיכאַעל זיך פֿאַרפֿליכטעט פֿירן שפּיאָנאַזש. צוליבן דאָזיקן צוועק האָבן מיר צוגעצויגן די מער אָנגעזעענע שרײַבער, צווישן זיי אויך זאַלמען מאַנדעלן, אַלס איינעם פֿון די זײַלן פֿון קאָמיטעט. מיטן מאַנדאַט פֿון דער סאָזינג-פֿאַרמבוראָ אויף די הענט האָט מאַנדעל געהאַט אומעטום אַ צוטריט".

— נו וואָס, געגנויפּעטע נעקייווע? איצט וועסטו אויך נאָך זאָגן, אַז דו ביסט אין גאָרניט שולדיק? — יעוודאָקימאָוו האָט אַרויסגענומען פֿון סייף עטלעכע ריינע פּראָטאָקאָל-בלאַנקן, זיי אַקוראַט איבערגעציילט, אײַנגעטונקט די פּען אין אינעם טינטער און, צורוקנדיק זיך מיטן שטול נאָענט צום טיש, אַ מאַך געטאָן צו זאַלמענען מיטן קאָפּ, אַז ער קען אָנהייבן געבן זײַנע באַווײַזן:

— גאָרניט פֿאַרלייקענען. מיר וועלן זיך סײַווי אַלץ דערוויסן. דערציי"ל.

איבער די קויכעס איז זאַלמענען אָנגעקומען אַרויסברענגען פֿון זיך:

— וואָס דאַרף איך דערציילן?

— אַלץ! און ניט בלויז וועגן זיך, וועגן די אייגענע באַגאַנגענע פֿאַרברעכנס, נאָר אויך וועגן די פֿאַרברעכנס פֿון די אַנדערע ייִדישע שרײַבער, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט

אײַך מיטגעארבעט אינעם פאַרעטערישן אנטיסאָוועטישן ייִדישן קאָמיטעט. ביסט דאָך ניט טויב, האָסט דאָך געהערט, וואָס בענשאַלעם זאָגט וועגן דיר און אײַך אַלע.

וויִאזוי האָט ער געקאָנט אזעלכס זאָגן? ער האָט ניט געקאָנט אזוינס זאָגן. אָבער אונטער דעם שטייט דאָך זײַן כסימע, בענשאַלעם האָט זיך דאָך אונטער דעם אונטער־געשריבן...

אויסער דעם פּאָרטרעט פונעם אַלמעכטיקן אנטקעגניבער אף דער וואַנט האָט זאַלמען, זיצנדיק באַם צוגעשמידטן טישל, מער גאָרניט געזען איצט פאַר זיך, געזען דעם אַלמעכטיקן אינעם זעלבן ווײַסן קיטעל מיט די ארופגעלייגטע ברייטע קעשענעס, ווי אין יענעם פרי־הארבסטיקן טאָג באַם ארויסגאַנג פונעם קאָלאָנען־זאַל. דעמלט, אף וויפל זאַלמענען געדענקט זיך, האָט ער ניט געהאַט באַזונדערס וואָס אים צו פרעגן, אים, זאַלמענען, איז דעמלט, דוכט זיך, אַלץ געווען קלאָר און פארשטענדלעך.

וועגן יענער באַגעגעניש פּאָנעם־על־פּאָנעם מיטן אַלמעכטיקן באַלעבאָס פונעם לאַנד האָט ער קיין איין שורע ניט אָנגעשריבן. אָבער לידער מיט א לויב־געזאַנג זײַן הייליקן נאָמען פאַרן איבערבויען דאָס לאַנד, פאַרן פאַרוואַנדלען דאָס אָרעם־פויערישע לאַנד אין א מעכטיק אינדוסטריִעלס און אַלע פעלקער זאָלן לעבן צווישן זיך, ווי ברידער, ס'זאָל פאַרשווינדן אף אייביק די סינע צו ייִדן, אזעלכע לידער זײַנען באַ אים פאַראַן. ער זאָגט זיך פון זיי ניט אָפּ, כאָטש פיל זאַכן זײַנען אים איצט לאַכלוטן שוין ניט קלאָר. ווען ער באַגעגנט זיך איצטער מיטן אַלמעכטיקן פּאָנעם־על־פּאָנעם, וואָלט ער אים געהאַט פיל, זייער פיל צו פרעגן.

אף קיין רעגע פירט זאַלמען ניט אָפּ די אויגן פונעם אַלמעכטיקן אפן בילד, ווי ער זאָל זיך ריכטן דער־ווארטן פון אים אן ענטפער אף דער פראַגע, וועלכע ער האָט אין זיך, מיט א צוגעשלאָסענעם מויל, אים שוין הײַנט ניט איין מאָל פארגעבן: ער ווייסט וועגן דעם, וואָס דאָ קומט פאָר, צי מע באַהאַלט עס פון אים אויס?

אזוי צי אנדערש, נאָר אויך איצטיקס מאָל האָט זאַלמען זיך אַליין דערוף געענטפערט: ניין, ער גלייבט ניט, ער קאָן ניט גלייבן, אז דאָס זאָל געטאָן ווערן מיט יענעמס ווייסן. און אויב יאָ? — דערהערט זאַלמען פונסנײַ דעם אַקשאָנעסדיקן ווידערשפּרעכער אין זיך. דערוף האָט שוין זאַלמען ניט קיין ענטפער און איז ניט זיכער צי וועט זיך געפינען כאָטש איינער מיט א קלאָרן סייכל, ווער ס'זאָל קענען דערוף ענטפערן. סײַדן...

אזוי ווײַט זאָל ער זיך לאָזן פארפירן פון זיך, דערלאָזן דעם געדאַנק, אז ער זאָל אין אים, אין לעניִנס טרײַען טאַלמיד, ווי ער רופט זיך, דערזען פּאָשעט א טאַליען, א געוויינ־לעכן בלוטדורשטיקן גאַזלען און בענעגייע די ייִדן גיין אין די דראָכים פונעם דײַטשישן טאַליען, יִמאַך שמוי וועזיכרוי, אין דעם איז פאָרט ניט צו גלייבן. דערגיין צו אזעלכס קען בלויז נאָר דער, ווער ס'האָט אינגאַנצן פארלוירן דעם זינען... ניט צו באַנעמען, וואָס עס קומט פאָר. ניט צו באַנעמען.

„זײַענדיק אין די פארייניקטע שטאַטן, האָב איך מיט בענמיכאָעלן זיך פארפליכטעט פירן שפּיאָנאַזש לטעוווּעס אמעריקע. פאַרן דאָזיקן צוועק האָבן מיר צוגעצויגן די ייִדישע שרײַבער, בעסויכעם אויך זאַלמען מאַנדעלן, איינעם פון די זײַלן אין קאָמיטעט אין פירן שפּיאָנאַזש".

וויִאזוי האָט בענשאַלעם געקאָנט אזעלכס אונטערשרײַבן, זיך אין אזעלכס אנערקענען? נאָר באַלד דערהערט זאַלמען אין זיך: „דו ביסט זיכער, אז וועסט ניט אונטערשרײַבן, אויב מע וועט דיך דערצו צווינגען?"

ווי קאָן ער זײַן זיכער אין דעם, אויב די געוועזענע פירער פון לאַנד, מענטשן, וועמען ס'האָט אין קאַמף מיט דער צארישער אָרדענונג גאָרניט אָפּגעשטעלט, ניט די קאַזעמאַטן, ניט די קאַטאָרגע, ניט די קייטן אף די הענט און פיס, האָבן בײַם די פּראָצעסן אף זיי אינעם סאָוועטישן געריכט זיך איין אַלץ, אין וואָס מע האָט זיי באַשולדיקט, אנערקענט, זיך אנערקענט אין אזעלכע שרעקלעכע פארברעכנס, אז דאָס בלוט אין די אָדערן האָט געקאָנט דערפון פארקילט ווערן.

„דו האָסט דאָך אָבער געגלייבט, אז זיי זײַנען ווירקלעך באַגאַנגען די אַלע שווערע פּארברעכנס, וויבאַלד זיי זײַנען זיך אין דעם מודע געווען, אונטער אַלץ זיך אונטערגע־

שריבן. איצט ווייסטו דאָך שוין, וויאַזוי דאָס אַלץ ווערט דאָ געמאַכט. האַלט זיך, קאַלזמאַן דו קאַנסט. זאָל דיר אַנטקעגן גיין רעב אַרענס טילים-זאָגן".

— ווײַדל מאַרזשאַווער, כ'וועל נאָך לאַנג וואַרטן? דערציילן, פּאַדלע, אין דײַן מאַמעס מאַמען אַרײַן. איך וועל דיר, געגנוויעפנטע נעקיווע, דעם שאַרבן באַלד שפּאַלטן. דערצייל, אויב דו ווילסט ניט, כ'זאָל פון דיר באַלד מאַכן אַן אָנבײַסן פאַר די הינט!

זאַלמען האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ ניט בלויז פון שרעק, אַז דער פּאָדפּאָלקאָווניק פון דער מעלוכישער געפּאַרלאָזיקײַט קאָן שפּאַלטן אים דעם שאַרבן, נאָר אויך פון בושע פאַר מעווזיעש זײַן די מעכטיק-רײַכע רוסישע שפּראַך, פון פאַרוואַנדלען זי דאָ אין אַ שאַנד-הײַזל, אין אַ מיסטקאַסטן.

— נו?! — יעווראָקימאָוו האָט אַ זעץ געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש. — וועסט ענד-לעך אָנהייבן דערציילן!

— איך האָב ניט וואָס צו דערציילן. כ'האָב זיך קיינמאָל ניט פאַרנומען מיט קיין שפּיאָנאַזש, בין קיינמאָל אַף מײַן לעבן ניט געווען קיין בורזשואַזער נאַציאָנאַליסט. אונדז איז עס שטענדיק געווען פרעמד און דערווידער.

— ווער איז עס אָט דער „אונדז"?

— די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

— אַנטיסאָוועטישע, — האָט יעווראָקימאָוו אים גלײַך פאַריכט, ווי ער פאַריכט אים יעדעס מאָל באַם דערמאָנען דעם קאָמיטעט, אַז ער איז געווען ניט קיין אַנטיפאַשיסטישער, נאָר אַן אַנטיסאָוועטישער. — לויט דיר, הינטישער זון, קומט, הייסט עס, אויס, אַז אונדזערע אָרגאַנען, אונדזער פּאַרטיי זײַנען זיך טויע געווען מיטן צומאַכן אײַער קאָמיטעט מיט אײַער ייִדישער שרײַבערישער סעקציע? יאָ? אַז מע פרעגט, דאַרף מען ענטפערן, פּאַדלע. און ווער דען ביסטו, פאַרקויפטע פעל, אויב ניט קיין פאַרעטער? אין דער באַשטימונג וועגן צומאַכן אײַער קאָמיטעט איז געזאָגט: „דאָס מיניסטעריום פון מעלוכישער געפּאַרלאָזיקײַט האָט פולקום פעסטגעשטעלט, אַז דער ייִדישער קאָמיטעט, אין דער שפּיץ פון וועלכן ס'איז געשטאַנען דער שפּיאָן און בורזשואַזער נאַציאָנאַליסט בענמיכאָעל, איז געווען אַן אַנטיסאָוועטישער שפּיאָנישער אַנשטאַלט, זײַן אָרגאַן, די צײַטונג „אייניקײַט", איז געווען אַן אַנטי-סאָוועטישע צײַטונג, די ייִדישע ליטעראַטור — אַ בורזשואַזע, נאַציאָנאַליסטישע". און ווי-באַלד דו זאָגסט אַליין, אַז ביסט געווען מיט זיי ענג פאַרבונדן, איז דרינגט נאַטירלעך דער-פון אַרויס, אַז די אַלע באַשולדיקונגען האָבן אַן אומיטלבאַרע שײַכעס צו דיר, פאַרשטענד-לעך? איך האָב דיר שוין ניט איין מאָל געזאָגט און כאַזער דיר עס ווידער איבער: דײַן גורל איז אָפּהענגיק בלויז פון דיר אַליין. איך זאָל אײַך צו, אויב איר וועט אָפנהאַרציק אונדז אַלץ דערציילן, גאָרניט אויסבאַהאַלטן, וועל איך זיך באַמיִען לײַכטער מאַכן אײַך די שטראָף. און אַ שטראָף דערוואַרט אײַך, ווי אַ שפּיאָן און פאַרעטער, גאָר אַ גרויסע.

אין דעם האָט זאַלמען ניט געצווייפלט. עס האָבן אים דערצו ניט דערלאָזט די געלבע פײַערלעך אין יעווראָקימאָווס אויגן, פײַערלעך פון אַ כײַע, וואָס האָט ביז לעצט פאַרטיליקט אין אים דעם מענטשן. און כאָטש זאַלמען האָט פאַרשטאַנען, אַז ווערן זיך קעגן דער כײַע מיטן געווער, וואָס אים איז געגעבן, מיטן סייכל-האַיאַשער, גייט דאָ ניט אָן, דאָ איז עס ניט קיין געווער, דאָך האָט זאַלמען געפּרוווט צו דעם אָנקומען, דערמאָנט זײַן אויספאָרשער, אַז דער פאַרטראַכט שאַפן דעם קאָמיטעט און די צײַטונג שטאַמט פון די גאָר הויכע פענצ-טער, אַז דערפון האָט זיכער געוווסט דער „פאָטער פון פעלקער", אַז מיטן קאָמיטעט און דער צײַטונג האָט ווי מיט אַלע אַנדערע קאָמיטעטן, וואָס זײַנען געשאַפן בײַס דער מיל-כאָמע, אָנגעפירט די סאָווינפאָרמביוראָ...

ווי נאָר זאַלמען האָט דערמאָנט די סאָווינפאָרמביוראָ, האָט דער אויספאָרשער אים גלײַך איבערגעשלאָגן:

— מיט דער אינפאָרמביוראָ האָט אָנגעפירט דער ייִד סאָלאָמאָן אַבראַמאָוויטש, אַ שפּיאָן און אַ בורזשואַזער נאַציאָנאַליסט, ווי איר אַלע...

— איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאַרנומען מיט קיין שפּיאָנאַזש, בין קיינמאָל ניט גע-ווען קיין בורזשואַזער נאַציאָנאַליסט, — האָט זאַלמען ווידער איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע.

דאָס מאָל אָבער צוגעגעבן צו דעם: — די איינציקע שולד מײַנע איז עפּשער דאָס, וואָס כ'האָב געשריבן אױף ייִדיש...

— הא? — יעוודאָקימאָוו האָט זיך אָנגעוואַלגערט מיט דער ברוסט אױפֿן ראַנד טיש, ווי אױף אומצוװאַרפֿן אים. — דו ווילסט אונדז, פֿאַרכאַטער, באַשולדיקן אין אַנטיסעמיטיזם, באַשולדיקן אין אַנטיסעמיטיזם אונדזער פֿירער? זע, זאַלמאַן נאַומאָוויטש, זאָלסט זיך ניט אָנבעטן צום װענטל. האָסט פֿאַרגעסן, ווי איך זע, וווּ דו געפֿינסט זיך.

דאַכט זיך, אַז ער האָט טאַקע בעעמעס זיך אױף אַ ווײַלע פֿאַרגעסן, וווּ ער געפֿינט זיך, אופגעהערט באַנעמען, וואָס קומט דאָ פֿאָר, וואָס פֿאַרלאַנגט מען פֿון אים. ער האָט אופגעהויבן די אויגן פֿון טישל, צעשטרייט זיך אַרומגעקוקט. זײַן בליק האָט זיך ווידער אָנגעשטויסן אױף די עטוואָס צוגעזשמורעטע אויגן פֿונעם אַלמעכטיקן אױפֿן בילד.

— נו גוט, זאַלמאַן נאַומאָוויטש, מירן פֿאַרזעצן אונדזער געשפּרעך נאָך דעם, ווי מיר וועלן דיך באַקאַנען מיט די ראַצן אין קאַרצער. איך פֿרעג דיך צום לעצטן מאָל: וועסט נעמען דערציילן?

— אַז איך ווייס ניט, וואָס צו דערציילן.

— ער ווייסט שוין, נעבעך, ניט וואָס צו דערציילן. וועגן דײַן שפּיאָנאַזש און בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם דערצייל. צי דו האָסט זיך פֿאַרנומען אין קאָמיטעט בלויז מיט שרײַבן לידער?

ווייניקער פֿון אַלץ האָט זאַלמען זיך דעמאָלט אָפּגעגעבן מיט שרײַבן לידער. און ניט דערפֿאַר, ווײַל ווען עס דונערן האַרמאַטן שווײַגט די געטלעכע שכינה, די מוזע. ס'האָט אויסגעפּעלט דערויף צײַט, זי איז ווי בײַ אַלע ייִדישע שרײַבער, וועמען מע האָט צוליבן עלטער אָדער געזונט־צושטאַנד ניט גענומען אױף דער מילכאָמע, אַוועק בײַ אים אין באַשרײַבן די העלדישקײַט פֿון די ייִדישע שלאַכטלײַט, וואָס האָבן האַנט בײַ האַנט מיט אַלע פֿעלקער פֿון לאַנד זיך געשלאָגן מיטן סוינע אױף די פֿראָנטן, אין דערציילן דער וועלט וועגן די דײַטשישע רעציכעס אין די אָקופּירטע שטעט און שטעטלעך, פֿונוואַנען ס'האָבן אַלפֿי נעס זיך אַרויסגעראַטעוועט די לעבעדיקע איידעס פֿונעם שרעקלעכן מאָרד. די ייִדישע שרײַבער האָבן געהאַט אויך פֿיל צו דערציילן וועגן דעם, וויִאַזוי עס לעבן אין די נײַע מעקוימעס די עוואַקויִרטע.

צי אַלץ, וואָס ער האָט דאַן אָנגעשריבן, איז געווען געדרוקט, קען ער דעם אויספֿאָרשער ניט זאָגן. ער ווייסט פּאָשעט ניט, ער ווייסט בלויז, אַז דער קאָמיטעט האָט מיט דער פּאָטשט פֿון דער סאָווינפֿאָרמביוראָ עס אַלץ איבערגעשיקט פֿאַר דער ייִדישער אויסלענדישער פּרעסע און אַז יעדעס אָפּגעשיקט וואָרט איז אַפּריִער דורכגעגאַנגען דאָ די צענזור.

— וואָס זײַט איר מיטאַמאָל אַנשוויגן געוואָרן?

— איך האָב מער ניט וואָס צו דערציילן דערפֿון, בירגער אויספֿאָרשער.

— אַזוי גאָר? אײַך עפּשער אונטערזאָגן? — יעוודאָקימאָוו האָט אַוועקגעלייגט ביידע הענט אױף דער גראָבער גרויער פּאַפּקע. — דאָ ליגן קאָפּיִעס פֿון עטלעכע אײַערע באַשרײַבונגען, וואָס דער קאָמיטעט אײַערער האָט איבערגעשיקט קיין אויסלאַנד. כ'וואָלט געקאָנט זיי אײַך איבערלייענען, זיי זײַנען אַלע איבערגעזעצט אין רוסיש. כ'וויל אָבער, איר זאָלט זיי מיר אַליין איבערדערציילן, מיר איז טשיקאַווע אַ קוק טאָן, וויִאַזוי איר וועט בייסן דערציילן אויסבאַהאַלטן אין זיי אײַערע נאַציאָנאַליסטישע אַרויסזאָגונגען. כאַפּן אײַך בײַ דער האַנט וועט מיר זײַן ניט שווער. פֿאַר אונדז זײַנען ניטאָ קיין סוידעס, אונדז איז אַלץ באַוווּסט.

איבערדערציילן, אַפֿילע אײַנקורצן, אַלץ, וואָס זאַלמען האָט דורך דעם ייִדישן אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט איבערגעגעבן פֿאַר די אויסלענדישע ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן, וועט קיין טאָג מיט קיין נאַכט דערויף אויך ניט קלעקן. קוים אָבער באַשטייט אַזוי דערויף דער אויספֿאָרשער, וועט ער אים איבערדערציילן אַ צוויי־דרײַ פֿאַרצייכענונגען פֿון די, וואָס האָבן זיך אים מערער פֿאַרגעדענקט.

...אַף דער אײַזנבאַן־סטאַנציע קויבישעוו איז אָנגעקומען פון פראָנט אַן עשעלאָן מיט פאַרווונדעטע. געווען איז עס זומער אַפן אַנדערן יאָר פון דער מילכאָמע און, ווי זאַלמענען האָט זיך פאַרגעדענקט, אין אַ העל־זוניקן טאָג, אָן קיין שפּרענקעלע אַפן אויסגעבלויטן הימל.

די סאָווינפאָרמביוראָ, וואָס האָט צוזאַמען מיט די געשאַפענע אין אָנהייב מילכאָמע אַנטיפאַשיסטישע קאָמיטעטן זיך געפונען צו יענער צײַט אין דער שטאָט קויבישעוו בא דער וואָלגע, האָט צונויפגעקליבן פאַר די פאַרווונדעטע פאַרשיידענע מאַטאָנעס. צווישן די, וועמען מע האָט געשיקט מיט די מאַטאָנעס באַגעגענען דעם עשעלאָן, איז געווען אויך ער, זאַלמען, דער שאַליער פונעם יידישן קאָמיטעט.

אין וואַגאָן, וווּהין זאַלמען איז צולעצט אַרײַן, האָט ער זיך פאַרהאַלטן לענגער, ווי אין די פריערדיקע. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער פאַרווונדעטער מיטן פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ איז אים קענטלעך, אַז ער האָט שוין ערגעץ באַגעגנט אָט די גרויסע, ווי אויסטײַנענדיקע זיך מיט דער וועלט, שוואַרצע אויגן. זאַלמען איז אָבער קיינמאָל ניט געווען אין יאַראָסלאַוול, פונוואַנען עס שטאַמט דער יונגערמאַן, און די פאַמיליע קאָשער אויך קיינמאָל ניט געהערט. כאָטש זיי האָבן באַוויזן זיך באַקענען — זאַלמען האָט שוין געוווּסט, אַז דעם יונגנמאַן רופט מען סאָול, אַז ער איז אַ קאַפּיטאַן, און דער קאַפּיטאַן האָט געוווּסט, ווער זאַלמען איז, דאָך איז זאַלמענען אויסגעקומען אים עטלעכע מאָל דערמאָנען, אַז, דערציילנדיק ווי העלדיש די סאָלדאַטן פון זײַן ראָטע שלאָגן זיך מיטן סוינע, זאָל ער ניט פאַרבײַגיין אויך זיך, מער גענויער דערציילן, אַשטייגער, וועגן דער לעצטער שלאַכט, ווו ער איז שווער פאַרווונדעט געוואָרן.

וועגן דער דאָזיקער באַגעגעניש מיטן שווער־פאַרווונדעטן קאַפּיטאַן, וועגן דעם, וויאַזוי דאָס הײַפּל פאַרבליבענע רויטאַרמייער אין זײַן ראָטע האָבן פאַרצאַמט דעם וועג די דײַטשישע טאַנקען, האָט זאַלמען נאָכדעם דערציילט אין דער באַשרײַבונג זײַנער, וועלכע ער האָט אָנגערופן „די גוווּרע פון גײַסט". זי איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער צײַטונג „אייניקײַט" און איבערגעדרוקט דערנאָך אין עטלעכע אויסלענדישע יידישע בלעטער. דאָס איז ניט געווען די איינציקע באַשרײַבונג זײַנע, וויאַזוי די יידישע שלאַכטלײַט האָבן, ניט שאַנעווענדיק דאָס לעבן, זיך געשלאָגן אַפן פראָנט מיטן בלוטיקן סוינע.

פאַר די יאָרן מילכאָמע האָט זאַלמען אויך פיל געשריבן וועגן די דײַטשישע רעציכעס, דאָס אויסהאַרגענען די יידן פון גרויס ביז קליין. איינע פון די ערשטע באַשרײַבונגען איז געווען פאַרעפנטלעכט אין דער זעלבער צײַטונג „אייניקײַט". די פאַרצייכענונג האָט געהייסן „כורבן קיִעוו".

— און וועגן די זאַוואָדן און קאָלווירטן בייס דער מילכאָמע האָט איר גאָרניט געשריבן?

— געשריבן.

— איז פאַרוואָס דערציילט איר ניט? פאַרשווײַגט עס? מיר וועלן זיך דערפון סײַווי דאָך דערוויסן.

אויב ס'איז ווירקלעך אַזוי, ווי דער אויספאָרשער זאָגט, אַז ס'האָט זיך בא זיי פאַרהיט אַלץ, וואָס דער קאָמיטעט האָט מיט דער פּאָטשט פון דער מעלוכישער סאָווינפאָרמביוראָ איבערגעשיקט קיין אויסלאַנד פאַר דער דאָרטיקער יידישער פּרעסע, איז קאָן יעוודאָקימאָוו אים בלויז באַשולדיקן, פאַרוואָס האָט ער ניט דערמאָנט וועגן זײַן בײַזײַן אַפן געגנטלעכן צונויפפלי פון די סאָוועטישע און קאָלווירטישע סטאַכאַנאָווצעס. דער קאָמיטעט האָט אים געשיקט אַהין אָנשרײַבן אַ פאַרצייכענונג וועגן דעם פּאַרזיצער פונעם עוואַקויִרטן אַף דער וואָלגע יידישן קאָלווירט פונעם ניי־זלאַטאָפּאָליער יידישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן אַף אוקראַינע. אינעם דאָזיקן קאָלווירט האָט זיך באַזעצט אַ באַוווּסטער עלטערער יידישער שרײַבער פון קיִעוו איציק סלאָוועס. די אויסלענדישע יידישע שרײַבער פרעגן זיך אַף אים שטאַרק נאָך אין קאָמיטעט.

דעם פאַרזיצער פונעם עוואַקוירטן פון ני־זלאָטאָפּאָל ייִדישן קאָלווירט האָט זאַלמען אפֿן צוניפֿלי ניט געטראָפֿן, האָט ער אָנגעשריבן וועגן אַן אַנדערן, וועגן א רוסישן פאַרזי־צער פון א רוסישן קאָלווירט. דערפֿון, וויבאַלד דער אויספֿאַרשער באַשטייט, אַז ער זאָל גאָרניט פאַרלייקענען, ווײַל אים איז סײַווי אַלץ באַוווּסט, ווײַס ער אים דערציילן. אָבער אַז ער איז לויט דער שליכעס פונעם קאָמיטעט געזיצן אויך אויף א זאַוואָד, אפילע אויף א גרויסן מעטאַלורגישן זאַוואָד, קען יעוודאָקימאָוו דאָס ניט וויסן. זאַלמען האָט מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט אין זײַן באַשרײַבונג דעם זאַוואָד, בלויז דערציילט וועגן זײַנע מענטשן, ניט אָנגעבנדיק ווו און בא וואָס זיי אַרבעטן, כאָטש מע וואָלט געקאָנט אייגנטלעך אָנווײַזן. ער איז געווען בלויז אינעם צעך, ווו מע האָט אויסגעאַרבעט פאַשטעטע געפעס.

צוגעבן נאָך עפּעס צום דערציילטן האָט זאַלמען מער ניט געהאַט, און דער אויספֿאָר־שער, ווי ס'זעט אויס, האָט עס פון אים ניט פאַרלאַנגט. יעוודאָקימאָוו האָט, דאַכט זיך, ניט באַמערקט גאָר, ווי זאַלמען איז אַנשוויגן געוואָרן, אפילע ווי ער האָט א פּאָר מאָל ביגנייווע צוגעמאַכט אויף עטלעכע רעגעס די אויגן. דער פּאַדפּאָלקאָווניק איז געווען אײַנגאַנצן אַרײַנ־געטאָן אין שרײַבן. געטוקט נאָכאַנאַנד די פּעדער אין טינטער און געשריבן. זאַלמען האָט נאָכגעפּאָלגט נאָך אים, ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דויערט עס בא אים אַזוי לאַנג? צי דען שרײַבט ער אַרײַן אין פּראָטאָקאָל וואָרט אין וואָרט אַלץ, וואָס ער האָט אים דערציילט?

ענדלעך האָט יעוודאָקימאָוו אַוועקגעלייגט דאָס הענטל־פּען, די פאַרשריבענע בלעטלעך פּאַפּיר אָפּגערוקט אַן א זײַט, אַרויסגענומען פון סייף א דין ביכל מיט גרינע קאַרטאָנענע טאָוועלעך, עס איבערגעבלעטערט און אַן אָפֿנס געלאָזט ליגן לעבן זיך אפֿן טיש.

אין עטלעכע מינוט אַרום, נאָכדעם ווי יעוודאָקימאָוו האָט אָפּגעזוכט אין דער צעבונ־דענער גרויער פּאַפּקע דאָס נייטיקע בלעטל פּאַפּיר, האָט ער צוגערופן זאַלמענען און אים באַוויזן דאָס ביכל:

— אײַערס?

צו וואָס איז דעם אויספֿאַרשער נייטיק אָט די נאַרישע שפּיל? אפֿן אַנדערן טעוועלע, דאָרט ווו ס'איז אָנגעוויזן די פּרײַז, איז דאָך אויך אויף רוסיש אויפֿגעשריבן, וויאַזוי הייסט דאָס ביכל און ווער איז זײַן אַווטאָר. אונטערזאָגן דעם פּאַדפּאָלקאָווניק איז זיכער ניט נייטיק. ער ווייסט דאָס אַלץ גאַנץ גוט אַליין. יעוודאָקימאָוו ווייסט דאָך אָבער אויך גאַנץ גוט אַליין, וויאַזוי מע רופט זײַן באַשולדיקטן, פונדעסטוועגן פרעגט ער אים בא יעדן פאַרהער, וויאַזוי ער הייסט, און זאַלמען רופט יעדעס מאָל אָן זײַן פולן נאָמען, פּאַטערנאָמען און פאַמיליע. נאָר צו וואָס האָט יעוודאָקימאָוו פאַרפירט דאָ איצט די זעלבע נאַרישע קינדערשע שפּיל אַרום דעם ביכל? וויבאַלד דער אויספֿאַרשער האָט פאַרגעבן אַזאַ פראַגע, האָט זאַל־מען אים ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן אפֿן ענטפֿער:

— דאָס ביכל איז מײַנס, — אויף יעדנפאַל, כאָטש זאַלמען איז געווען זיכער, אַז דער פּאַדפּאָלקאָווניק ווייסט עס אָן אים, צוגעגעבן: — ס'איז דערשינען פאַרפּיריאָרן אין מאָסק־ווע, אינעם פאַרלאַג „דער עמעס". „פּראַוודאַ".

— וועגן וואָס שרײַבט איר דאָ?

ס'איז אָפּגעגאַנגען ניט פיל, אַז זאַלמען זאָל געווען דערויף ענטפֿערן: „צו וואָס פרעגט איר מיך, איר ווייסט דאָך עס גאַנץ גוט אַליין", און וואָלט דערמיט אָפּגעשטעלט אָט דאָס שפּילן זיך מיט אים, מאַכן דערפֿון פאַר זיך א פאַרווײַלונג. מעגלעך, אַז זאַלמען וואָלט עפּ־שער געווען אַזוי טאַקע געענטפֿערט, ווען יעוודאָקימאָוו זאָל דאָס זעלבע אים געווען פרעגן מיט א פּאָר נעכט צוריק בײַס זאַלמען האָט נאָך געהאַט געזוכט, געהאַפּט געפינען אין זײַן אויספֿאַרשער כאָטש א רעשט פונעם פאַרשווונדענעם מענטשן אין אים. אָבער איצט... אפילע מיט א פאַרהיימישטער כײַע, ווען זי פאַרפירט מיטן מענטשן א שפּיל, דאַרף מען זײַן געהיט. סאָפּקאָלסאָף איז אין זײַן ביכל גאָר ניטאָ אַזעלכס, אַז ער זאָל דאַרפֿן פאַר דעם מוירע האָבן. און מאַנדעל האָט מיט דער זעלבער גענויקײַט, ווי ער האָט דערציילט וועגן זײַן באַגעגעניש אין וואַגאָן מיטן פאַרווונדעטן קאַפּיטאַן אפֿן געגנטלעכן צוניפֿלי מיטן רוסישן פאַרזיצער פונעם רוסישן קאָלווירט, האָט ער אויך דערציילט וועגן דער באַשריבענער אין זײַן ביכל נעסיִע, וועלכע ער האָט קורץ נאָך דער מילכאָמע דורכגעמאַכט ווי א שאַליִעך פון דער

ציַטונג מיטן עשלאָן איבערוואַנדערער קיין ביראָבידזשאַן. די איבערוואַנדערער זיַנען מערסטנטייל געווען די אַלפּי נעס געראַטעוועטע פון די געטאָס, די צוריקגעקומענע פון דער עוואַקואַציע אין זייערע כאָרעווע היימען, ווו אויסער קוואָרים פון די אומגעבראַכטע און סינע צו זיך פון זייערע פריִערדיקע ניט־ייִדישע שכיינים, האָבן זיי גאָרניט געטראָפן.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט ניט איבערגעשלאָגן. ווען זאַלמען האָט געענדיקט איבערדערציילן, וועגן וואָס שריַבט זיך אין זיַן ביכל „די ניַע היים", האָט יעוודאָקימאָוו עס אים אויסגעשטרעקט, ער זאָל איבערזעצן אין רוסיש דאָס אופגעמאַכטע זיַטל, שטרענג וואָרענענדיק, אַז ער זאָל ניט וואָגן עס בלעטערן. בייס זאַלמען האָט פאַרגעלייענט די בוכשטעבלעכע איבערזעצונג, האָט יעוודאָקימאָוו אריַנגעקוקט אין דעם ארויסגענומענעם פון דער פאַפּקע בלעטל פּאַפּיר. דאָס איז קענטיק געווען, ווי זאַלמען האָט זיך גליַך אָנגעשטויסן, די פון פריִער פאַרגרייטע איבערזעצונג פונעם דאָזיקן זיַטל אין ביכל.

צו וואָס פירט יעוודאָקימאָוו די דאָזיקע שפּיל זיַנע אויך ארום דעם? ער וויל אים כאַפּן בא א גריַז, בא א אויסבאַהאַלטן פון אים א פאַרבאָטן וואָרט?

אינעם זיַטל, וועלכעס יעוודאָקימאָוו האָט געגעבן זאַלמענען איבערזעצן, איז פאַרשריבן דער וועג. די באַשריַבונג ענדיקט זיך דערמיט, אַז דאָס אויג איז מיד שוין פון קוקן אַף די פאַרביַלויפנדיקע וועלדער און פעלדער, אַף די דורכשוועבנדיקע שטעט און טיַכן, אַז דאָס אויסגעווייטיקטע האַרץ איז מיד שוין פון וואַרטן דערזען די ניַע היים.

פאַרלייענענדיק די איבערזעצונג, האָט זאַלמען פונדעסטוועגן באַוויזן אומבאַמערקט א בלעטער טאָן דאָס ביכל. אַף עטלעכע זיַטלעך זיַנען געמאַכט בא דער זיַט פאַרשיידענע צייכנס, מיינסטנס אויסרופצייכנס און כּילפּונקטן. אַף איין זיַטל איז מיט א כימישן בליַער, אויסער צייכנס, געווען אויך אָנגעשריבן. ער האָט אָבער ניט באַוויזן עס איבערלייענען. יעוודאָקימאָוו האָט אין אָט דער רעגע אָפּגעפירט די אויגן פונעם בלעטל פּאַפּיר אין דער האַנט.

נאָך איין מאָל, ווען ער קען א קוק טאָן. מעגלעך, אַז ער האָט א טאָעס, ווי ער איז זיך טויע געווען אין אויזער נאַרווילן. זים דוכט זיך אָבער פאַרט, אַז דער קסאַוו איז אים קענטלעך. ניט געווען צוזיַשן די שריַבער קיין איינער, ווער סע זאָל ניט געווען שענקען זיַנס אים א ביכל מיט אַן אופשריפט. אָט דאָס ביכל מיט די צייכנס און אופשריפטן האָט בעלי־סאָפּעק אריַנגעשיקט אהער עמעצער פון זיי. ווער? יעשיַע רוויזן? שיִעס האַנטשריפט איז אים גוט באַקאַנט. בא אים איז א דיַטלעך קלאָרער קסאַוו, אָס צו אָס. און דאָ זיַנען די אויסיִעס שאַרפע, פאַרשניצטע ווי מיט א מעסער. ווען ער זאָל קאָנען א בליק טאָן בא זיך אַף די פאַלקיִעס אין די געשענקטע ביכער, וואָלט ער מיסטאָמע ליַכט דערקענט, וועמענס אופטו עס איז. ניין, דאָס, וואָס אלטערקע העלבערג האָט באַם פאַנאַנדערלאָזן די סעקציע פון די ייִדישע שריַבער געהאַט אים געזאָגט, אַז ער גלייבט ניט, מע זאָל סטאַם אין דער וועלט אריַן ארעסטירן ייִדישע שריַבער, געוויס האָבן זיי זיך מיט עפּעס פאַרשולדיקט קעגן דער מאַכט, איז נאָך ניט קיין באַוויַז, אַז ער זאָל אלטערקען קאָנען אין דעם כוישעד זיין. ער וועט פּרווון אומבאַמערקט פאַרן אויספאַרשער נאָכאַמאָל א בלעטער טאָן דאָס ביכל. יעוודאָקימאָוו האָט אָבער איצטיקס מאָל דאָס גליַך באַמערקט און אים שטרענג אויסגערעדט:

— כ'האָב דאָך איַך געוואָרנט ניט אריַנקוקן. גיט אהער דאָס ביכל, — יעוודאָקימאָוו האָט אָנגעוויזן זאַלמענען מיט דער האַנט, ער זאָל זיך אומקערן אַף זיַן פּלאַץ באַם צוגעקאָוועטן טישל בא דער טיר.

פאַרצויגן זיך מיטן רויך פונעם ניַ־אָנגעצונדענעם סיגאַרעט, האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק זיך ווידער גענומען פאַר דער פען.

. וועגן וואָס קען ער איצטער שריַבן? איבערדערציילן, וואָס ער האָט, זאַלמען, אויסגעלייענט פונעם ביכל, דאַרף עס דאָך יעוודאָקימאָוו ניט. מע האָט אים, דאַרף מען זיך פאָרשטעלן, באַצייַטנס צוגעגרייט א רוסישע איבערזעצונג פונעם דאָזיקן דורכגעלייענטן און מיסטאָמע אויך א טייל פון אַנדערע ערטער אין ביכל... עפּשער איז די צוגעגרייטע איבערזעצונג ניט אזא פולע, ווי ער האָט זי פאַר אים דאָ אָקאָרשט געמאַכט. מעגלעך.

ווי שפעט קאָן אצינדער זײַן? צו טאָג איז נאָך אפאָנעם ווײַטלעך, און פריִער ווי צו טאָג וועט דער אויספאַרשער אים אויך הײַנט ניט אָפּלאָזן. דער קאָפּ אָבער האַלט זיך קוים אף די אַקסל. פון ניט שלאָפן די וויפלטע נאַכט שוין איז דער קאָפּ געוואָרן שווער, ווי א שטיין, די פאַרנעפּלטע אויגן מאַכן זיך נאָכאַנאַנד צו. נאָר מאַנדעל עפנט זיי יעדעס מאָל טייקעף אויף. ער פאַרגעסט אף קיין רגע ניט, ווער סע זיצט אַנטקעגנ־יבער באַם פענצטער און פאָלגט נאָך אים נאָך. כאַפּט אים יעוודאָקימאָוו זיצן מיט צוגעמאַכטע אויגן, קען זיך עס פאַר אים ענדיקן מיט קאַרצער. סאָפּקאָלסאָף וועט זיך דערמיט ניט הײַנט־מאָרגן מיס־טאמע אזוי ענדיקן. ניטאָ מער קיין קויכעס זיך ראַנגלען מיטן שלאָף. ניטאָ קיין מער שטאַרקערס און קרעפטיקערס פונעם שלאָף. ער איז שטאַרקער, אָן א שיר שטאַרקער פון הונגער, פון קעלט, פון פיל אַנדערע אָנשיקענישן, וואָס אים איז אויסגעקומען בײַשטיין אין לעבן. איינעם פון די גרעסטע טײַנוגים, דעם שלאָף, וואָס איז געגעבן דעם מענטשן, האָט מען דאָ פאַרוואַנדלט אין א גזאַר, אין איינעם פון די שווערסטע פּײַנלעכסטע שטראָפן. בלויז צוליב דערויף אליין וועט יעוודאָקימאָוו אים פאַרהאַלטן ביז טאָג, ביז גרויסן טאָג און אכטונג געבן, ער זאָל ניט צומאַכן, זאַלמען, די אויגן, האַלטן זיי די גאַנצע צײַט אָפן...

דאַכט זיך, אַז ער האָט, זאַלמען, א טאָעס. זײַן אויספאַרשער, ווי צו זען, קלײַבט זיך גאָר אוועקגיין. ער האָט שוין פאַרבונדן די פאַפּקע, מיט וועלכער ער שרעקט די גאַנצע צײַט, אַז דאָ איז וועגן אים אַלץ פאַרשריבן, כאָטש ער האָט דערווײַל אַרויסגעצויגן פון דאָרט בלויז א פּאָר בלעטלעך — בענשאַלעמס באַווײַזן קעגן אים, — צוריק אַרײַנגעלייגט אין סייף דאָס ביכל מיט דער צוגעגרייטער איבערזעצונג פון דעם איין־און־איינציק זײַטל, אויסגעשאָטן פונעם אשבעכער אין קוישל די אָפּשניצלעך פון די אויסגעריכערטע פאַר דער נאַכט סיגאַרעטן. באַלד וועט יעוודאָקימאָוו אַרײַנרופן דעם קאַנוואָיִרער, ער זאָל אָפּפירן דעם אַרעסטירטן צוריק אין קאַמער. זאַלמען וואָלט זיך קיין רגע ניט פאַרקלערט, ווען מע לייגט אים פאַר אויסקלײַבן זיך: א שאָ באַם אויספאַרשער, צי פיר־פינף איבעריקע טעג אין דער קאַמער. דאָס האָט, ווײַזט אויס, רעב אַרן מיט זײַן טילים־זאָגן, אויסגעבעטן פאַר אים באַם אייבערשטן א פּאָר שאָ צו שלאָפן. דער איינציקער מענטש, וועמען ער איז דאָ מעקאַנע, איז רעב אַרן. ער האָט ניט אָנגעהוירן דעם גלויבן, ניט אויסגעטרייסלט אים מיט א לײַכט האַרץ פון זיך, ווי מע טרייסלט אויס צו טישלעך די קעשענעס.

דעם זיסן טײַנעג פון וואַרטן אפן אָנקום פונעם שלאָף האָט זאַלמען דערפילט אין אַלע זײַנע איבערים, ס'האָט אים אזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ער וועט ניט דערגיין ביז דער קאַמער. ס'איז נעם און צי זיך אויס דאָ אפן דיל. פאַרוואָס זאַמט זיך אזוי דער קאַנוואָיִרער? יעוודאָ־קימאָוו האָט דאָך מיסטאמע שוין געוויס אָנגעדריקט אף דער קנאָפּקע אין טיש פונעם עלעקטרישן גלעקל, צי דורך אַן אַנדער צייכן געגעבן צו וויסן, אַז ער זאָל אַרײַנגיין. זאַל־מען האָט פון אומגעדולד האַלב אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער טיר און אין דער אייגענער רגע האָט דער אויספאָרשער כאַרעו געמאַכט פונעם דערוואַרטן טײַנעג מיט זײַן געבן צו אים דראָענדיק א געשריי:

— וועסט נאָך לאַנג זיצן אזוי און שווײַגן?

דער טײַנעג פונעם דערוואַרטן שלאָף איז אָפּגעטראָטן ווי ניט געווען, איבערגעלאָזט אָנשטאָט זיך אין אים דעם פּראָסט פון דער אָנגעלאָפענער שרעק.

— דערציילן!

— איך האָב דאָך אַלץ דערציילט, אַלצדינג, וואָס איך ווייס.

— אַלצדינג, וואָס ער ווייסט, — האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק מיט דער זעלבער גרי־מאַסע ווי פּאַריקס מאָל אים איבערגעקרימט. — פאַרוואָס באַהאַלטסטו אויס, דערציילסט ניט, אויסוווּרף דו איינער, וועגן דײַן שפּיאָנישער באַשעפטיקונג די אַלע יאָרן אין אײַער אַנטי־סאָוועטישן ייִדישן קאָמיטעט, וועגן דער פאַרעטערישקײַט דײַנער? וויפל האָט מען דיר באַצאָלט, פאַרקויפטע פעל, פאַרן פאַראַטן דאָס היימלאַנד? כיטרעווען איז דאָ ניטאָ וואָס. אונדז איז אַלץ באַוווּסט. — און א פאַטש געטאָן מיט אַלע קויכעס איבער דער פאַפּקע. — דו וועסט זיך ניט אויסדרייען. דאָ איז בא אונדז אַלץ פאַרשריבן. כ'האָב דיר ניט איין מאָל שוין געוואָרנט, אַז וועסט מיט דײַן שווײַגן שלעכט ענדיקן. מירן דיך שטעלן צום ווענטל.

נאָר וויפֿל יעוודאָקימאָוו זאָל אים ניט געווען וואָרענען, ניט געווען דערמאָנען, וואָס עס דערוואַרט אים, אויב ער וועט זיך ניט אַנערקענען אין דעם אַלעם, האָט זאַלמען אָבער פּאָרט ניט געהאַט צוצוגעבן נאָך עפּעס צו דעם, וואָס ער האָט ניט איין מאָל שוין דערויף געענטפֿערט. אים איז ווידער אויסגעקומען איבערכאַזערן דאָס זעלבע.

— כ׳ווייס ניט פֿון קיין שום שפּיאָנאַזש. כ׳האָב זיך דערמיט קיינמאָל ניט פֿאַרנומען, קיינמאָל ניט פֿאַראַטן דאָס היימלאַנד. איך בין אַלע יאָרן געווען טרײַ איבערגעגעבן דער סאָוועטנמאַכט.

— אַזוי גאָר? נעבעך גאָט די נעשאָמע שולדיק. עפּשער איבערלייענען דיר נאָכאַמאָל, וואָס זאָגט וועגן איינעם פֿון די זײַלן פֿונעם אַנטיסאָוועטישן פֿײַנטלעכן קאָמיטעט דער הויפּט פֿון די שפּיאָנען און פֿאַרעטער בענשאַלעם?

— איך גלייב ניט.

— אין וואָס, פֿעדעראַסט דו איינער, אין דײַן מאַמעס מאַמען אַרײַן, גלייבסטו ניט? איך וועל דיר באַלד צעקאַרדאַשען די מאָרדע, פֿאַרכאַטער! — יעוודאָקימאָוו האָט א זעץ געטאָן מיטן פֿויסט איבערן טיש, אַז אַלץ איז אויף אים אונטערגעשפּרונגען. — ער גלייבט ניט! אין וואָס, פֿרעג איך דיר, גלייבסטו ניט, נעקייזוע געגעניפּטע? אַז אײַער בענמיכאָעל מיט בענשאַלעמען האָבן זיך פֿאַרקויפֿט דער אַמעריקאַנער אויסשפּיר־דינסט? בענשאַלעם האָט דאָך אַליין זיך אַנערקענט דערין. צי ס׳איז עפּשער ניט זײַן אונטערשריפֿט? איך פֿרעג דיך, ס׳איז זײַן אונטערשריפֿט?

זאַלמען האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— איז אין וואָס גלייבסטו ניט, ווײדל מאָרזשאָוועך? עפּשער ווילסטו עס דערהערן פֿון בענשאַלעמס מויל? איך קען עס דיר צוליב טאָן.

— אַלציינס, — האָט זאַלמען, ניט אופֿהייבנדיק דעם קאָפּ, שטיל אַרויסגעבראַכט.

— וואָס אַלציינס? וועסט אַלציינס ניט גלייבן? וועל איך דיר דורכלייענען, וואָס עס דערציילן וועגן דײַן שפּיאָנישער דינסט דײַנע פֿרײַנט פֿון דער שפּיאָנישער פֿאַרעטערישער באַנדע אײַזיק דאָברין און הירש זלאַטאָפּאָלסקי. איך וועל דיר עס דורכלייענען, נאָר א צווייט מאָל. דערווײַל שרײַב אונטער דעם הײַנטיקן פּראָטאָקאָל. — צוזאַמען מיט די דרײַ געדיכט־פֿאַרשריבענע בלאַנקען פֿונעם פּראָטאָקאָל האָט יעוודאָקימאָוו אַוועקגעלייגט זאַלמע־נען אויפֿן טישל א הענטל־פֿען.

דאָס ערשטע זײַטל האָט זאַלמען געקאָנט ביכלאַל ניט לייענען. אים איז דאָרט וואָרט אין וואָרט געווען באַקאַנט פֿונעם פֿריִערדיקן פּראָטאָקאָל. קיין אָס קימאַט ניט געענדערט. איין און דער זעלבער אָנהייב: „זײַענדיק פֿײַנטלעך אַנטיסאָוועטיש געשטימט, האָב איך געטריבן רעכילעס אויף אונדזער לאַנד, אויף דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פֿאַרשפּרייט צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם..." און אויך איינער און דער זעלבער אויספֿיר: „אונדז זײַנען אָנגעגאַנגען בלויז די ייִדן, ווי גרויס און וואָגיק ס׳איז אין לאַנד די צאָל יידישע געלערנטע, שרײַבער, מוזיקער, אַרטיסטן און זיך דערמיט אויסגעפּײַנט, פֿאַר־געשטעלט די ייִדן אַלס דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל".

פֿונעם ווײַטע־דיקן אין פּראָטאָקאָל האָט בא זאַלמענען געפֿרירט דאָס בלוט, צוניוף־געפּרעסט זיך דאָס האַרץ, דער קאָפּ האָט זיך אָפּגעזאָגט באַנעמען דאָס געלייענטע. מיטן קלאָרן מענטשלעכן געדאַנק איז פּאַשעט ניט צו באַגרײַפֿן, וויאַזוי קען מען פֿונעם דערציילן וועגן דעם פֿאַרוווּנדעטן קאַפּיטאַן סאָול קאַשער מאַכן אַן אויספֿיר, אונטער וועלכן דער אויספֿאָרשער פֿאָדערט זיך אונטערשרײַבן, אַז ער, זאַלמען, איז ווי א שאָליעך פֿונעם קאָ־מיטעט געגאַנגען באַגעגענען אין קויבישעוו דעם אָנגעקומענעם פֿון פֿראָנט עשעלאָן פֿאַר־וווּנדעטע בלויז קעדיי אָפּזוכן דאָרט יידישע שלאַכטלײַט און בלויז וועגן זיי נאָר אָנשרײַבן, די וועלט זאָל זען, ווי העלדיש די יידן שלאָגן זיך מיטן דײַטש און אַז די יידן, הייסט עס, ראַטעווען רוסלאַנד. ניט צו באַגרײַפֿן, ווי קאָן מען אַזוי פֿאַרקריפּלען דאָס דערציילטע וועגן דעם צוניופֿלי פֿון די קאָלווירטישע און סאָווירטישע סטאַכאַנאָוועס פֿון געגנט, פֿאַרשטעלן אים, זאַלמענען, ווי א פֿאַרביסענעם נאַציאָנאַליסט, מאַכמעס וויבאַלד ער האָט ניט באַגעגנט צווישן די פֿאָרזיצערס קיין ייִדן, דעריבער האָט ער וועגן דעם צוניופֿלי ביכלאַל ניט גע־

שריבן. ס'איז דאָך אָבער לײַכט פעסטצושטעלן, אז ער האָט געווידמעט דעם צוויופלי א גרויסע פארצייכענונג, ווו ער דערציילט וועגן א רוסישן פאַרזיצער פון א רוסישן קאָלווירט. די פארצייכענונג איז אין יענע טעג געווען אָפגעדרוקט אין דער צײַטונג „איינקײַט".

ס'איז דאָך מער ווי אומגעלומפּערט אײַנזען בורזשואזן נאַציאָנאַליזם, אויסגעשפּראָך־כענעם שאָוויניזם אין דעם, וואָס באַם שילדערן די צווייוואָכיקע נעסיע מיטן עשעלאָן איבער־וואנדערער קיין ביראָבידזשאַן שרײַבט ער, זאלמען, אז דאָס אויג איז מיד שוין פון קוקן אָף די פארבײַלויפנדיקע וועלדער, פעלדער און שטעט, און אז דאָס הארץ איז מיד שוין פון ווארטן דערזען פאר זיך די נײַע היים. יעוודאָקימאָווס ארויסגעשטעלטע טײַנעס צו אים אין פראָטאָקאָל, פארוואָס האָט ער, מאנדעל, אויסער ביראָבידזשאַן, אויך ניט באַשריבן די פאר־בײַגעפאָרענע שטעט אָף אוראל און סיביר און יעוודאָקימאָווס דערקלערן עס דערמיט, ווײַל מאנדעלן איז עס פרעמד, ווײַל אויסער די אייגענע זאָרג גייט די ייִדן מער קיין זאך ניט אָן, איז דאָך ווילדער פון ווילדער. דער אויספאָרשער מאכט זיך ניט פארשטיין, אז, זיצנדיק בא א וואגאָן־פענצטערל אין א לויפנדיקן צוג, קאָן מען ניט באשרײַבן דאָס לעבן פון אן אומבאקאנטער שטאָט. מע דארף פארברענגען דאָרט אמווייניקסטנס א דרײַ־פיר טעג. דער עשעלאָן איבערוואנדערער, וועלכן ער האָט באגלייט, האָט דאָך ניט געקאָנט זיך פארהאלטן אָף יעדער סטאנציע דרײַ־פיר טעג. און וואָס פאר א שײַכעס האָט צו דעם אלעם די אײַזער־נע בריק איבער דעם בירע־טײַך, בייס אין ביראָבידזשאַן איז ניטאָ קיין שום אײַזערנע בריק? פאראן בלויז אן אײַזנבאַן־סטאנציע. זאָל זײַן, אז יעוודאָקימאָוו האָט באַם שרײַבן דעם פּראָ־טאָקאָל צופעליק איבערגעפּלאָנטערט, אָנשטאָט „אײַזנבאַן־סטאנציע", וועגן וועלכער עס דערציילט זיך אין ביכל „די היים", אָנגעשריבן „בריק", צי דער, ווער ס'האָט געמאכט די איבערזעצונג און זי צוזאמען מיטן ביכל צוגעשיקט אהער, האָט בעקיוון פארביטן „אײַזנבאַן־סטאנציע" אָף „אײַזערנע בריק"?

ווי ס'זאָל ניט זײַן, נאָר אויך דעם הײַנטיקן פּראָטאָקאָל וועט ער אין קיין שום פאל ניט אונטערשרײַבן. ער וועט ניט נעמען אָף זיך אָט די אלע ווילדע אָנגעטראכטע און צו־געטראכטע באשולדיקונגען. איין פראגע בלויז וואָלט ער געוואָלט פארגעבן זײַן אויספאָר־שער. ער גופע, דער פאָדפאָלקאָווניק יעוודאָקימאָוו, גלייבט אין דעם אלעם, וואָס ער האָט ארײַנגעשריבן אין פּראָטאָקאָל?

און וויאַזוי קאָן יעוודאָקימאָוו גלייבן דאָס אלץ, אויב ער האָט ניט דערצו קיין שום באווײַזן. בענשאָלעמס פארופן זיך, אז זאלמען איז געווען איינער פון די זײַלן אין קאָמיטעט, איז דאָך ניט מער ווי גלאט אין דער וועלט ארײַן געזאָגט. דאָס איז לײַכט אָפּצופרעגן. ווען ס'זאָל בעעמעס געווען זײַן, ווי בענשאָלעם זאָגט, פארוואָס זשע איז ער, זאלמען, ניט געווען אין דער אָנפירונג פון קאָמיטעט, בלויז א מיטגליד? געשען איז עס דערפאר, ווײַל אלע האָבן אין אים געזען א מענטשן ווײַט פון פּאָליטיק, ווי פּינכעס מאשבערג, אים אופגענומען נאָר ווי א דיכטער א ליריקער. זײַנע דראַמ־ע' האָט בענמיכאָעל, וואָס האָט זיי געשטעלט, אויך אופגענומען, ווי ליריק.

און נאָך איין פראגע וואָלט ער געשטעלט זײַן אויספאָרשער, די סאמע איקערדיקסטע פון אלע פראגעס, וואָס ער האָט צו שטעלן: ווּעמען און צו וואָס איז נייטיק דאָס אלץ, וואָס דאָ קומט פאָר? גלאט אזוי פארפירט מען דאָך ניט אזא שרעקלעכע טײַוואָלנישע שפּיל.

יעוודאָקימאָוו אײַלט ניט צו זאלמענען מיטן איבערלייענען דעם פּראָטאָקאָל. ער גייט אום איבערן קאבינעט, די הענט פארוקט אין די קעשענעס פון די גאליפע, דער בורשטינע־נער מונדשטוק מיטן אויסגעלאָשענעם סיגארעט פארביסן אין ווינקל מויל. די סטעזשקע פון העל־ברוינעם פארקעטנעם דיל, מיט וועלכן דער פאָדפאָלקאָווניק דרייט זיך אום הין און הער, דערנענטערט אים ביסלעכווײַז צו זאלמענס טישל, ביז ער בלײַבט בא דעם שטיין.

— ווידער ניט אונטערגעשריבן? וואָס איז אײַך הײַנט ניט געפעלן אין פּראָטאָקאָל? — קיין סימען פון אופגעבראכטקײַט באַם אויספאָרשער אין דער שטים. זי איז בא אים מער ווי צוריקגעהאלטן. — כ'האָב עפּשער ניט ריכטיק, וועט איר זאָגן, פארשריבן אײַערע ריידן? ווײַזט, ביטע, אָן, ווו איז דאָ ניט ריכטיק פארשריבן?

ניט אופהייבנדיק די אויגן פון די פאנאנדערגעלייגטע בלאנקן פונעם פּראָטאָקאָל, האָט זאלמען מער זיכערער און העכער ווי פּאַריקס מאָל ארויסגעבראכט:

— איך האָב דאָס אַלץ, וואָס דאָ איז אָנגעשריבן, ניט געזאָגט.

— וואָס, צום בײַשפּיל, האָט איר ניט געזאָגט? אז דער קאָמיטעט האָט אײַך ניט געשיקט גיין באגעגענען דעם מיליטערישן עשעלאָן מיט פארוווּנדעטע, זיך דאָרט באקאנט מיט א ייִדישן קאַפּיטאַן און דערציילט וועגן דעם אין אײַער ייִדישער צײַטונג, פונוואנען מע האָט עס דערנאָך איבערגעדרוקט אין דער אויסלענדישער פּרעסע?

— דאָס האָב איך געזאָגט.

— איז פארוואָס שרײַבט איר ניט אונטער?

— איך האָב דאָך אָבער ניט געזאָגט, ניט געקאָנט זאָגן, אז בלויז די ייִדן ווײַזן ארויס העלדישקײַט אפן פראָנט, אז קלוימערשט זיי ראַטעווען דאָס לאַנד פון די פאַשיסטן.

יעוודאָקימאָוו האָט אים ניט איבערגעשלאָגן, די שטים ניט געהעכערט:

— דערלויבט. און ווי אנדערש האָב איך געקאָנט עס אויסטײַטשן?

— איך האָב דאָך אָבער דאָס ניט געזאָגט, בירגער אויספאָרשער.

— הערט זיך אײַן, זאלמאן נאומאָוויטש. — די צוריקגעהאַלטנקײַט אין דער שטים האָט אָנגעהויבן בא אים אָפּגיין. — כ׳האָב אײַך, דאכט מיר, ניט אײַן מאָל שוין געוואָרנט, אז בא אונדז איז דאָ ניט קיין קינדער־גאָרטן. מיר זײַנען אן אָרגאַן, וואָס שטראָפט און ניט וועלכער דערציט, ביפּראט אז אזעלכע, ווי איר, איז שפּעט שוין צו דערציִען און איבער־דערציִען... שרײַבט אונטער.

— אין בירָאָבידזשאַן איז ניטאָ קיין אײַזערנע בריק. דאָרט איז דאָ אן אײַזנבאַן־סטאנציע.

— אין פּראָטאָקאָל איז אָנגעשריבן א בריק? כ׳וועל עס באַלד פאריכטן. — ער האָט גענומען דעם פּראָטאָקאָל, אָפּגעזוכט דאָרט דאָס דאָזיקע אָרט און, שטייענדיק בא זאלמענס טישל, פאריכט דעם דערלאָזטן פעלער. — שרײַבט אונטער.

זאלמען האָט זיך ניט צוגעריִרט צום הענטל־פּען.

— וואָס? ווערסט אויך איצט ניט אונטערשרײַבן? — די צוריקגעהאלטנקײַט אין אים איז אינגאנצן שוין פארשוואונדן, ס׳האָט זיך צוריקגעקערט אין דער שטים די דראָענדיקע הארבקײַט.

— בירגער אויספאָרשער, — דאָס קאָל בא זאלמענען האָט געציטערט פון אַחגע־שוואכטקײַט,־ פון ניט שלאָפן, — איך וועל אונטערשרײַבן נאָר דעמלט, ווען אין פּראָטאָקאָל וועט זײַן פארשריבן בלויז דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט.

— פעדעראַסט! ווײדל מאַרזשאָווער! ווילסט אונדז לערנען, וויאַזוי פירן א פּראָטאָ־קאָל? — ער האָט פארקוועטשט די הענט אין צוויי אײַזערנע פויסטן. — שוין שרײַב אונטער!

פון דער אומבאהאָלפנקײַט צונויפזאמלען אין זיך קויכעס אף צו ווערן זיך מיט דער אופגעוואכטער כײַע אינעם אויספאָרשער איז בא זאלמענען דער קאָפּ ארײַן אין די אקסל. ער זאָל ניט זען, ווי די כײַע וועט זיך אף אים באַלד ארופווארפן, האָבן זיך די אויגן ווי פון זיך אליין בא אים צוגעמאכט.

קענטיק, אז עפּעס האָט אָפּגעהאלטן דעם אויספאָרשער לאָזן אין גאנג די צוגעגרייטע פויסטן, נאָר באוויזן האָט ער זיי זײַן באשולדיקטן, א קריץ געבנדיק דערבײַ מיט די ציין.

פארשלאָסן אויך דעם הײַנטיקן ניט־אונטערגעשריבענעם פּראָטאָקאָל אין סייף, האָט דער פאַדפּאָלקאָווניק א מאך געטאָן צום טויט־בלייכן זאלמענען:

— געדענקסט, נעווײלע, וואָס דער גרויסער פּראָלעטאַרישער שרײַבער מאקסים גאָרקי האָט געראָטן, וויאַזוי באגיין זיך מיט די סאָנים, וועלכע גיבן זיך ניט אונטער? דו געהערסט אויך צו די, וואָס ווילן זיך ניט אנטוואָפּענען. געווען און פארבליבן א פארביסענער סוינע פון פאָלק. מיט אזעלכע, ווי דו... דאָס, וואָס איז געווען ביז איצט, איז נאָך גאָרניט. דאָס זײַנען בלויז בלימעלעך. די יאַגעדקעלעך דערוואַרטן דיר ערשט. אוך, נעווײלע! — ער האָט ארויסגערופן דעם קאָנוואָיִרער און באם אָפּגעבן אים דאָס אונטערגעכאסמעטע קוויטל שטיל עפּעס אָנגעזאָגט.

שוין גופע דערפון ווי דער קאַנוואַירער האָט א קאָמאַנדעווע געטאָן: „פּאַשלי״ און א שטויס געטאָן צו דער טיר שיר ניט אַף אומצופאַלן, איז זאַלמענען געוועזן קלאָר, אַז זײַן באַגלייטער וועט אים פונדאַנען ניט פירן אהיים — אין דער קאַמער, פונוואַנען ער האָט אים אַנהייב נאַכט געבראַכט אהער.

9

דער ביידער-מעיוכעד אין עק קאָרידאָר, וווּהין דער קאַנוואַירער האָט אַרײַנגעשטופּט זאַלמענען און פאַרמאַכט הינטער אים די טיר, האָט זיך מיט גאָרניט אויסגעטיילט פון די אַנדערע באָקסן, ווו אים איז ניט איין מאָל אויסגעקומען איבערוואַרטן עטלעכע מינוט, ביז וואַנען ס׳וועט זיך באַפרײַען דער וועג, ער זאָל, כאַסוועכאָלילע, זיך ניט אַנשטויסן פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט עמעצן זײַנעם א גלײַכן פון אַן אַנדער קאַמער, וועמען מע האָט, ווי אים, אויך געפירט צו אַן אויספאָרשער אָדער שוין צוריק פון פאַרהער. דער באָקס איז פון דער זעלבער גרייס, ניט צו זיצן, בלויז צו שטיין אַף איין אָרט. די ווענטלעך מיט דער נידעריקער סטעליע, ווי ער האָט באַוויזן זען בא דער שײַן פונעם קאָרידאָר פאַר די פּאָר רעגעס בעשאַס דער קאַנוואַירער האָט אים אהער אַרײַנגעשטופּט, זײַנען אויסגעפּאַרבט אינעם זעלבן גע־דיכט־רויטן קאָליר פון פריש־פאַרגאָסן בלוט. אָבער מיט עפּעס האָט דער באָקס זיך דאָך אויסגעטיילט. ס׳האָט קימאַט אינגאַנצן אויסגעפעלט לופט צו אָטעמען און דער געדיכטער כוישעך איז איבערפולט מיט שרעק, דערמאָנט יעדער ווײַלע זאַלמענען, אַז ער זאָל זיך צוגרייטן, מע וועט נאָך אים באַלד קומען און אַוועקפירן אהין, פונוואַנען אַף די אייגענע פיס, ווי ער האָט זיך שוין דאָ אָנגעהערט אין די קאַמערן, גייט קיינער ניט אַרויס. צו דעם, וואָס אים דערוואַרט באַלד, האָט זאַלמען זיך שוין צוגעגרייט. געפונען פאַר זיך אַן אַנשפּאַר אין דעם צאַראַס ראַבים. מיט וואָס איז ער בעסער פון אַנדערע, אויב דער גוירל איז דאָ בא אַלעמען אַזאַ. שרעקלעכער פון אַלץ איז אָט דאָס וואַרטן. אויב אים איז שוין יאָ אַזוי באַשערט, איז זאָל עס געשען וואָס גיכער. ער איז גרייט צו דער באַגעגעניש מיטן בוינע־יונג אינעם האַרטן שוואַרצן פּאַרטעך מיטן אַרויסגעשלעפּטן מעסער פון דער טיפער הויזן־קעשענע. זאַלמענען איז לאַכלוטן שוין אַלציינס, צי וועט עס זײַן דער זעלבער בוינע־יונג, ווי דעמלט, צי אַן אַנדערער. איינער, צי עטלעכע. די שרעק האָט אין זאַלמענען צוביסלעכ־ווײַז אַלץ אָפּגעטעמפּט. עס קלאַפּט קוים דאָס האַרץ, סע פּײַניקט שוין מער ניט אַזוי דער שלאָף, דאָס שנײַדן אין בויך. ווי וועלנדיק זיך אויספּרווון, האָט זאַלמען ביז בלוט זיך אײַנ־געביסן מיט די ציין אין דער אונטערשטער ליפּ און ניט געפילט קיין ווייטיק. אין אים איז ווירקלעך אַלץ ווי אָפּגעשטאָרבן. נעם און שטעך, שנײַד, שלאָג, האַרגע... בלויז די פיס דערמאָנען וועגן זיך. ער פילט, ווי זיי ווערן אַלץ מער געשוואָלן. גראָב ווי קלעצער. וויפל קען מען אַזוי אָפּשטיין? ניטאָ ווו זיך צוזעצן, ווו אומצופאַלן. סײַדן אַראָפּלאָזן זיך אַף די קני און שטיין אַף אַלע פיר. עס קען אים דערפירן דערצו, אַז ער זאָל סאָפּקאָלסאָף אַנהייבן בילן, וואָיען אַף דער וועלט און אַף זיך, ווי בענמיכאָעל דער קיניג ליר אין דער שטורעמ־דיקער נאַכט.

פאַרוואָס קומט מען ניט נאָך אים, פאַרוואָס לאָזט מען אים אַזוי לאַנג וואַרטן? די בוינע־יונגען זײַנען פאַרנומען מיט אַן אַנדערן? ס׳איז נאָך ניט דערגאַנגען זײַן ריי? זיי וועלן אים אויסטאָן אָדעם־נאַקעט? ניין, ניט ווײַל די קלעפּ אַפן הוילן לײַב וועלן זיך שטאַרקער פילן פּײַניקט זאַלמענען, אים פּײַניקט מער דאָס דערנידעריקן מיטן אויסטאָן אים א הוילן.

פון שטייען אַזוי צונויפגעפּרעסט און וואַרטן אַף די קלעפּ, וואָס וועלן זיך אַף אים א שיט טאָן, קען מען אַראָפּ פון זינען. ער דאַרף מיט עפּעס אָפּווענדן זיך דערפון. אויב ניט געצײַלט ציילן ביז דרײַ טויזנט זעקס הונדערט, וועט עס אויסמאַכן א שאָ. זיבן טויזנט צוויי הונדערט וועט באַטרעפן צוויי שאָ. זאַלמען האָט שוין אָנגעהויבן ציילן, דערגאַנגען ביז דרײַ הונדערט. אינמיטן ציילן האָבן פון יענער זײַט באָקס זיך דערהערט טריט, שווערע טריט

פון געקאָוועטע שטיוול. זאלמענען האָט גענומען ווארגן אין האלדז, פארפעלט לופט: נאָך א רעגע איז ער וואָלט מיסטאמע גענומען פויקן מיט די פויסטן אין דער טיר. די טריט האָבן זיך דערוויַטערט. דאָס איז מען אוועק נאָך אן אנדערן. זיַן ריי איז נאָך ניט דערגאנגען. זאלמען האָט ניט פארגעסן, אז ער איז שטיין געבליבן בא דריַ הונדערט. אָבער פאָרזעצן ציילן וויַטער האָט ער שוין ניט געקאָנט. ער האָט זיך גליַך פארפּלאָנטערט. סיַדן אָנהייבן פונסניַ א קאָן, ווי לייזער עלקין פון לאגער מיט זיַנע „פּארא גניעדיך״. האָט זיך אָבער אריַנגעמישט עלישע. זי דארף זיך ניט שווערן. ער גלייבט איר אזוי אויך, אז זי וועט ווארטן אף אים. עלישע דארף אָבער פארשטיין, אז ס'איז אן אומזין דאָס, וואָס זי זאָגט. איר דארף ער דאָך ניט דערציילן, אז פונדאנען גייט קיינער צוריק אף דער פריַ ניט ארויס. איז ווי קען זי אים טרייסטן: גאָט וועט געבן.

מיט אים, מיטן באשעפער, האָט זאלמען פיל וועגן וואָס זיך דורכצוריידן. צום אלעם ערשטן דארף ער אים זאָגן, אז אינגאנצן, ווי מע האָט אים ניט געניַיט דערצו, האָט ער דעם גלויבן קיינמאָל ניט אָנגעווירן. ס'איז אָבער געווען א גלויבן פול מיט ספייקעס. פאר די עטלעכע מעסלעס, זינט ער איז הי, זיַנען די אלע ספייקעס צוביסלעכוויַז אָפּגעפאלן.

ביז בלוי ווערן פארפרעסט זאלמען די ליפּן, ס'זאָל זיך ניט ארויסריַסן בא אים אף א קאָל דאָס אלץ, וואָס ער הערט איצט בוילעט אין זיך: „אויב איך האָב זיך פאר דיר פארזינדיקט, איז שטראָף מיך. דו שטראָפסט דאָך אָבער דאָס גאנצע פאָלק. שטראָפסט און זאָגסט ניט פארוואָס. צו בענשאָלעמען, וואָס האָט מיט זיַן איידעס־זאָגן דיר צוגעהאָלפן, האָב איך ניט קיין טיַנעס. בענשאָלעם איז ניט פון די העלדן, וועלכע קענען זיך קעגנשטעלן, כאָטש ער איז געווען א רויטארמייער אינעם בירגערקריג און געזעסן אין טויטקאמער בא די וויַסע. די גרויסע רעטעניש, וויַאזוי האָבן מענטשן, וואָס זיַנען אלץ אויסגעשטאנען, אלץ דורכגעמאכט, גרייט געווען אָפּגעבן דאָס לעבן פאר דער לערע פון מארקסן און לענינען, האָבן געקאָנט אין איין שיינעם טאָג ביַטן די עמונע, אָנריידן אף זיך, אף די נאָענטסטע פריַנט, אפן אייגענעם פאָלק אזעלכס, אז איין טויט איז פאר דעם ווייניק, איז פאר זאלמענען שוין איצט קיין רעטעניש מער.

דער אויספאָרשער האָט אים געשראָקן מיט איַזיק דאָברינס און הירשע זלאטאָפּאָלסקיס באוויַזן. וואָס זיי זאָלן ניט האָבן דאָרט געזאָגט, קאָן עס אים שוין ניט וווּנדערן. נאָך דעם, ווי ער האָט אויסגעהערט בענשאָלעמס באוויַזן וועגן אים, האָט ער ניט וואָס צו כידעשן זיך. מיט נאָסנס באוויַזן האָט דער אויספאָרשער אָבער ניט געשראָקן. דער איינציקער מענטש, אין וועמען זאלמען איז מער ווי זיכער, אז מע וועט אים ניט איַנברעכן, אז ער וועט מעקאיעם זיַן דעם דין פון דער טוירע איִן טאכאס איִן, איז נאָסן לעוויטין. נאָסן איז דאָ זיַן אָנהאלט, זיַן אָנשפּאר.

יאָ, דאָס מאָל איז מען שוין געקומען נאָך אים. זאלמען האָט א טרייסל געטאָן דעם קאָפּ, ווי וועלנדיק אָפּשטויסן פון זיך דורך דעם די באפאלענע שרעק. ער וועט ניט פארמיִעסן דאָס פאָלק, ניט פאראטן עס, ניט אונטערשריַבן זיך אונטער די אלע אָנגעטראכטע בלוטיקע בילבולים. ער איז גרייט גיין צוליב דעם אף קידעש־האשעם, ווי עס זיַנען געגאנגען צוליב דער עמונע די אָוועס אוויסיינו.

— פּאָשליי!

באם ארויסלאָזן זאלמענען פון באָקס האָט דער קאָנוואָיִרער אים א זעץ געטאָן מיטן פויסט, ער זאָל זיך ניט אומקוקן.

ערגעץ גאָר נאָענט האָט עמעצער מוירעדיק געשריִען. אין יענער ריכטונג, פונוואנען ס'איז געגאנגען דאָס געשריי, האָט דער קאָנוואָיִרער אים געפירט.

לאכלוטן אומגעריכט האָט זאלמען זיך דערזען שטיין בא דער טיר פון דער היימישער קאמער. וואָס איז מיטאמאָל פונדעסטוועגן געשען? דער אויספאָרשער האָט אָפּגעשאפן דעם גזאר, צי אָפּגעלייגט אף מאָרגן? צי עפשער איז דער גזאר באשטאנען דערוויַל אין דעם, אז ער, זאלמען, זאָל א האלבע נאכט אָפּשטיין אף די גראָבע, ווי די בערווענעס, געשוואָלענע פיס?

(פּאָרזעצונג קומט)

## שאָלעם-אלייכעם



# דער שטאָרעם

### א ראָמאַן אין צוויי טיילן

קאַפּיטל ב

## פייסעך צום סיידער

ווער איז אַט דער שיינער קיניג מיט די גרויסע שווארצע אויגן, מיט דער שיינער שווארצער געקרײַזלטער באָרד, אין די ווײַסע זײַדענע קליידער, מיטן ווײַסן זײַדענעם הי־טעלע און מיט די ווײַסע זײַדענע שיכלעך, וואָס זיצט אויבנאָן אָנגעלענט אף דער עסעבעט אזוי רויִק, און אזוי מילד, און אזוי גוט, און אזוי פרײַנטלעך צו יעדן? זאָל דאָס זײַן איציקל שאָסטעפּאל, דער שטענדיק פאַרטראָגענער, צעטראָגענער, פארהאווטער, פארטאראראמ־טער איציקל שאָסטעפּאל? ווו איז אהינגעקומען זײַן אומרויִק פּאָנעם, זײַן אײַלעניש, זײַן לויפעניש, זײַנע געשעפטן מיט זײַנע דרייענישן, פארדרייענישן און לאָדענישן מיט „קאזנא", מיט מענטשן און מיט דער גאנצער וועלט?

ווער איז אַט די פּרעכטיקע קיניגן, וואָס זיצט אים בא דער רעכטער האנט מיט אזא

---

פאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 1 — 3, 1991.

גאדלעס, אויסגעצירט מיט פערל און מיט בריליאנטן, וואָס בלישטשען און פינקלען קעגן דעם פינקלדיקן ווײַן, וואָס אין די גלאַנצנדיקע פלעשער, און געבן צו איר אַמאָלעדיק שיין פּאָנעם אַזויפיל כיין און גאַדלעס, אַז ס'איז גאָרנישט צו דערקענען אין איר די שטענדיק פאַרזאָרגטע און פאַרצאַרנטע שיווקע שאַסטעפּאַל, וואָס ווערט פאַרשוואַרצט בײַ איר מאַן דעם דעספּאָט אין אוישער און אין קאַוועד?..

ווער איז אָט די גלענצנדע, מאַיעסטעטיש שיינע פּרינצעסן, מיט די גרויסע שיינע שוואַרצע אויגן און מיט די גלענצנדע שוואַרצע געקרײַזלטע האָר, וואָס פּאַסטן זיך אַזוי צו דעם ווײַסן קלייד, וואָס די מוטער האָט מיט טרערן געפּויעלט בײַ איר, זי זאָל דאָס אָנטאָן כאָטש איין מאָל צוליב איר און צוליב דעם הייליקן יאַמטעוו, און זי האָט איר צוליב געטאָן, נישט געקאָנט צוזען דער מאַמעס טרערן?..

דאָס איז געשען באַלד נאָך ליכט־בענטשן. דער פאָטער איז נאָך געווען אין שול, די מוטער איז געשטאַנען, אַן אויסגעצירטע אין זײַד, אין פערל און אין בריליאַנטן, אַקעגן אַ האַלב טוץ גרויסע שיינע זילבערנע לײַכטער, מיט אַן אַלטן זיבנעריקן קאַנדעליאַבער אינ־מיטן, מיט אויפגעהויבענע הענט צו די צוגעמאַכטע אויגן, געבענטשט ליכט און שטילערהייט געוויינט, אַזוי שטיל און פאַרבאָרגן, אַז נאָר ער אַליין, גאָט באָרוך הו, זאָל הערן... און טאַ־מאַרע איז זיך געזעסן באַם טישל אַן אַ זײַט אין איר געוויינלעך שוואַרץ וואָכעדיק קלייד איבער אַ ביכל און האָט געלייענט, און עפּשער איז זי געזעסן אַזוי און האָט געטראַכט...

אָפּגעבענטשט ליכט, איז די מוטער צוגעגאַנגען צו דער טאָכטער, אויסגעקנאַקט זיך אַלע פינגער און אַוועקגעזעצט זיך נעבן איר און גענומען רעדן איבער איר, כאָלילע ניט געשטראָפט, נאָר אַזוי מיט גוטן אויסגערעדט זיך דאָס האַרץ פאַר איר קינד, איר איינציקער טרייסט אויף דער גאַנצער וועלט, איבערגעגעבן אין האַלבע ווערטער און מער אָפּן ווונק אַלץ, וואָס זי שטייט אויס פון איר מאַן... זי באַשולדיקט אים כאָלילע ניט און באַקלאָגט זיך ניט אויף אים, האַלעווײַ זאָל איר קינד ניט האָבן קיין ערגער לעבן, ווי זי האָט בײַ איר מאַן, נאָר אַ מאַן איז דאָך נישט מער ווי אַ מאַן, אוביפּראַט נאָך אַזאַ פאַרטראָגענער באַשעפּטיקטער מענטש ווי ער, וואָס לעבט אַליין נישט אויף דער וועלט, אַכוץ שאַבעס און אַכוץ יאָמטעוו, און וואָס לאָזט אויס טאָמיד זײַן ביטער האַרץ צו איר, צו דער מוטער, פאַר אַלצדינג: פאַר דעם, וואָס דער סאַמאָוואַר איז ניט אַזוי גיך פאַרטיק, און פאַר דעם, וואָס דאָס לאָדעניש האָט זיך ניט אײַנגעגעבן, און פאַר דעם, וואָס די טאָכטער איז אין פּעטערבורג, — פאַר אַלצדינג, פאַר אַלצדינג קומט אָפּ זי, די מוטער, און אַלצדינג נעמט זי אָן פאַר ליב, וואָרעם מיסטאָמע הייסט גאָט אַזוי, און אַקעגן גאָט קאָן מען ניט גיין...

אַזוי קלאָגט זיך שיווקע פאַר איר טאָכטער און ווישט די אויגן, און די אויגן ווילן ניט אויפהערן צו וויינען. און טאַמאַרע וויל איר דערקלערן, אַז ניט גאָט, זי אַליין איז שולדיק, וואָס זי לאָזט זיך טרעטן מיט די פיס... און די מוטער הערט נישט אויף אויסצוגיסן איר פאַרביטערט האַרץ פאַר איר טאָכטער, וועלכע זי וואָלט וועלן זען גליקלעך, ווייסט זי ניט וויאַזוי... זי וואָלט זיך וועלן מאַפקיר זײַן פאַר איר, אַוועקגעבן אָט די גאַנצע צירונג איריע, אָט די פערל מיט די דימענטן, מיט די בריליאַנטן, מיטן גאַנצן לעבן אירס, אויב עס זאָל זײַן נאָר אין דעם די מעניע... צוליב איר קינד וואָלט זי, שיווקע שאַסטעפּאַל, איציקל שאַסטעפּאַלס ווײַב, זיך געשטעלט דינען...

אַזוי זאָגט די מוטער, און טאַמאַרעס האַרץ איז גערירט און די נעשאָמע איז צעווייקט, און זי וויל באַרויִקן איר מוטער און זי קאָן דאָס ניט טאָן. זי ווייסט ניט, וויאַזוי. זי איז אַזוי ווײַט, אַזוי אָפּגעריסן פון איר מוטער!.. און די מוטער הערט ניט אויף צו באַקלאָגן זיך אויף איר פינצטער מאַזל, וואָס זי האָט נישט פאַרדינט בײַ גאָט, אַז איר איינציק קינד, איר אויג אין קאָפּ, זאָל ניט קאָנען ברענגען פאַר איר מאַמע אַ קליינעם קאָרבן, איר צוליב טאָן אויף אָט אַזויפיל, פאַרשאַפן איר מוטער כאָטש אַ קאַפּל פאַרגעניגן, כאָטש אויף אַ פאָר שאָ נישט מער... זי פּויעלט בײַ איר טאָכטער, זי זאָל זיך אָנטאָן אין אַ ווײַס קלייד, „צוליב איר און צוליבן הייליקן יאָמטעוו" — און ס'איז נישטאָ אין דער גאַנצער וועלט קיין גליקלעכערע מוטער, ווי שיווקע שאַסטעפּאַל, די פרעכטיקע קיניגן אין דער דאַזיקער נאַכט!.. און אַז דער פאָטער קומט פון שול מיטן ברייטן „גוט־יאָמטעוו!" און דערזעט טאַמאַרען אָנגעטאָן יאָמ־

טעווּדיק, ווערט זײַן קייסערלעכער מאַיעסטעט נאָך מער מאַיעסטעטיש און זײַן פֿאָטערלעך הארץ נאָך מער גליקלעך, און ער איז איר מוחל אַלע יסורים, מיט אַלע ביזיונעס, מיט אַלע ניט־דערשלאָפֿענע נעכט, מיט אַלע צאָרעס, וואָס ער איז איבער איר אויסגעשטאַנען ביז הײַנטיקער נאַכט!..

— ווער וועט בא מיר פרעגן די פיר קאַשעס? — זאָגט איציקל שאָסטעפּאַל אין א שפּאַס צו דער טאָכטער, און באַקומט פון איר אזא מין ענטפער:

— די פיר קאַשעס, וואָס איך וועל בא דיר פרעגן, וועסטו מיר נישט קאָנען פאַרענט־פערן...

— גוט, מיר וועלן זען! — זאָגט דער גליקלעכער פאָטער און גרייט זיך צו צום סיי־דער, לייגט אוועק פאַר איטלעכן א האַגאָדע, אַפילע פאַר כאַוועס די יידענע און פאַר כאַסקע דעם שטוב־מיידל, וואָס זיצן, נאָך דעם אַלטן יידישן מינהעג, באַם סיידער גלײַך מיט אַלע־מען, ווײַל פֿייסעך צום סיידער זײַנען אַלע גלײַך, נישטאָ קיין באַלעבאָס, נישטאָ קיין דינסט, נישטאָ קיין האַר, נישטאָ קיין קנעכט — פרײַ איז מען, פרײַ, ווי בעשאַס מע איז ארויסגע־גאַנגען פון מיצראַיִם!.. און איציקל שאָסטעפּאַל זעצט זיך אוועק אָפּריכטן דעם סיידער מיט דעם גאַנצן פראַכט און גלאַנץ, ווי זײַן טאַטע האָט געטאָן, און ער מאַכט דעם שיינעם ברייטן יאָמטעוודיקן קידעש, ווי זײַן טאַטע האָט געמאַכט, און ער זינגט די האַגאָדע מיט דעם זעלבן ניגן, ווי זײַן טאַטע האָט געזונגען, און אַז ער זאָגט שוין אָפּ אַלץ, וואָס ווערט גע־זאָגט פאַרן עסן, און אַז ער וואַשט זיך צו דער סודע און מאַכט די בראָכע „על אכילת מצה", און עס האַלט שוין בא די פיש, בא די זיסע פעפערדיקע געפּאָפּריצירטע צוקערדיקע שמעקעדיקע פיש מיט דער אונטערגעווייקטער מאַצע, רופט זיך אָן איציקל שאָסטעפּאַל צו טאַמאַרען מיט א שפּאַס:

— נו, אַצינד קאָנסטו מיך פרעגן די פיר קאַשעס.

— מעשוגע מײַנע סאָנים! — זאָגט שיווקע צום מאַן. — דאָס קינד וויל עסן, הייסט ער איר גאָר פרעגן די פיר קאַשעס.

— נישקאָשע, מאַמע, עס מאַכט ניט אויס, איך קאָן עסן און צו גלײַכער צײַט פרעגן דעם טאַטן די פיר קאַשעס.

אזוי זאָגט טאַמאַרע צו דער מוטער מיט א שמייכל און ווענדט זיך צום פאָטער אזוי צו זאָגן:

— טאַטע, איך וועל דיך פרעגן פיר קאַשעס — אזוי, דאַכט זיך, דאַרף מען פרעגן די פיר קאַשעס?

— אזוי, אזוי, טאָכטער, — ענטפערט איר דער גליקלעכער פאָטער. און די מוטער קוועלט, ווערט ברייטער ווי לענגער. און טאַמאַרע זאָגט:

— אָט ריכטן מיר אָפּ דעם סיידער — אָף וויפל איך פאַרשטיי פון מײַן רוסישער האַגאָדע, וואָס דו האָסט מיר צוגעגרייט, פײַערן מיר א יאָמטעוו פון באַפרײַונג, און מיר האָפן ווידעראַמאָל באַפרײַט צו ווערן פון דעם גאָלעס, אין וועלכן מיר געפינען זיך איצט, און מיר ווינטשן זיך, איבעראַיאָר זאָלן מיר אַלע זײַן זעלבשטענדיק בא זיך אין אונדזער לאַנד, אין אונדזער יערושאָלאַיִם. אזוי, דאַכט זיך? נו, וועל איך דיך פרעגן: ערשטנס, זאָג מיר, וואָס האָבן מיר געטאָן ביז אהער צוליב דער דאָזיקער באַפרײַונג? איך מיין, איך און דו, און דײַנע עלטערן, און אונדזערע אור־אורעלטערן פון יענער צײַט אָן ביז הײַנטיקן טאָג? צווייטנס, וואָלט איך וועלן וויסן, צי אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט ווילן, אַז ס'זאָל קומען מאָשיעך און זאָל אונדז פירן אהין, אינעם געבענטשטן לאַנד? אָדער עס געפינען זיך אזעל־כע, און עפּשער נאָך א סאַך אזעלכע, וואָס האָבן נישט כיישעק, קיין קאַפּ כיישעק ניט, אַז ס'זאָל קומען מאָשיעך און זאָל זיי צונעמען פון א ציוויליזירט לאַנד, פון שיינע הײַזער, פון רײַכע גיטער, און אוועקפאָרן אין אזא מעדינע, וואָס שטייט נאָך נידעריקער פון אונדזער מעדינע, און אונטער אזא רעזשים, אזא רעגירונג, וואָס איז נאָך ווילדער פון אונדזער רעגי־רונג?.. שלאָג מיך ניט איבער, טאַטע, איך האָב דיך ערשט געפרעגט צוויי קאַשעס, און פרעגן דאַרף איך דיך פיר? אַלזאָ, איז געבליבן נאָך צוויי קאַשעס. דריטנס, וויל איך וויסן, זאָלסט מיר זאָגן, אָבער אופריכטיק, צי איז די געשיכטע מיט מוישען און מיט יערושאָלאַיִם

נישט מער ווי אַן אַלטע טפֿילע פֿון אַן אַלטן סידער, וואָס מע האָט אַמאָל, פֿאַרצײַטן, אָנגעשריבן פֿאַר אונדזערע אור־אורעלטערן? און, פּערטנס, אויב ס׳איז יאָ אַזוי, הײַנט צו וואָס נוצט אונדז די גאַנצע קאָמעדיע? האָב קיין פֿאַריבל ניט, טאַמער האָב איך דיר מיט מײַנע נאַרישע קאַשעס געשטערט דײַן יאַמטעוו, און אויב דו קאָנסט, גיב מיר אָפּ זײַ א טערעץ.

• • •

זאָגן, אַז דער פֿאָטער האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן דער טאָכטער אויף אירע פֿיר קאַשעס, וואָלט געווען ניט ריכטיק. איציקל שאָסטעפּאַל האָט דאַפֿקע יאָ געענטפֿערט, און דאַפֿקע א סאַך געענטפֿערט, און שטאַרק געהיצט זיך, און שטאַרק געמאַכט מיט די הענט, ווי זײַן שטייגער איז, און געגעבן, אַגעוו, דער טאָכטער א פּסק, פֿאַרוואָס זי רופֿט אָן דעם הייליקן סיידער פֿונעם הייליקן יאַמטעוו מיטן נאָמען „קאָמעדיע"... ער האָט געפֿײַערט, געשפּרונגען פֿון איין וואָרט איבערן אַנדערן, אָנגעהויבן איינס, נישט געענדיקט און אַריבער צום אַנדערן, — מיט איינעם וואָרט, איציקל שאָסטעפּאַל האָט זיך פֿאַרענטפֿערט, ווי ווײַט ער האָט געקאָנט, אָן א סיסטעם, ווי א מענטש, וואָס איז ניט געוווינט צו דיסקוסיעס, צו שלאָגן זיך; אַזאַ מענטש טוט דאָס בעסטע, וואָס ער קאָן: ער שפּרינגט, ער דרייט זיך, דערלאַנגט א זעץ פֿון הינטן, צעלאָזט זיך און פֿאַלט פֿון זיך אַליין, כאַפּט זיך אויף און שפּרינגט ווײַטער — אַזאַ מענטש קאָן נישט געווינען דעם „קריג". אַזאַ מענטש, ווי ער זאָל ניט זײַן געזונט און קרעפֿטיק, מוז געשלאָגן ווערן...

טאַמאַרע האָט געלאָזט דעם פֿאָטער רעדן, געקוקט אויף אים מיט אירע גרויסע שיינע קלוגע אויגן, ווי ער פֿלאָנטערט זיך, און א גרינג שמייכעלע איז געשטאַנען אויף איר שיין פֿאַרזאָרגט פּאָנעם, וואָס די מוטער האָט זיך נישט געקאָנט זאַט אָנקוקן אין דעם, געוואָרן ברייטער ווי לענגער, און שיווקע האָט געטראַכט מיט א געפֿיל פֿון נעקאָמע:

„אָט אַזוי־אָ!.. זאָל ער וויסן!.. זאָל ער זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַר זײַן אייגן קינד!.. ער מיינט, ס׳איז אים איך!.. אָ, זאָל זי מיר נאָר זײַן געזונט און זאָל זי שוין נאָר זײַן אינדערהיים, וועט זי זיך שוין רעכענען מיט אים פֿאַר מיר אויך!.."

איציקל שאָסטעפּאַל האָט געכאַפּט א קוק אויף שיווקעס פּאָנעם. האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זי האָט אין אים א נעקאָמע, האָט ער פֿלוצעם איבערגעריסן און א זאָג געטאָן:

— טאַ! מיילע, מע קאָן אַזוי אַוועקזיצן און אַוועקפּלאַפּלען ביז טאָג... מע דאַרף זיך נעמען צו דער האַגאָדע, אָפּריכטן דעם אַנדערן האַלבן סיידער!..

• • •

סאַשע סאַפּראַנאָוויטש האָט פֿײַנט געהאַט רעזן, זיצן לײדיק. ער איז נאָר אַראָפּ פֿון דער פֿור, האָט ער געלאָזט וויסן זײַנע כאַוויירים, אַז ער איז דאָ, — האָבן אָנגעהויבן זיך שיטן צו אים אַלטע כאַוויירים, פֿרײַנט און באַקאַנטע, ציַיעניסטן, מאָדערנע מאַסקילים, „אינטעליגענטן", לערער און גלאַט יונגעלײַט, מיינסטנס קאַפּצאָנים.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז דער אַפּטייקער האָט דערפֿון געהאַט ווינציק־וואָס נאַכעס. האָט אָבער מוירע געהאַט צו פּראָטעסטירן, עס זאָל נישט אַרויס קיין קאָנפֿליקט צווישן אים און צווישן זײַן זון, א קליינער קאָנפֿליקט איז שוין אַרויסגעקומען צווישן זיי, בייס סאַשע האָט זיך איבערגעטאָן צום יאַמטעוו. דער פֿאָטער האָט זיך געוואָלט אויספֿײַנען פֿאַר זײַן זון, אַז ער איז ניט קיין פּראָווינציאַל, און אַז ער לייענט אַלע פּעטערבורגער בלעטער, און אַז ער נעמט אָנטייל אין דער באַפֿרײַונגס־באַוועגונג, דאָס הייסט, ער אַליין טוט גאָרניט, ווו האָט ער צײַט? נאָר ער סימפּאַטיזירט...

— סימפּאַטיזירסטו אויך מיט דער באַפֿרײַונג פֿון אונדזער פֿאָלק? — האָט אים סאַשע געפֿרעגט, פֿאַרקעמענדיק אַרויף זײַנע געלע האָר.

— פֿון וואָסער פֿאָלק? — פֿרעגט אים דער פֿאָטער, און דער זון ענטפֿערט אים:

— פון אונדזער אייגן יידישן פאָלק.

— זײַנען מיר דען אויך א פאָלק? — פרעגט דער פאָטער נאַיוו, און דער זון שטעלט אוועק אף אים פארוווּנדערטע אויגן:

— וואָס דען זײַנען מיר?

— איך ווייס וואָס מיר זײַנען? מיר זײַנען ייִדן...

און ביידע, דער פאָטער מיטן זון, צעלאכן זיך.

— וועסט ניט האָבן קיין פאריבל, טאטע, וואָס איך וועל דיר זאָגן? — מאכט סאשע צום פאָטער.

— זאָג, זאָג, דו קענסט דאָך מיך, איך בין ניט פון די, וואָס באלײדיקן זיך! קאָנסט זאָגן וואָס דו ווילסט. וועסט אוודע זאָגן, אז... וואָס וועסטו זאָגן?

— איך וועל זאָגן, אז בא קיין אומע וועלאָשן, בא קיין פאָלק ווערט זיך ניט געפינען אזעלכע, וואָס זאָלן אָפלייקענען זיך אליין, זאָגן אף זייער אייגן פאָלק, אז ס'איז קיין פאָלק נישט.

— נו, יאָ! — שרײַט אויס דער אפטייקער טריומפירנדיק און מיט א קוויטש. — ווייסטו, פארוואָס? ווײַל אָט אזא פאָלק זײַנען מיר!

— אָט אזוי דענקען נאָר שקלאפן! — זאָגט סאשע מיט פארדראָס. — שקלאפן, קנעכט, וועלכע האָבן אונטער דער אײַזערנער רוט פון זייערע פארפאָלגער פארלוירן אינגאנצן זייער זעלבסטבאַוווּסטזײַן, אינגאנצן זייער ערע צו זיך אליין.

און עס ציט זיך בא זיי א דעבאַטע אף א גאנצער שאָ, פון וועלכער דער פאָטער זעט ארויס, אז ער איז צו שוואך, ער זאָל קאָנען בײַקומען זײַן זון, און עס מאָלט זיך אים אויס, אז זײַן זון זעט זײַן שוואכקײַט, און ער פילט זיך, ווי עס דארף זיך פילן א גרויסער מענטש, וואָס ליגט פון אונטן צוגעקוועטשט מיטן פוס פון א פיל קלענערן פון אים...

פייסעך אפדערנאכט, צום ערשטן סיידער, אז דער אפטייקער איז געקומען פון דער אפטייק אהיים, האָט ער געטראָפן בא זײַן זון א יונגערמאנטשיק מיט אויסגעריבענע עלנ־בויגנס. נאָך די געקרײַזלטע שווארצע הערלעך מיטן אויסגעבויגענעם רוקן האָט ער דער־קענט סאשעס כאַווער פון גימנאַזיע.

— מײַן כאַווער שימען קעסלער.

אזוי האָט אים סאשע פאָרגעשטעלט פאר זײַן פאָטער, און דער אפטייקער האָט דער־לאַנגט קעסלערן א פאָר פינגער פון זײַן קאלטער אפטייקערשער האַנט און א זאָג געטאָן:

— עס פרייט מיך זייער...

סאשע האָט נאָכן פאָטערס זויערער מינע ארויסגעזען, אז דער קעסלער איז עפּעס נישט אזא אַנגעלייגטער גאסט, האָט ער זיך צוגעאײַלט אים פאָרצושטעלן נאָכאמאָל:

— קעסלער, דארפסטו וויסן, איז אן אינזשעניער (קעסלער האָט געוווינען באם אפטיי־קער אין די אויגן גוטע פופציק פראָצענט!), און א בארימטער מאטעמאטיקער (קעסלערס אקציעס האָבן זיך אופגעהויבן מיט נאָך פערציק פראָצענט!), און נאָך מער — א בארימטער ציוניסט! (דאָ האָבן קעסלערס אקציעס געגעבן צוריק א פאל אראָפּ באם אפטייקער אין די אויגן אף אלע נײַנציק פראָצענט מיטאמאָל). איך רעכן, פאפא, אז דו וועסט ניט האָבן גאָר־ניט קעגן דעם, וואָס מײַן כאַווער שימען וועט בלײַבן בא מיר איבער פייסעך.

נאַטירלעך, האָט דער אפטייקער געזאָגט, אז עס וועט אים זייער פרייען, וואָס זײַן זונס כאַווער וועט בא זיי האלטן פייסעך. און אזוי איז אונדזער נײַער באקאנטער שימען קעסלער געבליבן אַ טוישעוו, א היימישער מענטש באם אפטייקער אין שטוב.

סאשע האָט געפּויעלט בא זײַן פאָטער, געוויינלעך נאָך א לאַנגער דעבאַטע אין בריוו הין און צוריק, ער זאָל הײַנטיקן פייסעך מאכן בא זיך א ייִדישן פייסעך, מיט מאצעס, מיט קאָשער געפעס, מיט א סיידער און מיט אלע זיבעצן זאכן. ביז אהער פלעגט ער יויצע זײַן נאָר מיט מאצעס אליין, דאָס הייסט, ער האָט צוליב געטאָן דעם בעקער, וואָס איז זײַנער א קוינע אין דער אפטייק און וואָס דערקוטשעט זייער, אז עס קומט ערעוו־פייסעך, מע זאָל באשטעלן מאצעס בא אים, ניט בא קיין אנדערן. דערפאר אָבער אף זייער „פאסכא” איז שוין געוועזן בא אים צום טיש א הויכער א שיינער פאסכא־קוילעטש, אויך נאָר פון יויצע

װעגן, צוליב דער דײַטשקע דער קריסטן, װאָס דרייט זיך ארום אין שטוב. אַט דאָס װערט אָנגערופן א מענטש, װאָס װיל זיך ניט קריגן מיט דער װעלט!

מע האָט זיך אװעקגעזעצט די ערשטע נאכט צום סיידער זאָלבעדריט: דער אַפּטייקער, זײַן זון סאשע און זײַן כאװער שימען קעסלער. דער פּאָטער האָט אויסגעזען בא זיך אין שטוב װי א פרעמדער, װי א גאסט; ער האָט זיך אָנגעטאָן אין א שװארצן ראָק, פארשפיליעט פון אויבן ביז אראָפּ, צוגעמאכט אלע לאָדנס פון די פענצטער, מע זאָל כאָלילע ניט דערזען פון דרויסן, אז בא סאפּראנאָװיטש דעם אַפּטייקער ריכט מען אָפּ דעם סיידער, האָט געהויבן אלע מינוט דעם צילינדער־הוט און געװישט זיך דעם שװייס, געזאָגט, אז ער איז ניט געװוינט צו זיצן אין שטוב מיט א צוגעדעקטן קאָפּ, און האָט זיך בארויִקט ערשט דעמלט, װען ער האָט ארויסבאגלייט זײַן „דײַטשקע" די קריסטן, װאָס איז געװען די באלעבאָסטע בא אים אין דער שטוב. ער האָט זיך גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אז זײַן „דײַטשקע" זאָל זען אים, דעם אינטעליגענט סאפּראנאָװיטש, איבער א ייִדישן סיידער...

###### קאפיטל ג

## דעם שוסטערס אוירעך

אויב דער ליבער גוטער יאָמטעװ פּייסעך איז פאר די נעגידים א טײַנעג, איז ער פאר אָרעמעלײַט א גאנײדן.

און אָרעמער באלמעלאָכע, א מעלאמעד, א קרעמער, א הענדלער, א טענדלער איז אײַנגעשפּאנט א גאנץ קײַלעכיק יאָר אין דעם יאָך, װייסט ניט פון קיין שום פארגעניגן אין דער װעלט, אכוץ דעם איינציקן טאָג שאבעס, װאָס ער קאָן זיך פארגינען אָפּשלאָפן דעם גאנצן טאָג, װייסט נישט, װיאַזוי גאָט צו דאנקען, אז עס קומט דער גוטער ליבער פּייסעך, װאָס מע װעט קאָנען רוען גאנצע אכט טעג דורכאנאנד, נישט טראָגן אפן קאָפּ קיין שום דײַגעס פארנאָסע, װאָרעם װאָס־װאָס, מיט מאצע איז מען באװאָרנט אף א גאנצער װאָך. און װער שמועסט, אז צו דער מאצע העלפט נאָך גאָט א זעקל קארטאָפליעס מיט א דייזש־קעלע פּייסעכדיקן באָרשטש, — דעמלט מעג שוין ראָטשילד זיצן אין פאריזש, קיינער װעט זיך מיט אים ניט בײַטן, און נעכעמיע דער שוסטער אװאדע ניט.

נעכעמיע דער שוסטער האָט דעם טאָג, װאָס פאר ערעװ־פּייסעך, אָפּגעטראָגן די אר־בעט צו שיװוקע שאָסטעפּאַל, און זײַנע צװיי באָנים האָבן אָפּגעטראָגן זארבעט צו די איבע־ריקע נעגידים, און אלע דרײַ האָבן געבראכט צו טראָגן אהיים געלט א פול היטל. עס איז געװען איבערגענוג סײַ אף ארבע־קויסעס, סײַ אף אויסצולייזן די יאָמטעװודיקע מאלבושים פונעם לאָמבארד, און ס'איז נאָך געבליבן א פּאָר גראָשנס אין קעשענע אויך — אנו, זאָל איצטער פּרוּװון ראָטשילד זאָגן, אז ער װיל זיך בײַטן מיט נעכעמיע דעם שוסטער!

— קינדער! צו דער ארבעט! — האָט א זאָג געטאָן נעכעמיע צו זײַנע צװיי בּאָנים און האָט אװעקגעלייגט דאָס גאנצע שוסטער־געצײַג אף א זײַט.

נעכעמיעס צװיי זין, כאיִם און בעניע, ארבעטן מער אפן פּאָטער, װי אף זיך. „דער אלטער" — אזוי הייסט ער בא זיי. אף זיך גיבן זיי אויס װינציק; װאָס דארפן אזעלכע באָ־כערים? גאָרנישט מיט גאָרנישט. אן אָנצוג, א פּאָר שטיװול, א פּאפּירענעם קאָלנער מיט א מאנישקע — און פארטיק. סײַדן א פארזאמלונג, א ביכל, א כאװער — דאָס איז דאָך זעלבסטפארשטענדלעך... ביכלעך (פארבאָטענע) האָבן זיי ביידע ליב. כעװרעלײַט צװישן „כעװורע" זײַנען זיי ביידע, נאָר דער עלטערער איז צו דער „אידיי" איבערגעגעבן מער אלס דער ייִנגערער. דער ייִנגערער, בעניע, איז נאָר מיט װערטער. דער עלטערער אָבער, כאיִם, איז צװישן די ארבעטער איינער פון די בעסטע. אמאָל מאכט זיך, אז כאיִם װערט פארפאלן אף א טאָג, אָדער אף צװיי; קיינער װייסט ניט, װו ער איז געװען, און מיט װעמען ער האָט זיך געזען, און װאָס ער האָט געטאָן... די ערשטע צײַט פלעגט די מוטער עסן דעם פּאָטער, פרעגן אים: „שלימאזל! װאָס פאר א טאטע ביסטו?.." דער פּאָטער האָט א פּאָר מאָל גע־

פרוּווט זיך באקלאָגן פאר זײַן גוטן־פרײַנט יודל קאַטוינטי: „וואָס טוט מען, ברודער?" דערויף האָט יודל קאַטוינטי געענטפערט מיט א לאַשנקוידעש־וואָרט, ווי געוויינלעך: „יעלה ויצמח — זאָל ער גיין, זאָל ער לויפן, נעכעמיע, דו ווערסט גאָרנישט טאָן דערצו, ס'איז הײַנט אזא וועלט געוואָרן, וואָס די אייער זײַנען קליגער פון די הינער... ס'איז בא מיר די אייגענע מאקע מיט מײַן ביניאָמטשיקן; איך בעט זיך בא אים, ווי מע בעט זיך בא א גאזלען: „בינ־יאָמין, זאָג איך אים, לאָז צורו, א ראכמאָנעס, זאָג איך, אף דירו..." הערט ער מיך, ווי האָמען דעם גראגער... ברודער נעכעמיע, ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן? — פאסעך שיִן שאַ..."

און יודל קאַטוינטי לייגט צו צוויי פינגער צום מויל, אז נעכעמיע זאָל שווײַגן, און נעכעמיע פאָלגט אים און שווײַגט. ער בעט נאָר גאָט פאר צוויי זאכן: אז כאַים זאָל ניט ארײַנפאלן, און אז ער זאָל כאָטש ניט קאליע מאכן דעם ייִנגערן ברודער — בעניע.

בעניע, ווײַל ער איז דער קלענסטער, איז ער באַם פאָטער טײַער, און בא דער מוטער איז ער דאָס אויג אין קאָפּ, ציטעריק, ווי א בעניאָכידל. כאַים מאכט פון אים כויזעק, כאָטש ער האָט אים ליב. ער רופט אים מיט א מיידלשן נאָמען „בונציע". בעניע, געוויינלעך, ווײַל דאָס נישט לײַדן, איז בארויגעז פארן מיידלשן נאָמען „בונציע" און איז גרייט זיך לאָזן אָפּשנײַדן ביידע הענט פאר זײַן ברודער כאַים.

אָט אזא מין געזינדל איז דאָס.

— קינדער, צו דער ארבעט!

אזוי האָט אויסגעקאָמאנדעוועט נעכעמיע דער שוסטער, און דאָס האָט באדארפט באטײַטן, מע זאָל זיך גרייטן צום סיידער. און אלע האָבן זיך גענומען גרייטן צום סיידער: נעכעמיע, זיסל, כאַים, בעניע און דער אוירעך, א געזונטער יונג, א שווארצער, א באוואַק־סענער, ווי א בער, מיט א באסאָווער שטים, וואָס הודיעט ווי א גלאָק. דעם „אוירעך" האָט געבראכט צו פירן כאַים פון גאס. דאָס הייסט, ניט פון גאס, נאָר פון א „כאוועך", וואָס האָט אים א זאָג געטאָן אפן אויער:

— ער איז אן „אנטלאָפענער"... נעם אים, זאָל ער זײַן בא אײַך א באלמעלאָכע.

כאַים האָט באטראכט דעם פארשוין, און ער איז אים געפעלן, וויאזוי ער הייסט — האָט ער אים נישט געפרעגט; ער האָט אים נאָר א פרעג געטאָן:

— וויאזוי זאָל מען אײַך רופן?

— רופט מיך מישע נײַדיטש, — האָט דער אנטלאָפענער אויסגעהודיעט אף זײַן באס־שטים.

נעכעמיע דער שוסטער האָט דאָס נישט געקאָנט אריבערטראָגן: וואָס הייסט, ער הייסט זיך רופן מישע נײַדיטש?.. האָט ער אים גענומען צום עקזאמען: „פונוואנען איז א ייִד? וואָס איז אײַער טועכץ? ציז זענט איר א באוויַבטער?" און אזוי ווײַטער, ווי געוויינלעך. האָט אים אָבער דער זון, כאַים, איבערגעהאקט אינמיטן:

— דאָס איז ניט דײַן באָבעס דייַע, אלטער! דו פרעג אים בעסער, צי וויל ער עסן, אָדער עפשער וועלן מיר גיין פריִער אין באָד ארײַן?

און ס'איז געבליבן, מע זאָל גיין פריִער אין באָד ארײַן. און אלע פיר. דער פאָטער מיט ביידע באָנים מיטן אוירעך, האָבן זיך געלאָזט אין באָד ארײַן.

דערנאָך איז מען געקומען און מע האָט זיך אוועקגעזעצט צום סיידער זאָגן די האַ־גאָדע. געזאָגט האָט נאָר דער אלטער. און די איבעריקע האָבן געהערט, ארײַנגעקוקט איט־לעכער אין זײַן האגאָדע.

• • •

— טאָמער וואָלט געוועזן גענוג זאָגן סליכעס? — האָט א זאָג געטאָן כאַים דעם שוסטערס עלטערער זון און האָט צוגעמאכט די האגאָדע. אף אים קוקנדיק, האָבן צוגע־מאכט די האגאָדעס אויך דער ייִנגערער ברודער בעניע און דער אוירעך, און אף זיי קוקנ־דיק — שוין דער פאָטער אויך, נעכעמיע דער שוסטער אליין, וואָרעם דער אוילעם האָט

זיך געפילט שטאַרק אויסגעהונגערט נאָך דעם לאַנגן טאָגעס און נאָך דער הייסער באָד, און אַגעוו האָט זיך פונעם פּריפּעטשיק געלאָזט הערן אַ געשמאַקער רייעך: דאָס האָבן גע־ריסן די נאָז די הייסע שמעקעדיקע געפילטע פיש מיט אַ סאַך פעפער, און די פרישע קנייד־לעך מיט שמאַלץ, און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכן, וואָס נאָר פייסער האָבן זיי דעם עמעסן טאַם־גאַניידן. און עס האָט לאַנג נישט גענומען, און עס האָט זיך געלאָזט הערן אַ טרישטשען פון טרוקענער מאַצע אונטער גע'זונטע שטאַרקע ציין, און אַז מע האָט איבערגעכאַפּט דעם ערשטן הונגער, און אַז מע האָט פאַרזוכט אַ פּאָר פון די אַרבע־קויסעס, האָט זיך דער שוויַגנדיקער אוירעך אַנגערופן, אַז ער האָט שוין לאַנג ניט פאַרזוכט דעם טאַם פון פיי־סעכדיקער מאַצע מיט פייסעכדיקע פיש מיט פייסעכדיקע קניידלעך, וויַל דעם גרעסטן טייל פון זיַן לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין די טורמעס און אַסטראָגן.

— וויפל טורמעס זענט איר דאָס אויסגעוועזן? — פרעגט אים נעכעמיע דער שוסטער, וועלכער איז נאָך ניט אַזוי שטאַרק מאַלע פון די אַרבע־קויסעס, נאָר פריילעכער פילט ער זיך.

— איך האָב שוין פאַרגעסן דעם כעזשבן, — ענטפערט דער אוירעך מיט זיַן גראָבער שטים, און נעכעמיע דער שוסטער כאַפּט אים אונטער:

— פונקט אַזוי ווי געדאַליע־לייב דער גאַנעוו, אַלעווהאַשאַלעם, ער איז שוין אויף דער עמעסער וועלט. געדאַליע־לייב פלעגט זאָגן אויף זיך אַליין: „אַז מע זעצט מיך איַן אין אַסטראָג, ווייס איך ניט — איך ווייס, אַז איך וועל אַרויס, און אַז מע לאָזט מיך אַרויס, טאָנץ איך אויך ניט — איך ווייס, אַז מע וועט מיך איַנזעצן נאָכאַמאָל...“

— שלימאַזל! — רופט זיך אָפּ די שוסטערן זיסל צום מאַן מיט אַ טאָן פון אַ קאָמפּלי־מענט. — דו וואָלסט בעסער זען, אַז דער אוירעך זאָל עפּעס נעמען אין מויל אַריַן.

דער אוירעך האָט שוין אָבער גענוג „גענומען אין מויל אַריַן“, איבערגעקערט די פינפטע פון די אַרבע־קויסעס אויך, און ער האָט זיך געפילט אַזוי גוט און וואַרעם, אַז עס האָט זיך אים אופגעבונדן די צונג און ער האָט אויסגעהודיעט אויף זיַן באַסאָווער שטים:

— אויב איר ווילט, וועל איך איַך דערציילן די געשיכטע פון מיַן לעצטן אַנטלויפן פון אַסטראָג.

— איז די מאַשמאָעס, אַז לויפן פון אַסטראָג איז בא איַך גאָר קיין נאָווינע ניט? קומט דאָך אויס ווידעראַמאָל, ווי געדאַליע־לייב דער גאַנעוו, אַלעווהאַשאַלעם, האָט געזאָגט...
אַזוי באַמערקט נעכעמיע דער שוסטער, און זיַן וויַב זיסל האַקט אים איבער:

— שלימאַזל! טאָמער וואָלסטו איַנגענומען אַ ביסל שטומעניש?..

— איך שוויַג, ווי אַ פיש! — מאַכט צו איר דער שוסטער. און אַלע גרייטן זיך צו האָרכן די געשיכטע פונעם אוירעך, וויאַזוי ער איז דאָס לעצטע מאָל אַנטלאָפן פון דער טורמע.

• • •

— אַנטלויפן פון אַ טורמע איז בא מיר, מיַנע ליבע פריַנט, נאַפּליעוואַט!
אַזוי האָט אָנגעהויבן צו דערציילן זיַן געשיכטע דער אוירעך, דער באַוואַקסענער האָריקער נעפעש מישע ניַדיטש, אויף זיַן גראָבער באַסאָווער שטים, וואָס הודיעט ווי אַ גלאָק.

— איך בין שוין געלאָפן, מיַנע ליבע פריַנט, ניט פון איין טורמע, איך בין שוין געלאָפן פון סיביר אויך. נישט איין מאָל, נאָר צוויי מאָל. שוין געלעגן אין אַ וואָגן מיט פלייש, אויבן דאָס פלייש, אונטן איך. געגאַנגען מיט באַגאַמאַלצעס טויזנט ווערסט צופוס. פייגערן דריַ טעג נאָכאַנאַנד פון הונגער, פון קעלט, אָן שטיוול — נאַפּליעוואַט. צום גע־זונט וועט דאָס מיר ניט שאַטן. פאַרשטעלן זיך, אַז מע דאַרף, קאָן איך אויך. ביטער איז נאָר מיט דער שטים. אַ ביסל אַ צו גראָב קאָל בא מיר. דאָס איז אָבער אַלץ גערעדט פון פראָווינציעלנע טורמעס, קיַ און שפּיַ. ניט אַזוי איז אין דער רעזידענץ. דאָרט, אַז מע

כאַפּט זיך אַרײַן, — איז האַלט זיך! איר מעגט זיך שוין געזעגענען. אַז איך בין אַרײַן, האָב איך געפּלאַנעוועט, זיך צונויפֿגערעדט מיט אַ פּאָר כעווערלײַט — אַ נעכטיקער טאָג. מע לאָזט ניט זען זיך. רעדן — אומעגלעך, סײַדן מיט סימאָנים דורך דער וואַנט. מע האָט מיר געגעבן צו וויסן, אַז צוזאַמען מיט מיר, אַ וואַנט נעבן אַ וואַנט, זיצט מײַנע אַ באַקאַנטע. מאַשע הייסט זי, אַ טוערן, אַ פּירערן און זייער־זייער אַ וויכטיקע פּערזאָן. געוואָלט, זי זאָל אַרויס, ווי מע וויל לעבן. שוין געהאַט אַ פּלאַן פֿאַר איר. זיך אָפּגערעדט מיט איר דורך דער וואַנט. פּלוצעם קומט מען צו גיין און מע פֿירט מיך איבער אין אַן אַנדער טורמע. ביטער! עס גייט אַוועק אַ טאָג דרײַ. איך ווער געוווירן פֿון כאַווירים, אַז מאַשע איז אויך מיט אונדז. בראַוואָ! איך הייב מיך אָן דערשלאָגן — אַ צאַרע: זי איז אין דער „אָדינאָטשקע". ווייסט איר, וואָס דאָס הייסט? פֿיר הוילע ווענט, נישטאָ אַפֿילע ווו זיך אויפֿצוהענגען. אָפּגעשניטן פֿון דער גאַנצער וועלט. ביטער! אַליין בין איך אויך אָף צאָרעס. אַ טאָג איבער אַ טאָג שלעפּט מען מיך צום פֿאַרהער. זיי ווילן דערגיין, ווער איך בין. זיי ווילן וויסן, וואָס איך האָב געטאָן. באַ מיר ציט מען ניט קיין ווערטער. אַ געשלאָגענער הונט. איר האָט געזען אין באָד באַ מיר אַ לײַב? איר זעט אָן איבערגעבראָכענעם פֿינגער? איר זעט אָט דאָ דרײַ אויסגעשלאָגענע ציין? נאַפּליוואַט! יאָ, מײַנע ליבע פֿרײַנט! ס'איז אַ ווילדע דינסט, נאָר נישט קיין גרינגע. דער געדאַנק פֿון אַנטלויפֿן לאָזט מיך נישט אָפּ. ווי עסן? ווער שלאָפֿן? אַנטלויפֿן דאַרף מען! און נישט אַליין. מיט איר, מיט מאַשען! נאָר ווי־אַזוי? איך ווער מעשוגע. ווו זײַנען אַהינגעקומען אַלע כאַווירים? גוטע־ברידער? פֿרײַנט? אַ סאַך צעשטעקט אין די טורמעס, אַ סאַך פֿאַרשיקט קיין סיביר. ווער שמועסט — נאָכן רויטן זונטיק! אַז מע הענגט אַלע פֿאַרטאָג דאָ באַ אונדז טאַקע אין טורמע — דאָס ווייסן מיר. אַלע טאָג ווערן מיר געוווירן שוין נאָכדעם, אַז איינער אָדער צוויי פֿון אונדזערע כאַווירים זײַנען געהאַנגען געוואָרן. מע פֿרעגט נישט: ווער? יעדער איינציקער פֿון אונדז פֿרעגט נאָר: ווען וועל איך?..

אַ קלאַפּ אין טיר — אַ קלאַפּ אין האַרצן. אַ קלונג מיט די שליסל — אַ קעלט אין בלוט. טפּו — דער רוּעך זאָל דאָס וויסן! איך בין נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי צעשראָקן, ווי אַצינד. נערוועז! קיינמאָל ניט געוווּסט פֿון קיין נערוון. איינמאָל, ס'איז געווען נאָך האַלבע נאַכט. פֿינצטער. שטיל. לאַנגזאַם לאָזט זיך הערן דער טיק־טאַק אין הויף. דאָס איז דער פּאַטרול, וואָס מעסט די טריט איבער די שטיינער. פּלוצעם הער איך אַ ראַש פֿון טריט. אַ סאַך טריט. וואָס קאָן דאָס זײַן? עס קלינגען שליסלען. עס הערן זיך קולעס. אַ פּײַערל פֿון אַ לאַמטערן טוט אַ שײַן אַרײַן צו מיר אין קאַמערל און ווערט פֿאַרשווונדן. סקריפּ־סקראַפּ! עס ריגלט זיך אָף דער לאַנגער אײַזן. מיט אַ קרעכץ עפֿנט זיך די טיר. אָף דער שוועל דערזע איך אונדזער אויפֿזעער. דאָס פּײַערל פֿון לאַמטערן באַלײַכט זײַן פּאַרקילט פּאָנעם. הינטער אים — דער פּאַטרול־סאָלדאַט, עטלעכע וועכטער.

— נעמט צונויף די זאַכן און קומט.

איך טראַכט מיר: דאָס איז אַ גרוס פֿונעם מאַלעכהאַמאָוועס... איך טו אָן די שטיוול, מיר גייען. פֿרעגן באַ די לײַט איז נישטאָ וואָס, זיי זײַנען שטום. אַ לאַנגער שפּאַציר איבערן קאָרידאָר. מיר זײַנען אין הויף. אַ קאַלטער שטראָם פֿון פֿרישער לופֿט. איך באָד מיך אין דער קילער לופֿט, ווי אין אַ ביטל. מיר גייען דורך דעם טורמע־הויף. די וועכטער שפּאַנען, קוקן אָף אונדז קאַלט, מיט אויסגעלאָשענע אויגן. זיי טראַכטן ניט וועגן מענטשן, וואָס מע פֿירט זיי צו דער טליע. זיי טראַכטן וועגן זיסן שלאָף. מיר זײַנען שוין אין צווייטן הויף. דאָרט איז די „קאַנצעליאַריע" און דאָרט ווױנט דער אויפֿזעער. ער האָט אַ פֿרוי, איך האָב זי געזען. איר פּאָנעם זאָגט, אַז זי געפֿינט זיך ניט אין טורמע. די טורמע איז באַ איר אַ גרויסע שטײַג. די אַרעסטאַנטן זײַנען גענדז. אַלע טאָג קומען צו פֿרישע גענדז. די גענדז האָדעוועט מען און מע טראָגט זיי אָף צום שויכעט. ווער קימערט זיך פֿון דעם? ווער האָט ראַכמאָנעס אָף אַ גאַנדז? ווער האָט טײַנעס צו אַ שויכעט? דערויף זײַנען זיי געענדז, מע זאָל זיי שעכטן. דערויף איז אַ שויכעט, ער זאָל שעכטן... זי האָט אַ קינד, אַ ייִנגעלע פֿון אַ יאָר פֿינף. מע רופֿט אים וואַניע. איך האָב דאָס געהערט פֿון דער באָנע. די באָנע שײַנט צו זײַן אַ פּוילישע. נאָך די האָר און נאָך די אויגן האָב איך דאָס דערקענט. שיינע האָר, בלויע אויגן. אַ קאָל באַ איר ווי אַ פֿידל. אַז זי זאָגט „וואַניאַ" — זינגט זי און אַ ביסל אונטער דער

נאַז. וואָס טראַכט וואַניעס קעפּל וועגן די מענטשן־געגנדן, וואָס זיצן דאָ? ווייסט ער, אַז דאָ זיצן מענטשן, ניט קיין געגנדן? וואָס זאָגט אים די באַנע? זי מוז דאָס וויסן; זי זעט דאָך אַמאָל טרערן. זי הערט דאָך אַמאָל געשרייען. און דאָס קלינגען פון די שווערע קייטן, — וואָס פאַר ווערטער זאָגט דאָס איר? ווער ווייסט, עפּשער האָט זי אַליין אַ ברודער, וואָס זיצט ערגעץ אין אַ טורמע, וואָס ס׳וואַרט אויף אים אַ טליה? ווער ווייסט?.. איצטער שלאָפט זי דאָ אין שטוב אויף אַ ווייך געלעגער. וואַניע — נעבן איר אין אַ וויגל. ער וועט אויסוואַקסן אַמאָל, מע וועט אים דערציילן, אַז זײַן פֿאָטער איז געווען אַ טאַליען, וואָס וועט זאָגן דעמאָלט וואַניע? און עפּשער וועט ער אויך זײַן דאָס זעלבע, וואָס דער פֿאָטער?..

איך האָב אַ ביסל אָפּגעקערעוועט אָן אַ זײַט. ווו האַלט איך? באַם אופֿזעער אין שטוב. ס׳איז ליכטיק אין צוויי פענצטער נאָר. דורכן פענצטער זע איך אַ הויכע פיגור אין זשאַנ־דאַרמסקע קליידער — גרויסע וואָנצעס, גאָלדענע ברילן. נאָך די עפּאָלעטן שײַנט דאָס צו זײַן אַ קאַפּיטאַן אָדער אַ ראָטמיסטער. זיצט אַ פוס איבער אַ פוס, רייכערט אַ פּאַפּיראָס. אַקעגן אים —אַ שרײַבער, אָנגעבויגן איבער אַ פּאַפּיר. אויפֿן גאַנעקל זיצן פינף סאָלדאַטן פרעמדע אין פאַרשיידענע פּאָזעס. איינער ציט אַ פּאַפּיראָסל פונעם אַרבל. שלינגט דעם רויך, מע זאָל ניט זען. רעדן זיך איבער שטיל. עס הערט זיך אַ סמאָקען מיט די ליפּן, און באַלד נאָך דעם — אַ טופּען פון פערד. עס קאַטשען זיך רעדער. דאָס איז צוגעפאָרן די באַקאַנטע גרויסע קאַרעטע גלײַך צום גאַנעק. אויפֿן קוטשער־זיץ האָב איך דערקענט סעליוואַן דעם קוטשער. אַ געוועזענער אַרעסטאַנט, אַ באַוווסטער ראָשע. פונדערווײַטן זע איך גיין אונדזער אופזעער מיט די וועכטער. די שליסלען קלינגען. די פינף פרעמדע סאָל־דאַטן טוען זיך אַ כאַפּ אויף פון די ערטער: — סמירנאָ!!! מע פירט צו צו דער קאַרעטע נאָך פאַרשוינען. איך קוק מיך אײַן — צוויי באַקאַנטע פיגורן: איינע מאַשע... די אַנדערע פי־גור — אַ יונגער באָכער פון אַ יאָר נײַנצן מיט רויטע פּוקקע בעקלעך, בלוט און מילך, אור־רוטיס רופט מען אים. נאָך איינער — אַן אומבאַקאַנטער אַרעסטאַנט. אוורוטיס האָט ערשט פריִער מיט אַ טאָג צוויי באַקומען אַ יעדיע, אַז מע באַשולדיקט אים אין אַ שווערן פאַר־ברעכן, דאָס שמעקט עפּשער מיט יענער־וועלט... ער איז אַ ווילער באָכער. ער האַלט זיך, ווי מע דאַרף. אַ ביסל נאָר האָט ער זיך אין די צוויי טעג אויסגעבלייכט. אַוועק די פאַרב פון די פּוקקע בעקלעך. און עפּעס הילט ער זיך מיר צו שטאַרק אין די קליידער. עפּשער — ווײַל ס׳איז קיל אין דרויסן? און עפּשער געזעגנט ער זיך איצט בעמאַכשאַווע מיט דער מאַמען? ער האָט אַ מאַמע, וואָס האָט אים זייער ליב. איך האָב אַמאָל געזען אירע ליבע־בריוו צו אים. אַ יאַם פון מוטער־ליבע, אַ וועלט מיט געפיל. אַ מאַבל פון טרערן. ער פלעגט קלוימערשט לאַכן פון אירע בריוו. אַליין אָבער, אַז ער האָט זיך אוועקגעזעצט איר שרײַבן, האָט מען אים ניט געקאָנט אָפּרײַסן. אין גראַמען האָט ער צו איר געשריבן. ער איז אַ פּאָעט. שרײַבט ניט שלעכט. ער איז אין דער מינוט אַזוי געווען פאַרטיפט אין זיך, אַז ער האָט מיך ניט באַמערקט. מאַשע אָבער — די האָט מיך באַלד דערזען. זי האָט זיך געגעבן אַ צי צו מיר. איך קוק אויף מאַשען, איך וויל זען, וואָס זי טוט. קוים וואָס איך זע איר פּאָנעם. רויק — נאַפּליעוואַט!.. „סטראַיִסיאַ!״ — הערט זיך אַ קאָל פונעם „אונטער״. אַלע פרעמדע סאָלדאַטן ציִען זיך אויס. זיי רינגלען אונדז אַרום. אונדזער אופזעער גייט אַרויס מיטן זשאַנ־דאַרמסקע קאַפּיטאַן אויפֿן גאַנעקל. דער שרײַבער לײַכט זיי צו. דער קאַפּיטאַן ציט אויס די האַנט דעם אופזעער. דער אופזעער טרייסלט אים די האַנט. ער בייגט זיך אונטערטעניק, זייער אונטערטעניק. ער בעט זיך באַם קאַפּיטאַן, ער זאָל אים מויכל זײַן, וואָס סע האָט אַזוי געדויערט, און זאָל אים פאַרענטפערן. דער קאַפּיטאַן איז שטרענג. ער זאָגט אים אָן, אַז דאָס אַנדערע מאָל זאָל ער זײַן פּאַרזיכטיקער: „יעוואָ וויסאָקאָפּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ האָט פײַנט אַזעלכע זאַכן!..״ דער אופזעער פאַרענטפערט זיך. ער געזעגנט זיך מיטן קאַפּי־טאַן דאָס לעצטע מאָל. ער זאָגט אים, ער זאָל זײַן זייער, זייער פּאַרזיכטיק מיט דער כעווריע, וואָס ער פירט, און באַזונדער מיט דעם „בער״. דאָס מיינט ער מיך. דער קאַפּיטאַן ענט־פערט אים, ער זאָל זײַן רויִק: פאַר אַ בער האָט ער קיין מוירע ניט, און בא אים אַנטלויפט מען ניט...

מיר זיצן שוין אין קאַרעטע. מיר מיט פיר סאָלדאַטן מיט בלויזע שווערדן אויף די בענק

אינווייניק, פון פאַרנט. אין דער צווייטער אָפּטיילונג פון דער קאַרעטע דער קאַפּיטאַן. אויפן קוטשער־זיץ סעליוואַן מיט א סאָלדאַט. עס ווערן פאַרהאַקט די איַזערנע טירלעך. עס הערט זיך דאָס לעצטע מאָל „סמירנאַ!". סעליוואַן טוט א סמאַצקע מיט די ליפּן. עס הערט זיך א טופּען פון פערד, פיר פּאָר פיס. די רעדער קאַטשען זיך לאַנגזאַם איבער די שטיינער. אויף יענער זייַט טורמע צעלאָזט סעליוואַן די פערד. די רעדער קאַטשען זיך גיכער. די קאַרעטע פליט מיט א ראַש איבער די שטיינער.

מיר זיצן אויף לאַנגע בענקלעך אין דער לענג פון דער קאַרעטע איינס קעגן דאָס אַנדערע. נעבן יעדן א סאָלדאַט מיט א בלויזער שווערד. איך קוק אויף מאַשען. קוים וואָס מע זעט איר פּאָנעם. זי לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פון דעם יונגן אוורוטיס. רעדן טאָר מען נישט. וווּהין מיר פאָרן — ווייסט קיינער ניט פון אונדז, נאָר איטלעכער פילט עפּעס, אז ס'איז ניט צום גוטן. אזוי פירט מען קעלבלעך אין א וואָגן צו דער יאַטקע. פילן זיי עפּעס?.. וויפל צייַט מיר פאָרן — ווייס איך אויך ניט. אָט דאכט זיך א מינוט, און אָט דאכט זיך א גאַנצע נאַכט. א נאַכט — א יאָר.

פּלוצעם — סטאָפּ! די קאַרעטע האָט זיך אָפּגעשטעלט. ס'איז שטיל. מע הערט די פערד פאַרשקען, שמייַסן מיט די עקן. עס הערט זיך דעם קאַפּיטאַנס קאָל. ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער קאַרעטע. ער איז הינטער אונדז. ער בייזערט זיך אויפן קוטשער. סעליוהאַן קריכט אַראָפּ מיט א מישעבעירעך פונעם קוטשער־זיץ און פרעגט, וואָס איז דאָ? „זעסט ניט וואָס דאָ איז? די אויגן זייַנען דיר ארויס? בייג זיך איַין. ט' א קוק אהער!" — אזוי קאָמאַנדעוועט דער קאַפּיטאַן. וואָס האָט זיך דאָרט געקאָנט טרעפן, אשטייגער? און עס קומט אזא מאַכשאָווע אין קאָפּ: אך, ווען עס פּלאַצט, לעמאַשל, אַן אַקס! אָדער אזוי עפּעס א צאָרע זאָל זיך טרעפן: עס זאָל ווערן א בעהאָלע, א שטיקל מעהומע. עך, באַפאַלט מען דעמלט די סאָלדאַטלעך, מע וואַרגט זיי אויס אייַנציקווייַז. איך אַליין נעם זיך אונטער דרייַ דערשטיקן, ווי די קעצלעך... די סאָלדאַטלעך אָבער זייַנען באַקאַנט, אפּאָנעם, אונדזערע מאַכשאָוועס, זיי זיצן שטרענג מיט די בלויזע שווערדן. זיי לאָזן נישט אַראָפּ קיין אויג פון אונדז. מיטאמאָל הערט זיך א פאַל אויף דער ערד. נאָכן פאַל הערט זיך א כראָפּען. עמעצער רעדט: „בינד אים צונויף!.. אָט אזוי... דעם זאַק פון אויבן... אָט אזוי, אָט אזוי... לאָמיר אים נעמען... כעווורע, אין קאַרעטע אַריַין... אָט אזוי, אזוי..." איידער מיר קוקן זיך ארום, עפנט זיך אויף דאָס איַזערנע טירל פון דער קאַרעטע. עס ווערט אַרייַנגעוואָרפן עפּעס א שווערע זאַך אין אונדזער אָפּטיילונג פון דער קאַרעטע. אין א מינוט זיצן שוין אויפן זאַק דרייַ סאָלדאַטן. דער קאַפּיטאַן שפּרינגט אַרייַן צו אונדז. ער טוט א ריס פון זיך די גרויסע וואָנצעס מיט די גאָלדענע ברילן. ער רופט זיך אָן צו אונדז:

— כאַווײרים! איך באַגריס אייַך, איר זייַט פרייַ!

— גרישע! — שרייַ איך אויס.

— טס־ס! — מאַכט ער צו מיר און ווייַזט אויפן זאַק.

• • •

נעכטמיע דער שוסטער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו די קינדער. די נאָז זייַנע האָט געשייַנט און געגלאַנצט. ער האָט א זעץ געטאָן מיטן קולעק אין טיש אַרייַן און מיט גרויס היספּעילעס אויסגערופן:

— איך האָב געוווּסט, ווי איך בין א ייִד, אז ס'איז א פאַרשטעלטע זאַך!

— שלימאזל! וואָס זשע האָסטו געשוויגן? — זאָגט צו אים זייַן ווייַב זיסל, וואָס איז אויך געווען אויסער זיך פון אופרעגונג. כאַיִם און בעניע — די, קאָן מען זאָגן, זייַנען גאַרנישט געווען בהאי עלמא: עס האָט זיי געטראָגן אינדערלופטן. עס האָט זיך זיי אויסגעדאכט, אז זיי זייַנען דאָרטן צוזאַמען מיט דעם אוירעך מישע נייַדיטש, אין דער גוטער קאַרעטע, און זיי ברענען, ווילן שוין וויסן דעם סאָף, ווער איז דער גרישע? און ווו איז די

מאשע? און וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט דעם יונגן אוורוטיס און מיט די איבעריקע אַרעסטאַנטן?

און דער אוירעך הוסט זיך אויס און דערציילט ווײַטער.

— אַלזאָ, ווו האַלטן מיר? בּאַ גרישע. איך האָב אים דערקענט. איר ווילט וויסן, ווער ער איז? ס׳איז נישט וויכטיק, ס׳איז מײַנער אַ כאַווער. געוּנג פאַר אײַך. דערווײַל דאַרף איך אײַך ענדיקן מיט דער קאַרעטע. די קאַרעטע איז געפאָרן ווײַטער. געקוטשערט האָט דער סאָלדאַט, אויך פון אונדזערע לײַט, געוויינלעך. סעליוואַן איז געלעגן אין זאַק אַ געבונדענער, ווי אַ באַראַן, מיט אַ טיכל אין מויל, ער זאָל שטומען. צוויי סאָלדאַטן (אויך אונדזערע לײַט) זײַנען געזעסן אויף אים רײַטנדיק. עס איז געווען אַ יִשׁעוּה, וואָס מע זאָל מיט אים טאָן: הארגענען — פאַר קיין געלט נישט! גרישע האָט געזאָגט: „אָן איין טראָפּן בלוט!״ איינער האָט אַפילע אַרויסגעוואָרפן אַ כאָכמע: זאָל מען אים דערשטיקן, וועט ניט פאַרגאָסן ווערן קיין בלוט. האָט אויף אים גרישע געגעבן אַ קוק, איז ער געוואָרן שטיל. פאַר גרישען האָט מען דערעכערעך.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו אונדזערע. ווער עס האָט ניט געזען דעם יונגן אוורוטיס, דער האָט קיין פרייד נישט געזען. פרייד, גליק, הימל, גאַניידן — דאָס אַלץ זײַנען שוואַכע ווערטער. ער האָט געזונגען, געוויינט, ער האָט געקושט זיך. מיט איטלעכן באַזונדער האָט ער זיך געקושט. איין עק הימל איז שוין געווען העל. עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. מיר זײַנען נאָך אַלץ געפאָרן. אויף אונדז האָט מען געוואַרט אין אַ הויף הינטער דער שטאָט. דאָרט זײַנען געווען „כעוורע״. דאָרט איז געווען צוגעגרייט פאַר אונדז קליידער, עסנוואַרג, פּעסער און געלט. פון דאָרטן וועלן מיר זיך אַריבערכאַפּן קיין פינלאַנד. און פון פינלאַנד איז שוין נאַפּליעוואַט! אונדזער קאַרעטע איז אַרײַנגעפאָרן אין אַ גרויסן הויף אַרײַן. ווײַט אין הויף, פאַרשטעלט מיט ביימער, זעט זיך אַ ווײַסע שטוב. הינטן אַ גרויסער גאָרטן. פאַרנט אַ שטאַל. דאָ האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. אַקעגן אונדז זײַנען אַרויס „כעווערע״, אַלע אונדזערע.

ס׳איז געוואָרן אַ קושערײַ. גרישע האָט ניט געלאָזט לאַנג פרייען זיך. מיר האָבן זיך אַלע איבערגעטאָן. אַלע אונדזערע אַרעסטאַנטסקע, אויך די סאָלדאַטסקע קליידער אַרײַן אין קאַרעטע אַרײַן. סעליוואַנען האָט מען אַרופגעלייגט גאַנץ אויבן אויף די קליידער. מע האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל ניט דערוועגן זיך טאָן אַ פּיפּס. דער אָנזאָג איז געווען איבעריק. ער איז געווען באַוואָרנט, געבונדן הענט און פיס, דערצו אָנגעטאָן אַפן קאָפּ אַ זאַק און צוגעקרעמפּעוועט צו דער קאַרעטע. ער וועט שוין שטומען, ווי אַ הונט.

עס איז אויף אונדז אָנגעפאַלן אַ הונגער. פונוואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ אַפּעטיט? בולקעס, סאַרדעלן, קאַלבאַסעס. דער אוילעם האָט געפּאַקט. גרישע האָט ניט געלאָזט עסן. ער האָט געטריבן אין האַלדז־און־נאַקן. ער האָט אונדז אַרויסגעגעבן פּעסער, געלט, מאַרשרוטן, איטלעכן אַן אַנדער מאַרשרוט. איך, מאַשע און אוורוטיס אויף איין וועג. מיר האָבן זיך געזעגנט, געביטן מיט די אַדרעסן. איינציקווײַז איז מען זיך צעגאַנגען פונעם הויף. גרישע איז געבליבן דער לעצטער.

גיך האָט זיך באַוויזן די זון. דער שנײ האָט געבלישטשעט, געסקריפּעט אונטער די פיס. מיר זײַנען געגאַנגען פּאַוואָליע. אָנגעטאָן זײַנען מיר געווען, ווי אַרבעטער. איך בין געווען אַ פלאָטניק מיט אַ האַק אויף די פּלייצעס. אוורוטיס — אַ מולער, מיט אויסגעשמירטע קליידער אין קאַלך. מאַשען האָט מען אָנגעטאָן, ווי אַ דאָרף־שיקסע: קאָרעלן, רויטע שיך, אַ גרינע פאַטשיילע און אַ האַן אונטערן אָרעם אויף צו פאַרקויפן. אויף איר אָנטאָן זיך האָט גרישע מער אַכטונג געגעבן, ווי אויף אַלעמען. ער האָט זי באַטראַכט מיט דער גרינער פאַטשיילע, מיט די רויטע שיך, מיט די קאָרעלן און מיטן האַן און איז געווען צופרידן.

מיר אַלע דרײַ האָבן באַדאַרפט האַלטן זיך איינינעם און באַזונדער. דאָס האָט געהייסן, יעדער באַזונדער גייט זיך אומבאַקאַנט, נאָר אַלע אין איין וועג. מיר האָבן באַגעגנט אַרבעטער, זיי האָבן אונדז געגריסט, עס זײַנען אָנגעפאָרן דראָזשקעס, איזוואָזטשיקעס. דינגען אַ דראָזשקע — האָבן מיר ניט געטאָרט. אַרבעטער פאָרן נישט אויף קיין דראָזשקעס. מיר האָבן

געמוזט א גרויסע שטרעקע גיין צופוס, ס'איז אָבער זיכער. קיין טראַמוויַ האָט מען נאָך נישט געזען.

עס לויפט אָן דער טראַמוויַ. ער שטעלט זיך אָפּ. מיר אַלע דריַ קריכן ארוף גאַנץ אויבן. פּראַלעטאַריער פאָרן אויבן. אַלעמאָל שטעלט זיך אָפּ דער טראַמוויַ. עס קריכן אראָפּ און עס גייען ארוף פּאַסאַזשירן. ניט וויַט פון אָכטינסקע-גאַס איז ארוף א פאַרשוין, א גאַנץ געוויינלעך מענטשל. אָף די אויגן האָט ער געטראָגן אַשקאַלירענע ברילן. ער האָט זיך אוועקגעזעצט קעגן אונדז מיט א פּאַפּיראָס אין מויל, געוואָרפן אָף יעדן פון אונדז א קאַלטן בליק און פאַרקוקט זיך אָן א זיַט. פּלוצעם, איך טו א קוק — מיַן פאַרשוינס אַשקאַלירענע ברילן קוקן עפּעס צו שטאַרק אָף מאַשען. מאַשע אַליין האָט נישט באַמערקט, אַז מע קוקט אָף איר. איך זאָל דאָס איר זאָגן — פּאַסט נישט. דער טראַמוויַ האָט זיך אָפּגעשטעלט, דער פּאַרשוין מיט די אַשקאַלירענע ברילן איז אראָפּגעקראָכן. עס איז מיר אראָפּ א שטיין פון האַרצן. מיר זיַנען געפאָרן וויַטער. איך האָב דערציילט מאַשען פונעם פאַרשוין מיט די אַשקאַלירענע ברילן, מאַשע האָט זיך אויסגעלאַכט. „נישט אָף מיר, זאָגט זי, האָט ער זיך פאַרקוקט, נאָר אָפּן האָן...” אין דער מינוט האָט זיך דער וואַגאָן אָפּגעשטעלט עפּעס ווי מיט-אַמאָל. אין איין רעגע איז שוין געווען פון אויבן ווידער דער זעלבער פאַרשוין מיט די אַש-קאַלירענע ברילן. ס'איז מיר פאַרקילט געוואָרן דאָס בלוט. הינטער אים זיַנען שוין גע-שטאַנען זשאַנדאַרמען, פּאָליציַיאַנטן, סאָלדאַטן. אַלע האָבן זיך געגעבן א נעם צו מאַשען... איך מיט אוורוטיסן זיַנען געזעסן פאַרהאַקט אין א ווינקל. וואָס האָבן מיר געקאָנט טאָן? כאַפּ איך זיך אוף — זיַנען מיר ביידע פאַרפאַלן!

קאַלט האָבן מיר געקוקט אָף דער סצענע, אַזוי וויַט ווי מיר האָבן געקאָנט. און מאַשע? זי האָט אפילע קיין איינציקן קוק נישט געטאָן אָף אונדז. זי האָט מוירע געהאַט, מיט איר קוק זאָל זי נישט ארויסגעבן אונדז אויך. שטיל, פּאַוואָליע, ווי אַן אונטערטעניק שעפעלע, האָט זי זיך אראָפּגעלאָזט מיט זיי אראָפּ פונעם וואַגאָן, דער טראַמוויַ איז אוועק זיַן וועג. מיר ביידע זיַנען שוין געזעסן אין געהאַקטע ווונדן. נישט געטאָרט זיך אויסדרייען אפילע א קוק טאָן אין יענער זיַט, ווו די אומגליקלעכע מאַשע איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. מיר האָבן נישט גערעדט קיין וואָרט. מיר האָבן אפילע נישט געקוקט איינס אָף דאָס אַנדערע. וואָס דער יונגער וועטוריק האָט זיך געטראַכט — ווייס איך ניט. איך בין אים געווען אין דער מינוט א דאַם-סוינע. נימעס איז ער מיר געוואָרן! און זיך אַליין בין איך געוואָרן נימעס און מיעס. סטיַטש, וויאַזוי האָב איך געקאָנט בליַבן זיצן אַזוי רויק בעשאַס מאַשעס לעבן איז אין אַזאַ געפאַר?..

— פונוואַנען און ווער איז זי, אָט די מאַשע? — טוט אים א פרעג בעניע.

— פונוואַנען זי איז — ווייס איך ניט. — ענטפערט דער אוירעך. — איך ווייס נאָר, אַז זי הייסט „מאַשע” און איר פאַמיליע איז באַשעוויטש.

— באַשעוויטש??? — רופן אויס אַלע מיטאַמאָל.

— באַשעוויטש, וואָס איז דען? — פרעגט דער אוירעך.

— א שיינע מיַסע, נאָר א קורצע! — זאָגט נעכעמיע דער שוסטער. — סטיַטש, דער פאָטער אירער איז מיַנער א גוטער באַקאַנטער, ליפּע באַשעוויטש הייסט ער, אָדער דער „הילצערנער ייִד”. ערשט געזעען זיך מיט אים ערעוו יאָמטעוו טאַקע דאָ אָף די טרעפּ. ער איז געגאַנגען צו אונדזער שאָכן אָפּנעמען א גרוס פון פעטערבורג בא אונדזער נעגידעס טאָכטער טאַמאַרע.

— טאַמאַרע? — פרעגט שוין אַציַנד דער אוירעך. — ווער איז די טאַמאַרע? ניט שאָסטעפּאַל?

— געוויס שאָסטעפּאַל. וואָס איז דען?

— איר קענט זי?

— אויב מיר קענען זי? גוט געזאָגט! זי זיצט אָט דאָ אויבן!

— א נאַכט פון ווונדער! — זאָגט דער אוירעך, און דערציילט, וויאַזוי ער האָט זיך באַקאַנט מיט טאַמאַרע שאָסטעפּאַל, טאַקע בא מאַשע באַשעוויטש, און ער זאָגט, אַז ער וואָלט זיך זייער וועלן זען מיט טאַמאַרע שאָסטעפּאַל.

און אזויווי אלע בא נעכעמיע דעם שוסטער האָבן זיך געפילט נאָך דעם זיבעטן קאָס פון די „ארבע־קוסעס" לעבעדיק, בעגילופן, לעכיין איז געבליבן, מע זאָל נישט וואַרטן ביז מאָרגן און מע זאָל נאָך היינט, טאַקע באַלד, געבן צו וויסן טאַמאַרען, אַז אַן אַלטער באַ־קאַנטער וויל זיך מיט איר זען. און כאַיִם מיטן אוויערד לאָזן זיך אַרויף אויף די טרעפּ.

• • •

איציקל שאַסטעפּאַל האָט געהאַלטן שוין לאַנג נאָך די „כאַדגאַדיעס" און נאָכן „שיר־השירים" און איז נאָך אַלץ געזעסן באַם טיש גאַנץ ברייטלעך, מאַיעסטעטיש, געררייכערט, געטרונקען טיי און געשמועסט פון אַ טרויעריקן איניען, פונעם קעשענעווער פּאָגראָם, וואָס די רעשאָיִם באַרימען זיך, און די אַנטיסעמיטישע בלעטער שרייבן, אַז אויך דאָ און אומעטום אין אַלע ייִדישע שטעט וועלן זיי מאַכן די זעלבע שפּיל, וואָס אין קעשענעוו. זיי, די אַנטי־סעמיטן, באַרימען זיך, אַז זיי וועלן זיך נוקעם זיין אין די ייִדן פאַר דער רעוואָלוציע, וואָס ווערט אָנגעפירט קלוימערשט נאָר פון ייִדן. די טאָכטער קאָן זיך ניט איינהאַלטן און ענט־פערט אויף דעם פאָטער, אַז אומעטום באַרימען זיי זיך; זיי וועלן גאָרנישט מאַכן, וואָרעם אום צו מאַכן אַן אַלגעמיינעם קעשענעוו, מוז מען האָבן ווער ס'זאָל מאַכן.

— אַוואַדע דאַרף מען גיין אויסשרייבן פון פּאַרייזש היצליעס, כוליגאַנעס, באָסיאַקעס און שיקורים! — זאָגט דער פאָטער.

— מיט כוליגאַנעס און מיט באָסיאַקעס קאָן מען גאָרנישט מאַכן. מע דאַרף האָבן דערצו דאָס פאָלק, די אַרבעטער, — באַמערקט די טאָכטער, און דער פאָטער ענטפערט איר:

— וואָסער פאָלק? וואָסערע אַרבעטער? האָב קיין יעסורים ניט, זאָל נאָר זיין אַ פּאָגראָם, וועלן די אַרבעטער העלפן „אַרבעטן"...

און איציקל שאַסטעפּאַל קאָכט זיך. ער פילט, אַז דאָ איז ער אויפן פערד. אין די זאַכן איז ער מער געניט און פאַרשטייט מער פון דער טאָכטער... טאַמאַרע לאָזט אים אָבער לאַנג נישט טריומפירן און זי ענטפערט אים שנײַדנד, אַז מע טאָר ניט זיין קורצזיכטיק און מע דאַרף קאָנען אונטערשיידן, וואָס ווערט אָנגערופן „פאָלק" און וואָס הייסן עטלעכע צענדליק אָנגעטרייצטע אָדער געדונגענע כוליגאַנעס אין קעשענעוו, וואָס האָבן באַפאַלן אַ שטאָט פון שוואַכע מענטשן, טרוסן, ווייבער און קינדער, וואָס האָבן זיך געלאָזט אויסשעכטן און גע־גאַנגען נאָכדעם וויינען אויף די קוואָרים און אויסטײַנען זיך מיטן ריבוינעשעלוילעם, ווי עס ווערט אַזוי שיין באַשריבן באַם גרעסטן ייִדישן דיכטער, בא ביאַליקן.

— האָסט דאָך געלייענט ביאַליקן? — טוט טאַמאַרע אַ פרעג באַם פאָטער, און באַ־קומט אַזאַ מין ענטפער:

— וואָסער ביאַליק? פון דער מיל?..

— די ליד פון ביאַליקן, — זאָגט טאַמאַרע. — דו ווייסט ניט ביאַליקס לידער?

— וואָס בין איך אַ ייִדענע, וואָס איך זאָל לייענען לידלעך פון עפּעס אַ ביאַליק אַ לידלמאַכער? — מאַכט איציקל שאַסטעפּאַל גאַנץ נאַיִוו און ערנסט.

און טאַמאַרע האָט שוין מער קיין מוט צו דיסקוטירן מיטן פאָטער, און זי באַוווּנדערט די אומנאַטירלעכע לאַגע, וואָס בא ייִדן: אַ פאָלק פון סאַמע אינטעליגענטן, וואָס אַלע קאָנען לערנען, אַפילע ווייבער, אַ פאָלק, וואָס האַלט זיך קליגער פון אַלע פעלקער, קליגער און בע־סער און פרומער, קומט צו אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן דיכטער, הייסט ער בא איר באַלעבאַ־טישן פאָטער „אַ לידלמאַכער". און ווען נישט דעם אַפּטייקערס זון סאַשע, וואָלט זי, טאַ־מאַרע, גאָרנישט געוווּסט, אַז עס עקזיסטירט אונטער ייִדן אַ פּאָעט מיטן נאָמען ביאַליק. און וואָס עפּעס נאָר זיי? זי קען אַ סאַך אַזעלכע, ווי זי, וואָס ווייסן נאָך אַדהאַיאָם ניט, ווער דער ביאַליק איז!.. און זי קאָן זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, אַז עס זאָל זיך געפינען אונטער רוסן אַזעלכער, וואָס איז ניט קיין פּראָסטער גוי, וואָס זאָל נישט וויסן ווער פּושקין איז... אָדער עס זאָל זיך געפינען אונטער פּוילן, לעמאָשל, אַ מענטש, וואָס זאָל נישט וויסן ווער

מיצקעוויטש איז. און עס ווילט זיך איר ארויספירן דערפון איינס פון די צוויי: אָדער ביאַליק איז קיין דיכטער, אָדער מיר זײַנען קיין פאָלק... און אויב מיר זײַנען ניט קיין פאָלק, טאָ וואָס זשע דען זײַנען מיר?..

— עס פרעגט זיך נאָך אַף אײַך דעם שוסטערס זון מיט נאָך עפּעס א מענטשן.

אזוי ראַפּאָרטירט דאָס שטוב־מיידל, און איידער מע טוט זיך א קער, וואַקסן אויס אַף דער שוועל צוויי פּארשוינען, כאַיִם דעם שוסטערס זון און דער באוואַקסענער האַריקער אוירעד, און אלע דרײַ ווערן דערשטוינט: איציקל שאָסטעפּאל שטוינט, ווי קומט אהער דעם שאָכנס בען פייסעך נאָכן סיידער? „אַן אזעס פון א שוסטער־יונגו!" שיווקע שאָסטעפּאל האָט זיך גלאַט דערשראָקן פארן באוואַקסענעם האַריקן נעפעש: מע האָט דאָ נאַרוואָס געשמועסט פון כוליגאנעס, א קאַשע אַף א מײַסע, עפּשער איז דער איינער פון זיי?.. און טאמארע האָט באַלד דערקענט אינעם באוואַקסענעם האַריקן נעפעש — מישע בערעזוניאַק, דעם, וועלכן די האָט קענען געלערנט בא מאַלקינען אין דער „קאָמונע".

זי האָט אופּגענומען מישע בערעזוניאַקן אַף אזויפיל פרײַנטלעך, ווי מע דאַרף אופנעמען א גוטן באַקאַנטן, — און ס'איז געוואָרן אין שטוב א גערודער, א שטיקל בעהאַלע. צו דעם אלעמען איז נאָך צוגעקומען אן אינצידענט: כאַיִם, דעם שוסטערס זון, מיטן באוואַקסענעם האַריקן נעפעש בערעזוניאַק־נײַדיטש האָבן נישט אָנגעפרעגט זיך בא קיינעם, נישט געוואַרט אַף קיין קאָוועד, גענומען און אוועקגעזעצט זיך, צעלייגט זיך, ווי באַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן, פאַרייכערט פּאַפּיראָסן און גענומען שמועסן מיט טאמארען, ווי מיט זייערן א גלײַכן!

— א פאַטעפאַלנאָסט פון א שוסטערוק! אַן אזעס פון קאַפּצאָנים! ארײַנקריכן מיט די שטיוול צו יענעם אין זאַל ארײַן! ווייִ איז מיר, מע דאַרף אָפּטרעטן די שטוב! אז מע איז בא זיך אין שטוב שוין גאָר אויס באַלעבאָס געוואָרן!..

איציקל שאָסטעפּאַל האָט געפּײַערט, און שיווקע האָט געבראָכן די הענט: וויי איז איר, וואָס פאַר א וועלט הײַנט איז געוואָרן! וואָס פאַר קינדער!.. ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אז יאַמטעוו, פייסעך נאָכן סיידער, זאָל קומען עפּעס א קאַפּצן, א שלעפער, און באַזעצן זיך מיט זייער טאָכטער באַזונדער אין א כיידער און רעדן צווישן זיך עפּעס שטילערהייט?.. איז דאָך טאַקע עק וועלט!..

„עק וועלט" איז געווען אויך בא טאמארען: זי איז פון איר אלמן באַקאַנטן געוויר געוואָרן א סאַך, א סאַך טרויעריקע נײַס — אז מאַשע זיצט, אז דעם האָט מען פארשיקט, אז יענעם וועט מען פאַרשיקן און אז ראַמאַנענקאָן, איר אידעאַל ראַמאַנענקאָן, האָט מען ערשט אָט דאָ די טעג געכאַפּט און מע דאַרף אים הענגען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

א שטילע פרילינג־נאַכט איז געווען די ערשטע נאַכט פון פייסעך, א שטילע, א וואַרעמע נאַכט. שטיל, ווי פאַרכאַלעמט, זײַנען געשטאַנען די אײַנגעשלאָפענע הײַזער. ווי סאָלדאַטן אַף דער וואַך, האָבן זיך אויסגעצויגן די ביימער פון ביידע זײַטן גאַס, נאָך נאַקעטע, אָן בלעטלעך, נאָר גרייט אַף אָנצוקליידן זיך זייער גרינע זומערדיקע האַלבאַשע. פונעם ווײַטן אויסגעשטערנטן הימל האָט אַראָפּגעקוקט מיט א זילבערנעם שמייכל די לעוואָנע, לאַנגזאַם און מאַיעסטעטיש געשפּאַצירט, וועדן־ניט־ווען זיך אונטערגעטוקט און טויוול געטאָן אין א פאַרבלײַפּנדיק רויכיק וואָלקנדל, באַהאַלטן זיך אַף א מינוט, און ווידער ארויס אָפּן ברייטן פרײַען הימל, צווישן די פינקלענדיקע קליינע שטערנדלעך, וואָס קוקן זיך איבער, שימערירן און פינטלען און סודען זיך צווישן זיך, רעדן פון גאָט און פון זײַנע אויצרעס וועלטן, מיליאַרדן וועלטן! אלצדינג, אלצדינג שלאָפט. אלע פענצטער זײַנען צו, אלע פײַערן זײַנען אויסגעלאָשן. אלץ, אלץ שלאָפט אין דער דאָזיקער פרילינג־נאַכט, אין דער דאָזיקער ערשטער נאַכט פון פייסעך. נאָר איין פענצטער אין איין הויז אַף וואָסילטשיקאָווער גאַס איז אָפן אין דער דאָזיקער נאַכט, און נאָר איין וואַכנדיקער מענטש, טאמארע, שטייט און קוקט ארויס פונעם איינציקן אָפענעם פענצטער אין דרויסן ארויס, שיקט איר בליק צו דער העל־זילבערנער לעוואָנע און צו די מיליאַרדן פינקלענדיקע וועלטן, וואָס הייסן

שטערן, און טרוקן זײַנען די אויגן, און פֿאַרשטײנערט איז דאָס האַרץ, און דער קאָפּ איז פֿאַרטומלט. און נישט ליב איז איר די שײנע גרויסע וועלט, און פֿרעמד איז דער ווײַטער, טיפֿער הימל, און וויסט איז די ערד, און פּוסט און לער איז אַלץ אַרום און אַרום, און אַ שוידערהאַפֿטער עלנט, און אַ מוירעדיקער צער, און אַ קאַלטער צאָרן נעמען אַרום די נע־שאָמע, ווי מיט צוואַנגען, און עס ווילט זיך איר שרײַען, שרײַען, שרײַען...

קאַפּיטל ד

## איציקל שאָסטעפּאַל גײט אַרום אָן אַ קאָפּ

פֿון דער ערשטער מינוט, וואָס טאַמאַרע איז געקומען פֿון פּעטערבורג, האָט איציקל שאָסטעפּאַל נאָך נישט געהאַט קײן גוטע מינוט.

דער אומגליקלעכער פּאָטער האָט ניט געקאָנט איבערקײַען, וואָס דעם אַפּטײקערס זונדל קומט אַרײַן צו אים אין שטוב אַרײַן פֿראַנק און פֿרײַ, אַלעמאָל אױסגעפּוצט ווי אַ קאַלע, וואַרפֿט אַראָפּ די הענטשקעלעך, גיט אים, איציקל שאָסטעפּאַלן, די האַנט, און אויך שיוועקען גיט ער די האַנט, און האַלט זיך באַ אים אין שטוב ווי „עפּעס אַ גאַנצער רעב שמעלקע"! און שענער פֿון אַלץ איז דאָס, וואָס שיוועקע אַלײן האָט שוין גאָר אָנגעהויבן פֿאַרענטפֿערן די טאָכטער, געפֿינען אַ זכות אָפּן אַפּטײקערס זונדל, לויבן אים, אַז ער איז אַ גאַנץ ווויל באָכערל. מערקווירדיק! זינט די טאָכטער איז געקומען פֿון פּעטערבורג, איז די שטוב געוואָרן אַן אַנדער שטוב, דאָס לעבן — אַן אַנדער לעבן, און אַפֿילע דאָס ווײַב — אַן אַנדער ווײַב. ס'איז גאָר ניט די שיוועקע, וואָס פֿריִער! אַמאָל פֿלעגט זי האָבן דערעכערעץ, ציטערן, הִיסן נאָר צובאָמקען צו אַלצדינג, וואָס ער, איציקל, האָט געזאָגט. איצט איז זי געוואָרן אַ גאַנצער מענטש! זי זאָגט שוין אויך מעווינעס אַף אַ מענטשן: דעם אַפּטײקערס זון קומט אויס באַ איר אַ גאַנץ ווויל באָכערל!

— עפּשער וואָלסטו געזאָגט, איך זאָל מיך מעשאַדעך זײַן מיטן טרײפֿניאַק דעם אַפּטײקער? — פֿרעגט איציקל אײן אַ שפּאַס באַ זײַן ווײַב שיוועקע, און באַקומט פֿון איר אַן ענטפֿער דורך אַ פֿראַגע, ווי געווײנלעך:

— פֿאַרוואָס ניט?

— עפּשער איז שוין באַ זײ אַן אָפּגעמאַכטע זאַך? — פֿרעגט ווײַטער איציקל.

— פֿונוואַנען וויס איך, אַז נײן? — ענטפֿערט אים שיוועקע אַלץ מיט דעם זעלבן שטײ־גער, מיט אַ פֿראַגע אַף אַ פֿראַגע.

— קאָן זײַן, אַז אײַנגיכן זאָל אונדז קומען מאַזלטאָוו?

— פֿאַרוואָס זאָל דאָס ניט קאָנען זײַן?

— דאָס וואָלט איך, דאַכט מיר, געמעגט וויסן פֿריִער פֿון דיר?

— וווּ שטײט דאָס געשריבן?

— טפֿו זאָל דאָס ווערן!

קײן פּאָטער זאָל נישט וויסן פֿון אַזעלכע צאָרעס, ווי אונדזער אומגליקלעכער פּאָטער שאָסטעפּאַל, אַז ער מוז זיך אוועקשטעלן רעדן מיט דעם גרעלן באָכערל, דעם אַפּטײקערס זונדל, פֿון יִדישקײַט, פֿון ציִעניזם און פֿון נאָך קעדוימע אַזעלכע זאַכן, וואָס ער וואָלט קײנמאָל פֿון דעם מיט אַזאַ שנעק ניט גערעדט!

סאַשע סאַפּראַנאָוויטש אָבער איז נאָך פֿון די אומגליקן, וואָס מע קאָן זײ אַריבערטראָגן. אַ סאַך ערגער איז דאָס, וואָס אַלע טאָג ווערט די טאָכטער פֿאַרפֿאַלן אַף אַ שאָ אָדער אַף צוויי, דאָס הײסט, זי טוט זיך אָן, גײט אַוועק און זאָגט נישט, וווּהין, שוין פֿון אַ צײַט, אַז דער פּאָטער האָט דאָס באַמערקט. ער וויל זי פֿרעגן, און ווײסט נישט, וויאַזוי ער זאָל דאָס טאָן. ער האָט איר אַ פּאָר מאָל אַפֿילע אַ זאָג געטאָן: „וווּהין איז?" און האָט באַקומען אַן

ענטפער: „איך קום באלד צוריק". ער האָט געפּרוּווט דורכן ווײַב, טאָמער וועט ער עפּעס געהויר ווערן, ווייסט זי אויך ניט מער פון אים.

— ווי־אַזוי ווייסט דאָס ניט א מאמע, וווּהין די טאָכטער גייט? — פרעגט איציקל בא זײַן פרוי און באקומט באלד אויסגאָב מיט דער זעלבער פראַגע:

— ווי־אַזוי ווייסט דאָס ניט א טאַטע, וווּהין זײַן טאָכטער גייט?

אויסלאָזן דעם קאָס צום ווײַב לאָזט ער שוין ניט אויס, אזוי ווי פריִער. זינט די טאָכטער איז א היגע, האָט די מוטער שטאָלץ און שטאַרקײַט קעגן אים, און ביידע, די מוטער מיט דער טאָכטער, האָבן ווי געשלאָסן צווישן זיך א פאַרבאַנד קעגן אים, און האָט ער געוואָלט פּרוּוון אָפּשפּילן דעם ווײַב א מיזמער, מאַכן איר א סקאַנדאַל, ווי ער איז געוווינט געוואָרן, אזוי האָט זיך אַרויסגעשטעלט די טאָכטער, זיך אָנגענומען די קריוודע פון איר מוטער, און דאַפקע מיט גוטע ר״יד...

איציקל שאָסטעפּאָל מוז אָבער אומבאַדינגט וויסן, וואָס איז דאָס מיט זײַן טאָכטער געוואָרן? וואָס גייט זי אום אין שטוב, אזוי־ווי א שאָטן? וואָס איז דאָס פאַר אַן אוודע אוועקגיין אַלע טאָג אָף צוויי שאָ און ניט זאָגן: וווּהין? מיט וועמען זעט זי זיך? וואָס טראַכט זי זיך?

און דער פאָטער איז געוואָרן א שפּיאָן. ער האָט גענומען נאָכקוקן דער טאָכטער, וווּהין זי גייט, און ער האָט זי געפּאַקט. ער איז איינמאָל אומבאמערקט נאָכגעגאַנגען פון הינטן און האָט דערזען, ווי זי האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט צום לערער ראַמאַנענקאָ אין הויף אַרײַן און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

איציקל שאָסטעפּאַלס קאָפּ איז שיִר ניט צעשפּאָלטן געוואָרן קלערנדיק: וואָס טוט זײַן טאָכטער בא ראַמאַנענקאָן? אַלערליי מיִעסע מאַכשאָווס, איינע מיִעסער פון דער אַנדערער, איז אים דורכגעפלויגן אין קאָפּ. אז זײַן טאָכטער איז גוט באַקאַנט מיטן יונגן ראַמאַנענקאָ — דאָס ווייסט ער. ער ווייסט אָבער דאָס אויך, אז דער יונגער ראַמאַנענקאָ איז ניט הי׳, אז ער זיצט ערגעץ אײַנגעשפּאַרט און אז ס׳איז נישטאָ פון אים קיין שום יעדיִע. צו וועמען זשע קאָן זי גיין? צו די עלטערן? ווייסט ער אָבער, אז ראַמאַנענקאָס פאָטער איז א צוירער־האיעהודים — און אָט דאָ ערשט קומט דער מיִעסטער פון אַלע געדאַנקען: ווײַל ער איז א צוירער־האיעהודים, גייט אהין זײַן טאָכטער!.. חלילה ער איז אַן אַנטיסעמיט, האָט ער אַן אויג אָף זײַן, איציקל שאָסטעפּאַלס, טאָכטער, — און דער דאָזיקער מיִעסער געדאַנק מאַכט דעם אומגליקלעכן פאָטער מעשוגע, און ער קאָן זיך גאָר קיין אָרט ניט געפינען!..

ביז די טאָכטער קומט צו גיין, און אז די טאָכטער קומט צו גיין, רעדט ער מיט איר פון פאַרשיידענע זאַכן, און מער — פון ייִדן, גויים, אונדזער גלויבן, זייער גלויבן... פאַרקוקט איר אין די אויגן אַרײַן, טאָמער וועט ער עפּעס פון איר אַרויסגעפינען, — אומזיסט די אַרבעט! טאָמאַרע איז די אייגענע, וואָס טאָמיד, סײַדן נאָר דאָס, וואָס אירע אויגן זײַנען מער פאַרטראַכט, ווי אַלעמאָל, און א ביסל בלאַס איז דאָס פּאָנעם, און אז מע פרעגט זי עפּעס, ענטפערט זי ניט באַלד, און אז עס קומט צו איר צו גיין דעם אַפּטייקערס זונדל, היצט זי זיך נישט, ווי זי פלעגט זיך היצן ביז אהער; זי לאָזט אים רעדן, און אליין גייט זי אַרום מיט איבערגעלייגטע הענט אָפן האַרצן, אָדער זי קוקט אָף אים מיט אַזעלכע אויגן, וואָס ס׳איז גרינג צו דערקענען, אז זי הערט אים ניט, וואָרעם אירע מאַכשאָווס זײַנען ווײַט פונדאַנען...

• • •

איינמאָל איז איציקל שאָסטעפּאָל געקומען אהיים א פאַרטראָגענער, א צערייצטער פון זײַנע פאַרפּלאָנטערטע אייסאָקים מיט „קאַזנאַ", פון די אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן געצויגן בא אים די אַצאָמעס, און פון די „טשינאָווניקעס", וואָס האָבן „געבראַקעוועט".

— ווּ איז דאָס קינד? — פרעגט ער זיך נאָך באַם ווײַב.

— פונוואַנעץ זאָל איך וויסן? — ענטפערט זי אים, ווי איר שטייגער איז.
— וואָס הייסט, פונוואַנעץ זאָלסטו וויסן?
— נו יאָ, פונוואַנעץ זאָל איך וויסן?
— ביסט א מאַמע, צי ניין?
— און אַז איך בין א מאַמע, איז וואָס דערפון געדרונגען?
— ווּ איז די „באָרישניע"? — פרעגט שאַסטעפּאַל בא די מענטשן.
— די „באָרישניע" איז בא זיך אין אַלקער, — ענטפערן די מענטשן.
— בא זיך אין אַלקער? — ער לאָזט זיך גיין צו דער טאָכטער אין אַלקער אַרײַן. אַנגעקלאַפּט אין טיר, האָט זיך דערהערט א קאָל:
— ווער איז?
— ס'איז איך? — דער פאָטער טרעט אַריבער די שוועל און ער דערזעט אַפן בעטל ליגן זײַן טאָכטער מיטן פּאָנעם אַרויף. די הענט פאַרוואָרפן אונטערן קאָפּ, אַפן האַרצן א בלאַט צײַטונג. די אויגן רויטלעך, ווי פאַרוויינט. ער גייט צו צו איר נאָענט, לייגט אַרויף די האַנט צו איר אַפן קאָפּ.
— וואָס איז דיר, טאָכטער?
— גאָרנישט.
— ביסט עפּעס נישט מיט אַלעמען?
— דער קאָפּ א ביסל טוט מיר וויי.
— עפּשער, דעם דאָקטער?
— ניין, ניין! נאָר נישט קיין דאָקטער!
איציקל שאַסטעפּאַל קען שוין זײַן טאָכטער. אַז זי זאָגט ניין, איז ניין.

• • •

דעם זעלבן טאָג, פאַרנאַכטלעך, אַז די זון האָט געהאַלטן בא זעצן זיך, פאַרפאַרבט דעם אונטערשטן טייל הימל מיט רויטן, האָט צום אַפּטייקער אין דער טיר אַנגעקלונגען איציקל שאַסטעפּאַל. זינט זיי זײַנען שכיינים איז עס דאָס ערשטע מאָל, וואָס שאַסטעפּאַל האָט אַנגעקלונגען צו זײַן שאָכן דעם אַפּטייקער. אַף זײַן קלונג האָט זיך באַוויזן א שוואַרץ באָכערל מיט געקרײַזלטע הערלעך און מיט אַן אויסגעבויגענער נאָז. דאָס איז געווען סאַשעס כאַווער, שימען קעסלער.
— דעם אַפּטייקערס זונדל איז אינדערהיים? — פרעגט אים שאַסטעפּאַל און האָט שוין כאַראָטע, וואָס ער האָט אַהער אַנגעקלונגען.
— סאַשע? — מאַכט צו אים קעסלער. — ער איז דאָ. ער לערנט. קומט אַרײַן. סאַשע! קום נאָר אַהער.
אַף דעם אויסרוף קומט אָן דעם „אַפּטייקערס זונדל", דערזעט טאַמאַרעס פאָטער פּלוצעם בא זיך אין שטוב, ווערט מעווולבל און צינדט זיך אָן, ווי א פײַער.
— איך דאַרף דיך... איך דאַרף אײַך עפּעס פרעגן. — מאַכט צו אים שאַסטעפּאַל און קוקט אַף סאַשעס כאַווער קעסלער. סאַשע שטויסט זיך, אַז דער כאַווער קעסלער איז דאָ איבעריק.
— שימען, גיי אַרויס אַף א ווײַלע, — זאָגט סאַשע צו זײַן כאַווער קעסלער און בעט איציקל שאַסטעפּאַל זיך זעצן.
איציקל שאַסטעפּאַל קוקט זיך אַרום אַף אַלע זײַטן.
— האָט איר נישט א באַזונדערן כיידער? — פרעגט ער בא סאַשען.
— קומט אַרײַן צו מיר אין קאַבינעט, — זאָגט צו אים סאַשע זייער פרײַנטלעך, און פירט אים אַרײַן צו זיך אין א קליין, ריין, ליכטיק כיידערל. איציקל שאַסטעפּאַל באַטראַכט

דאָס כיידערל, וואָס איז פול מיט ספאָרים און ביכער און צײַטונגען, ייִדישע צײַטונגען.

איציקל שאָסטעפּאַל אָטעמט אָפּ און רופט זיך אָן צו סאשען:

— דאָס איז זייער שיין פון אײַך, וואָס איר זיצט ניט ליידיק, יונגעלײַט, וואָס איר טוט עפּעס, וואָס איר זאָרגט פארן קלאל ישׂראל... מיר קאָנען נישט, מיר האָבן קיין צײַט ניט, טאָג ווי נאכט פארטאראראמט, איר זעט דאָך, געשעפטן, פּאַדריאַדן, אייסאָקים...

— אָט דאָס איז טאקע די צאָרע, — זאָגט צו אים סאשע, — וואָס איר זענט פארטאראראמט מיט אײַערע געשעפטן, פּאַדריאַדן, און מיר זײַנען פארטאראראמט מיט אונדזערע געשעפטן, און דערווײַל דאָס ייִדישע פּאָלק גייט אונטער...

— אָט־אָט־אָט! — מאכט צו אים דער גאסט און ווײַזט אים מיטן פינגער, אז ער האָט געטראָפן אין רעכטן קארב ארײַן. — גערעכט! לאָמיך האָבן אזא יאָר, ווי איר זענט גע־רעכט! די אייגענע טײַנעס האָב איך מיט מײַן טאָכטער: צו וואָס טויג אונדז, זאָג איך, זיך פארנעמען מיט פּאָליטיק, רעוואָליוציעס־שמוציעס? האלעווײַ איך זאָל ליגן זאָגן, זאָג איך, עס וועט זיך דאָך געווים אויסלאָזן, זאָג איך, צו אונדזערע קעפּ, מיט א קעשענעס, מיט א פּאָגראָם און מיט ארויסטרײַבן, זאָג איך, ייִדן פון די דערפער און פון די שטעט, זאָג איך. אָט האָב איך, זאָג איך, צו טאָן מיט פּריצים, טײַטן זיי, זאָג איך, מיט די פינגער און ווײַזן אָן אָף אונדז, אז אומעטום זײַנען מיר שולדיק! איך זאָג, אז א ייִד טאָר זיך ניט מישן, א ייִד דאַרף וויסן, אז ער איז א ייִד...

— און קושן דעם פּאָרעץ די האנט און זינגען מאַיאָפעס? אָדער זיצן און וואַרטן, ביז מע וועט קומען און מע וועט אים צערײַסן די קישעלעך, צעברעכן די בענקלעך, צע־ראבעווען דאָס פארמעגן, פּײַניקן דאָס ווײַב, שענדן די טעכטער? — זאָגט סאשע צום גאסט, און דער גאסט ענטפערט אים:

— טע־טע־טע! זענט איר דאָך דער אייגענער פויגל, וואָס זיי אלע! וואָס איז דאָס פאר ווערטער געוואָרן: קעמפן? שלאָגן זיך? איך האָב געמיינט, איר זענט א שטילינקער, צום סאָף... מײַן טאָכטער אויך אזוי...

— דער כילעק צווישן אונדז איז, וואָס איך זאָג קעמפן פאר אונדזערע אייגענע אינ־טערעסן פון אונדזער אייגן פאָלק, וואָס מיר איז דאָס נעענטער. און אײַער טאָכטער איז אוועק ווײַטער...

— יאָ, מײַן טאָכטער איז אוועק ווײַט, שוין צו ווײַט...

אזוי זאָגט איציקל שאָסטעפּאַל מיט א זיפץ און מיט א ביטער שמייכעלע, און זײַנע גרויסע שווארצע אויגן דריקן אויס זייער פיל פארשטעלטן טרויער, פארבאָרגענעם שמערץ, און ער הייבט אָן מיט א טאָן נידעריקער:

— אָט דאָס בין איך טאקע צו אײַך ארײַנגעקומען. ערשטנס, זיך אויסרעדן א ביסל דאָס הארץ. אײַך האָב איך דערקענט פאר א ווויל מענטשל, כלעבן, איר זענט מיר געפעלן, דאָס הייסט, איר הייבט מיר אָן צו געפעלן. איר האָט אין זיך כאָטש א קאפּל ייִדישקײַט.

— א דאנק, — מאכט צו אים סאשע מיט א האלבן שמייכל.

— ניטאָ פאר וואָס, — זאָגט אים שאָסטעפּאַל גאנץ ערנסט. — און, צווייטנס, האָב איך אײַך געוואָלט ווײַזן עפּעס א זאך. איך וועל דאָס אײַך באלד ווײַזן. נאָר קודעם דאַרף איך אײַך זאָגן א האקדאָמע, אז איר זאָלט ניט מיינען, כאסוועשאָלעם, אז איך קלער עפּעס איבער אָף מײַן טאָכטער. איך קען מײַן טאָכטער זייער גוט, מעגט איר מיר גלייבן אָף נעמאָנעס.

— איך גלייב אײַך.

— אלזאָ, איז אָפּגערעדט דערפון. — זאָגט שאָסטעפּאַל און פארגאנווועט זיך מיט א קוק צו סאשען אין די אויגן ארײַן. — עלע וואָס דען? איך פארשטיי זי ניט! איך הייב זי ניט אָן צו פארשטיין! געווים דאַרפט איר קענען מײַן טאָכטערס לערער, דעם קריסט, ראָ־מאנענקאָס זונדל, פון דער גימנאזיע דער לערער, א חוויל גויעצל, און ערלעכער, נאָר א פארברענטער „כעווערעמאַן"! פון די דאָזיקע לײַט... מײַן טאָכטער האלט פון אים. איך האלט

אפילע אויך פון אים; נאָר זי — גאָר לעיילע וועלעיילע! א גאנצער גאָט בא איר! איך אָבער זאָג איר: א מענטש איז ניט קיין גאָט. זאָגט זי: דו קענסט ניט ראָמאנענקאָן. זאָג איך: איך קען גרעסערע לײַט פון אים; איך קען דעם פּראָקוראָר, איך קען דעם פּרעדסעדאטעל, איך קען דעם גובערנאטאָר אליין... לאכט זי פון מיר. איר ווייסט דאָך, בא די דאָזיקע איז דער גובערנאטאָר טרייף... מיילע, דאָס בין איך אײַך ניט אויסן. א גאָט איז א גאָט... איז ער אָבער נישטאָ הי, דער גאָט, דער יונגער ראָמאנענקאָ מײַן איך. ער איז ערגעץ ווייס איך ווו, אין סיביר מיסטאמע. מע ווייסט ניט ווו... פרעגט זיך א קאשע: וויבאלד אז ער איז נישטאָ, דער גאָט, דער יונגער ראָמאנענקאָ מײַן איך, הײַנט וואָס האָט מען זהין צו גיין?

— ווהין? — פרעגט סאשע.

— איך ווייס ווהין? צו זײַנע עלטערן, אפּאָנעם?.. דעם פאָטער ווייסט איר דאָך, וואָס פאר א צוירער-האיעהודים ער איז... וואָס האָט זי דאָרט צו טאָן אלע טאָג?

— ווער? — פרעגט ווידער סאשע.

— מײַן טאָכטער, טעמע, טאמארע הייסט דאָס! ביז איך בין געוואָרן, ווהין זי גייט! אלע טאָג, אלע טאָג ווערט זי פארפאלן אף צוויי-דרײַ שאָ, און איך האָב נישט געוווסט ווהין... וואָס הייסט, איך האָב נישט געוווסט? נישט געוווסט — און אן עקו.. בעקיצער, איך בין געווויר געוואָרן, אז זי גייט אהין... וויאזוי איך בין געווויר געוואָרן? — אבי איך בין געווירע געוואָרן... וואָס טוט זי דאָרט?.. איך ווייס וואָס זי טוט?.. וואָס זאָל איך קלערן? וואָס קאָן איך אף איר קלערן? זי איז א ייִדישע טאָכטער, זיי זײַנען גויִים, און דער פאָטער איז א ראָשע מערושע, א צוירער-האיעהודים... און איך קען מײַן טאָכטער און ווייס, אז זי האָט פײַנט דעם אלטן ראָמאנענקאָ גלײַך מיט מיר. שײַער זאָגן פײַנט? מיר לעבן דאָך מיט אים צוזאמען. נאָר וואָס געהערט ער זיך אָן מיט אונדז? איך ווייס, אז זי האָט מיר אליין דערציילט א מײַסע, איך גיב אײַך דאָס איבער בעסאָד, איר זאָלט זיך נאָר ניט אויסרעדן פאר מײַן טאָכטער...

— קיין סוידעס פון אײַער טאָכטער דארפט איר, אייגנטלעך, מיר ניט דערציילן, — זאָגט סאשע און קוקט מיט אומרויִקײַט אפן גאסט.

— מענטש! ס'איז נישט קיין סאָד! דאָס ווייסן אין פּעטערבורג אלע, גאנץ פּעטערבורג ווייסט! מיילע, בין איך אײַך דאָס אויך ניט אויסן... פרעגט זיך אָבער א קאשע: וואָס פאר אייסאָקים קאָן זי מיט זיי האָבן?..

— מיט וועמען?

— איך ווייס מיט וועמען? מיט זײַנע עלטערן, אפּאָנעם? מאָלט אײַך, איך בין ניט געשלאָפן, איך האָב נאָכגעקוקט, נאָכגעשמעקט, — איך ווייס נישט, איך ווייס גאָרניט!.. דאָס קינד, זע איך, כון טאָג צו טאָג גייט אײַן, איך זע, זי טראָגט יעסורים, נאָר וואָס — ווייס איך ניט! איך ווייס ניט און קאָן נישט וויסן!.. הײַנט, לעמאָשל, קום איך ארײַן, טרעף איך זי פארווײנט מיט א בלאט-צײַטונג אין די הענט... וואָס איז דיר, טאָכטער? גאָרניט. איצט איז זי אוועק אהין און געלאָזט אָט דאָס בלאט אונטערגעשטראָכן מיט רויטן. דאָס בלאט איז אָן אויסלענדיש בלאט, א סאָד פאר מיר. איך וואָלט זייער וועלן וויסן, וואָס דאָ שטייט... פאר קיין אנדערן וואָלט איך נישט פארגלייבט. צו אײַך האָב איך עפּעס מער צוטרוי...

— איך דאנק אײַך זייער. — מאכט צו אים סאשע צערודערט פונעם גאנצן שמועס. — מיר איז אָבער ניט אָנגענעם ארײַנצומישן זיך אין די פּערזענלעכע איניאָנים פון אײַער טאָכטער... אינטימע, סעמיינע זאכן...

— מענטש וואָס איר זענט! — שרײַט אויס איציקל שאָסטעפּאל. — וועמען דען זאָל איך גיין דערציילן? וועמען דען זאָל איך געבן איבערלייענען? פארגעסט נישט, אז ס'איז מײַן איך-און-איינציק קינד! זי איז בא מיר א באסיעכידע, און איך האָב זי ליב.

די לעצטע ווערטער זײַנען געזאָגט געוואָרן מיט אזא פײַער, אז סאשע סאפּראנאָוויטש האָט ראכמאָנעס געהאט אף טאמארעס פאָטער, און עפּשער ווילט זיך אים אליין אויך וויסן,

וואָס שטייט אין בלאט? וועלכער מענטש קאָן גיין פארבײַ אן אָרט, ווו ער ווייסט, אז דאָרט איז א סאָד, און נישט א קוק טאָן כאָטש מיט איין אויג אַף דעם אראָפּגעלאָזטן פאָרהאנג?.. מע דארף נישט פארגעסן דאָס אויך, אז טאמארע שאָסטעפּאל האָט פאר סאשען אויך א שטיקל אינטערעס. אויב נאָך עמעצער איז פארליבט אין טאמארען, איז ער געווים ניט אזוי פארליבט, ווי סאשע, און געווים נישט פריִער פון סאשען, און ער נעמט דאָס בלאט באַם פאָטער און לייענט:

„דעם 10־טן, 12 אזייגער האלבן טאָג, איז אין דער קאמער פון פעסטונג, דאָרט, ווו עס האָט זיך אופגעהאלטן דער געוויסער ראָמאנענקאָ, געקומען דער פראָקוראָר און האָט מודיִע געווען דעם ארעסטירטן, אז צוויי אזייגער וועט ער הינגעריכטעט ווערן דורך הענגען. אַף דעם פּאָנעם פונעם פארמישפּעטן האָט אפילע איין מוסקול ניט א ריר געטאָן זיך. דער פראָקוראָר האָט אים דערלאנגט א פּאָרטיקע באקאָשע וועגן באגנעדיקן, ער זאָל זיך אונטערשרײַבן. דער פארמישפּעטער האָט אָבער זיך קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט און האָט געבעטן, מע זאָל אים געבן טיי. דער פראָקוראָר איז ארויסגעגאנגען און איז נאָכדעם צוריק ארײַנגעגאנגען און געבעטן בא אים, ער זאָל זיך כאָטשמענען אַף דער ביטע, דאַן וועט מען אים שענקען דאָס לעבן. דער פארמישפּעטער האָט אים נאָכאמאָל געזאָגט, אז ער וועט אזא ביטע קיינמאָל נישט אונטערשרײַבן. אז מע האָט אים געפרעגט, אויב ער פארלאנגט א גײַסטלעכן פארן טויט, האָט ער געענטפערט, אז ער דארף נישט קיין גײַסטלעכן, קיין אָפּיציִעלן פּאָרשטייער פון א גלויבן. זײַן גלויבן, זײַן רעליגיִע איז אן אינווייניקסטע, זײַן געוויסן איז ריין, ער איז איבערצײַגט, אז ער האָט קיין שלעכטס ניט געטאָן. פון דער קאָמער איז דער פארמישפּעטער ארויס מיט שטאָלץ און רויִק, גלײַך ווי ער וואָלט גיין אפן שפּאציר. אז מע האָט אים צוגעפירט צום עשאפאָט, האָט ער זיך ליבלעך געווענדט צו אן אָפיצער מיט פאָלגנדע ווערטער: „גיט איבער מײַנע כאַווירים, אז איך שטארב רויִק און אז איך וועל אייביק זײַן מיט זיי...” זײַנע לעצטע ווערטער זײַנען געווען: „גריסט מײַן מאַטערו” אזא איבערנאטירלעכע רויִקײַט האָט מען נאָך קיינמאָל ניט געזען אין די ווענט פון פעסטונג.

אזוי שטארבט א רוסישער העלד”.

(פאָרזעצונג קומט)

## מוישע לעמסטער

# זײַן אַ ייִד איז מײַן פאַרכאַסמעטער גורל

• • •

אין אַ ייִדיש שטעטל
אַ ייִדישע מאַמע האָט מיך געבוירן.
זײַן אַ ייִד איז מײַן פאַרכאַסמעטער גורל.
כ'טראָג אױף זיך די דאָזיקע לאַסט
און האַלט ניט אױף קײנעם
אין האַרצן קײן קאַס.

די לאַסט װערט אַלץ שװערער
פון יאָר צו יאָר.
מיר זײַנען געװאָרן
אַן אײביקע פּאָר.
נאָר אונטער איר שװערקײַט
כ'װעל ניט קניִען.
אַדאַנק איר שװערקײַט
קאָן איך דאָך פליִען.

מײַן לאַסט כ'װעל אַן אַנדערן ניט פאַרטרױען,
קײן לױט פון איר ניט אָפּטרעטן.
כ'האָב װעגן דעם דער מאַמען געשװױרן.
געשװױרן מײַן שטעטל.

## אונטער אַ דעמב

בײַ זײַנע ריזיקע װאָרצלען,
װאָס פון דער ערד װי שטאַמען שטעקן —
שטײ איך
מיט מײַן בינטל יונגע יאָרן,
מיט מײַן ייִדיש פּעקל.
מײַנע געדאַנקען-פײגעלען
קערן זיך אום צו די ביטערע צײַטן,
צו די צײַטן בעסטע...
פון די דורכגעלאָפענע יאָרן
בױען זײ פאַר זיך נעסטן.

# א באגעגעניש מיט אן אײַנוווינער פון אן אנדער פּלאנעטע

א פֿליִענדיק טעלערל פונעם שטערן־רוים
האָט זיך אראָפּגעלאָזט ניט ווײַט פון מיר.
אָף א טרעפּל באוויַזט זיך א שטערן־פארשוין
פון הינטער א קײַלעכדיקער טיר.

פּאמעלעך.
ניט אײַלנדיק.
געהיט.
צו מיר גייט ער צו.
אָף זײַן פּאָנעם א קינדערשער שמייכל.
ער פארשטייט מיטאמאָל, אז איך בין א ייִד,
זאָגט ער מיר פּאָשעט:
— שאָלעם־אלייכעם...

מיר האָבן געטרונקען „ווין דע מאסע"[1]
און א גאנצע נאכט
ביז צו דער פרײַיקער קעלט
דערציילט ער מיר א מײַסע
וועגן זײַן וואנדערן
אין דער קאָסמישער וועלט:

— כ'האָב געלעבט אָף א וואונדערלעכער פּלאנעטע.
זי הייסט, מײַן פּלאנעטע, „אמאָל־אמאָל".
גרויסע שטעט,
ווי ליאלקעס שטעטלעך,
בלײַענדיקע סעדער אָן א צאָל.

אין איינעם א טאָג
מיר האָבן זיך איבערצײַגט,
אז אונדזער זון וועט ווערן פארלאָשן,
אז מיר, די „אמאָל־אמאָלער", מיט דער צײַט
די היים־פּלאנעטע וועלן מוזן פארלאָזן.

צווערשט די פּלאנעטע, וואָס הייסט „קוים־קוים",
ציט מיך צו מיט איר קאָסמישן מארק.
נאָר עס גייען ניט מײַנע געשעפטן, און שוין,
די „קוים־קוימער" ביז גאָר זײַנען קארג.

אָף דער פּלאנעטע „שיר־שיר"
כ'בין געווען דער הויפּט־שנײַדער.
נאָר כ'ווייס ניט, פאר ווען און פאר וואָס
די „שיר־שירער" אונדז קאָנען ניט לײַדן —
פאר אונדזער אמאָל־אמאָליקער נאָז.

דערנאָך א ווײַטע פּלאנעטע „באלד־באלד".
כ'האָב זיך אויך דאָרטן לאנג ניט פארהאלטן.
עס גייען שווארצע רעגנס.
שווארץ די בלעטער אין וואלד.
און אומעטיק זײַנען אלע „באלד־באלדער".

[1] ווין דע מאסע — א סאָרט מאָלדאווישער ווײַן.

אָט אזוי, מײַן טײַערער פרײַנט,
כ׳וואנדל צווישן „אמאָל״, אָון „באלד״, און „קוים״.
דאָס מאזל כ׳קאָן ניט געפינען ביז הײַנט
אין אונדזער אומענדלעכן שטערן־רוים.

איצט וויל אין דאָ פּרוּוון מײַן גליק.
אף אײַער פּלאנעטע, וואָס מיר רופן „וואַרט־וואַרט״, —
צי זאָל איך בלײַבן,
צי פליִען צוריק,
צי כ׳האָב זיך ווידעראמאָל אָפּגענאַרט...

איך זאָג אים:
— אף אונדזער פּלאנעטע
איז נאָך ניט קיין גאניידן.
ניט קיין מאלאָכים זײַנען מיר, די „וואַרט־וואַרטער״.
פאראַן בא אונדז פריידן
און נאָך אָפטער ליידן.
זוך אַן אנדער פּלאנעטע אף דײַן שטערן־קארטע.

ענטפערט ער מיר:
— כ׳וואָלט געדאַרפט זיך מיסטאמע אומקערן
אף מײַן קאלטער פּלאנעטע,
וואָס איז געבליבן אָן ליכט.
דאָרט זוכן,
דאָרט געפינען מײַן שטערן,
ער זאָל מיר שײַנען און וואַרעמען מיך.

אצינד כ׳בין פון עטלעכע קינדער א פאָטער...
און דו, ביסט א באַווײַבער?
א שאָד.
כ׳וואָלט דיר א שידעך גערעדט
מיט א שיינהײַט אַן „אָט־אָטערן״
פון דער פּלאנעטע, וואָס הייסט „אָט־אָט״.

מיר האָבן זיך געזעגנט.
אליין איך שטיי.
עפשער מיט אים כ׳בין א קאָרעוו? עפשער...
נאָר מיילע.
מע דאַרף לויפן פארנעמען א ריי
אף אָפּצוגעבן ליידיקע פלעשער.

• • •

ווער איז דאָרט קעגן א ייִדן?
קום ארויס.
כ׳וויל דיך זען.
כ׳וויל אין דײַן פּײַנטשאַפט
אײַנטונקען מײַן פּען.

ווער איז דאָרט קעגן א ייִדן?
אָט בין איך.
פאר דיר איך שטיי.
דאָוויד פונעם ווײַטן אָוואר
וואַרפט אין דיר א שטיין.

## כ׳בין נאָך ניט געוווינט

פאַר מיר די זון
ווערט יעדעס מאָל אפּסנײַ געבאָרן,
גייט אויף א יונגע טאָמיד
איבער לאַנד און פעלד.
כ׳בין ביז הײַנט נאָך
ניט געוווינט געהאָרן
צו דער שיינקײַט פון דער אינדערפרי־יעדיקער וועלט.

## אין קעלער

אף א פעסל ווײַן — א ליידיק גלעזל.
כ׳צייל די פעסלעך:
איינס,
צוויי,
דרײַ.
א טרונק פון דעם,
א טרונק פון יענעם,
און צום ערשטן כ׳גיי אפּסנײַ.
אָט כ׳קום ארויס פון קעלער —
יונג די וועלט, און איך בין יונג.
די געדאנקען לויטער־העלע,
טויזנט ווערטער אף דער צונג.

## כ׳וועל ניט אוועקגיין

כ׳וועל ניט אוועקגיין
פון אָט דער וועלט,
צווישן אײַך זיך פארפעסטיקן:
א רעגנדל זײַן
אף א פארטריקנט פעלד,
א ווארעם ווינטל
נאָך א בײַסיק פרעסטל.

א שנייעלע א גרינגס
אין א ליכטיקן אָוונט,
כ׳וועל פאלן אף הייסע מיידלשע ליפּן.
א ניגון כ׳וועל זײַן
אין מאָלדאָווע,
דער ניגון וועט קלינגען
פאר די פארליבטע.

א פלעמל כ׳וועל זײַן
אף א כאנעקע־ליכטל.
— אין א ייִדישער שטוב מײַן נאכעס כ׳וועל שעפּן —

זײַן א וואָרט
אין א ייִדיש ביכל,
א שטראַל פֿון א שטערן
אויף מײַן שטעטל...

## דאָס גלעקעלע

גאָטס שעפֿעלע, די ערד,
בלאָנקעט אויף די שטערן־לאָנקעס:
צווישן פֿינצטערניש און שײַן,
צווישן נעכטן
און הײַנט.
מיטאמאָל פֿאַרשווינדן ווערט.
פּלוצעם כמאַרעס זי פֿאַרדעקט.
נאָר וווּ עס איז, זײַן שעפֿעלע,
דער פּאַסטעך זעט און הערט:
דער מענטש איז דאָס אומרויִקע
הילכיקע
גלעקעלע...

## נאָך איין זומער־אָוונט

וואַנדערפֿייגל,
וואַנדערפֿייגל!
איר דעם זומער אויף די פֿליגל פֿירט אוועק.
לאָזט מיר איבער, וואַנדערפֿייגל,
נאָך איין זומער־אָוונט
אויף דעם הויכן ברעג.

וואַנדערפֿייגל,
צי הערט איר אויבן
מײַנע אויסגעבענקטע ווערטער?
(פֿונעם הימל,
פֿון א פֿויגל
פֿליט אַראָפּ א בלויער פֿעדער).

## די טײַנע

פֿונעם וואַלד אין איוועלע
האָט מיר געבראַכט א בריוועלע.
א בריוועלע א געל בלעטעלע
פֿון א בערעזע א ווערטעלע.
א ווערטעלע — א טײַנע —
וווּ ביסטו,
כאַווער מײַנער?

## אייביקײַט

אלע שטערן זײַנען ווי פינקלדיקע רעגעס
פאר דער אייביקײַט.
אלע אָפּגעלעבטע לעבנס — בלויז איין לעבן
פאר דער אייביקײַט.
אלע בלומען, געשענקטע די מיידלעך ביז איצט, —
איין בלום פאר דער אייביקײַט.
אלע טרוימען בא מענטשן אופגעבליצטע —
איין טרוים פאר דער אייביקײַט.
אלע לידער אָפּגעקלונגענע —
איין ליד פאר דער אייביקײַט.
אלע קוישעס ווײַן אויסגעטרונקענע —
איין קאָס פאר דער אייביקײַט.
נאָך איך אף אָט דער ערד
וועל נאָך קומען,
ניט איין מאָל כ׳וועל זיך אומקערן.
טרוימען וועל איך,
שענקען בלומען
און איינעם מיט מײַן שטערן
לעבן פאר דער אייביקײַט.

## ניט אלץ מיטאמאָל

איך האָב ליב א רעגן.
איך האָב ליב א מיידל.
איך האָב ליב א שטערן —
ער באלויכט מײַן וועג.

נאָר ווען עס גייט א רעגן
זיצט אין שטוב דאָס מיידל,
און מײַן ליבן שטערן
א כמארע האָט פארדעקט.

## א צופאל אין אָוונט

ס׳הערן זיך טוידעסדיקע קלאנגען.
דער אָוונט שיקערט הײַנט ווי יונגער ווײַן...
דאָס מיידל איז אראָפּגעגאנגען
פונעם אפדערנאכטיקן טראמווײַ.
אין וואגאָן איז פינצטער מיטאמאָל געוואָרן.

# כ'לייען דער מאמען יעסענינען

אין דרויסן די וויוגע
נעמט וואָיען און וויינען.
כ'זיץ אפדערנאכט לעבן דער מאמעס בעט.
לאָמיך דיר, מאמע, יעסענינען לייענען,
ער איז א בארימטער רוסישער פּאָעט.

דערנאָך פרעגט מיך די מאמע:
— ער לעבט נאָך צי ניין,
דער פּאָעט מיט די גאָלדענע
גערקרייַזלטע האָר?
— ניין.
ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן אליין,
ווען אלט געווען איז ער דרייַסיק יאָר.

אין דרויסן די וויוגע
שטילט זיך איַין צום סאָף.
די קוילן אין הרובע — פארלאָשן געוואָרן.
שווער איז געווען דער מאמעס שלאָף.
א גאנצע נאכט
זי האָט פאר שרעק זיך געוואָרפן.

שפּעטער אליין שוין האָט געלייענט
יעסענינען מיַין מאמע.
טראָף נאָך טראָף,
אפן קאָל,
ביז שפּעט.
גלייַך ווי אין זיַינע לידער איז דער ענטפער פאראנען,
פארוואָס ס'נעמט זיך דאָס לעבן
אליין א פּאָעט...

מוישע גערשפעלד

# נישט אויסגעטראכט

## II. ווידער אין מאַלאַטשנע

נאָך דעם, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט ווינטער אין דער מאַלאַטשנע, קען מען פארשטיין דעם טאַם, וואָס מיר האָבן געפילט נאָר פונעם הויל|ן וואָרט „מאַלאַטשנע". ווען די זשאנדארן האָבן אונדז צוגעטריבן אהין, האָט מען די טירן שוין נישט געדארפט אופ־עפענען. זיי זײַנען שוין נישט געווען. די קליינע פענצטערלעך זײַנען אלע געווען אָפן אײנע אקעגן די אנדערע. דער ווינט האָט געוואָיעט איבערן גאנצן באראק. אף דער ערד זײַנען געלעגן, געזעסן, געשטאנען אזויפיל מענטשן, אז עס איז נישט געווען אפילע, ווו א טראָט צו טאָן. פון אלע דערפער האָט מען צונויפגעטריבן די ייִדן צוריק אין דער „מאַלאַטשנע".

מענטשן האָבן געשפאנט איינער איבערן אנדערן, געשריגן, געזוכט די אייגענע. עמע־צער האָט אָנגעצונדן אין א ווינקל א ליכט, וואָס דער ווינט האָט עס אלעמאָל אויסגעלאָשן, און באם שײַן פונעם איינציקן ליכטל האָבן מאמעס געזוכט קינדער, קינדער עלטערן, די געשרייען מיט די גוואלדן האָבן זיך אויסגעמישט מיטן וואָיען פונעם ווינט. מיר שפאנען אריבער איבער מענטשן, וואָס ליגן אײַנגעדעקט מיט שמאטעס איבער די קעפּ און רירן זיך אפילע נישט. ארײַנגערוקט זיך אינווייניק, שרײַען מיר אויך: „טאטע, מאמע! איר זענט דאָ?" „עסטער, האלט זיך אָן אין מיר".

דער טאטע געפינט עפּעס א שטיקל פּלאַץ, ווו מיר לייגן אראָפּ די בינטלעך און זעצן אוועק די מאמע. מיר בלײַבן שטיין. נאָך אונדז טרײַבט מען ארײַן נאָך ייִדן. איינע אף די אנדערע, מע טרעט אף לעבעדיקע מענטשן. געוויינען און געשרייען הערט זיך יעדעס מאָל פון אַן אנדער פּלאַץ: „איר צעטרעט מיר די פיס, וווהין קריכט איר?" „האָט ראכמאָנעס, איר זאדישעט מידז!" אזוי, אין דעם טומל מיט די גוואלדן, זײַנען מיר אָפּגעשטאנען, ביז עס האָט אָנגעהויבן ליכטיק צו ווערן.

— קינדער, — זאָגט די מאמע, — קען זײַן, לייב מיט גיטלען זײַנען אויך דאָ, מע דארף זיי אויסזוכן.

— מיר האָבן גאָר פארגעסן, מאמע.

— א מאמע פארגעסט נישט, גייט, קינדער, זוכט זיי אויס.

איך, ארן און יאָסל צעטיילן זיך יעדערער אין אן אנדער ווינקל, און שרײַען:

— לייבו! לייבו! גיטל!

— מאמע, זיי זײַנען דאָ! — שרײַט ארן.

מיר קומען זיך צונויף.

— פון ווען זענט איר דאָ?

---

פּאַרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 3, 1991.

— נאָך פֿון באַטאָג, — זאָגט לייב, — אונדז האָט מען געבראַכט, איז דאָ געווען בלויז עלטערע ייִדן, ערשט באַנאַכט האָט מען אַלעמאָל אַרײַנגעטריבן נײַע קאַלאָנעס. איך האָב אײַך געזוכט, נאָר, ווײַזט אויס, איר זענט געקומען שפּעט.

— יאָ, שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט, אָבער מיר האָבן דאָ גאָרנישט אָנגעווירן.

— טראָגט איבער די בינטלעך צו אונדז, — זאָגט לייב, — אין ווינקל בלאָזט ניט אַזוי דער ווינט, מיר וועלן אײַך מאַכן פּלאַץ.

מיר טראָגן צוערשט איבער די בינטלעך, דערנאָך פֿירן מיר איבער דעם טאַטן און די מאַמע.

— מעכוטענעסטע פֿרומע, — זאָגט גיטעלעס מוטער, ראָכל, צו דער מאַמען, — קומט אַהער, לעבן מיר. וויקלט אײַך אײַן די פֿיס.

די ווײַבער זעצן זיך צונויף אַלע אײנײנעם, דעקן זיך איבער מיט אַ שאַל.

— און איר וואָס טראַכט צו טאָן? — פֿרעגט דער טאַטע מיך און אַרענען, — שטייט נישט, מע מוז פֿײַער מאַכן.

— מיט וואָס, טאַטע? אַלעס איז פֿאַרשיט מיט שניי.

— אין יענער מילכאָמע האָבן מיר אויסגעהייצט די טישן, די דריקלעך פֿון די אָקאָפּעס, די קעסטלעך פֿון די פּאַטראָנעס, און פֿײַער געמאַכט.

— באַלד וועט זײַן פֿײַער, — זאָגט אַרן.

ער נעמט דאָס העקעלע און גייט אין אַנדערן באַראַק. ער ברענגט פֿון דאָרטן אַ דריקל, צוויי ציגל און מאַכט פֿײַער. דערנאָך נעמט ער אָן אַ קעסעלע מיט שניי און שטעלט עס אויפֿקאָכן.

אַף אונדז קוקנדיק, האָבן אַנדערע אויך געמאַכט פֿײַער. אין מאַלאַטשנע איז געוואָרן אַ רויך, אַזש עס האָט אויסגעגעסן די אויגן.

אַז עס איז שוין גוט ליכטיק געוואָרן, האָט מען זיך צונויפֿגעזוכט, זיך צונויפֿגעזעצט קוטשקעלעך, זיך געקוקט אין די שמאַטעס און געזעסן ווי פֿאַרשטיינערט.

— זעצט זיך נישט אַנידער, קינדער, — לערנט אונדז דער טאַטע, — טוט עפּעס, אַרבעט עפּעס, זוכט אויס האָלץ, ווי עס איז נאָר מעגלעך. לייגט מען זיך אַוועק, איז מען פֿאַרפֿאַלן, האַלט אײַך אַף די פֿיס, קינדער.

און מיר האָבן נישט גערוט, אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר אָפּגעריסן דריקלעך פֿונעם אַנדערן באַראַק, צעהאַקט און אויפֿגעהאַלטן דאָס פֿײַער, געזאָטן וואַסער און געטיילט די, וואָס האָבן נישט געקענט מאַכן קיין פֿײַער. אין משך פֿון צוויי וואָכן האָבן מיר אויסגעהייצט דעם גאַנצן דאַך מיט דער סטעליע פֿון דעם אַנדערן באַראַק, בלויז די פֿיר ווענט פֿון ציגל זײַנען געבליבן שטיין.

יעדן טאָג זײַנען די זשאַנדאַרן געקומען אָנגעטאָן מיט מאַסקעס פֿון מאַרליע באַם מויל און מיט אַ געלעכטערל געפֿרעגט, וויפֿל טויטע איז געווען די נאַכט. דער לאַקאָטענענט איז געשטאַנען אין דרויסן און אַרײַנגעשיקט די זשאַנדאַרן, זיי זאָלן אונדז איבערקוקן. זיי זײַנען געלאָפֿן פֿון איינעם צום אַנדערן, געטאָרעט מיטן שטעקל: „דו לעבסט נאָך?" און אַז דער מענטש האָט זיך שוין נישט גערירט, האָבן זיי געהייסן אים אַריבערטראָגן אין אַנדערן באַראַק.

— צו צוויי ייִדן! — שרײַען זיי. — נעמט אַ טויטן און שלעפּט אים אַוועק.

און אַזוי אַלע טאָג דאָס זעלבע, אַלע טאָג איז געוואָרן פֿרײַער אין מאַלאַטשנע. אַלע אינדערפֿרי האָבן מיר איבערגעטראָגן עטלעכע טויטע. ווי דריקעס אין וואַלד, זײַנען געלעגן אויסגעלייגט פֿאַרפֿרוירענע קערפּערס.

צו דער מאַלאַטשנע האָבן די זשאַנדאַרן קיינעם נישט צוגעלאָזט פֿון די אָבאַדאָווקער אײַנוווינער. דאָך פֿלעגן אַ פּאָר מענטשן זיך יאָווען אַלע פֿאַרנאַכט, ווען די זשאַנדאַרן זײַנען נישט געווען, און צוברענגען אַ קעסל סופּ, צי עטלעכע שטיקער ברויט, אָדער אַ פּאָר קאַרטאָפֿליעס. אויסגעהונגערטע, איבערגעפֿרוירענע, זײַנען מיר געשטאַנען און געוואַרט אַף זיי.

דאָס ביסל מעל, וואָס מיר האָבן געבראַכט פֿון טורקאַנאָווקע, האָט אונדז געסטײַעט אַף אַ צוויי וואָכן, און ווײַטער וואָס טוט מען?

איך מיט ארעגען קלײַבן זיך פאַרנאַכט גײן אין דאָרף אַרײַן.

— און אַז זײ װעלן אײַך שיסן? — זאָגט דער טאַטע.

אױף דעם האָבן מיר ניט, װאָס צו ענטפֿערן. מיר קוקן איבער אַלע אונדזערע בינטלעך, קלײַבן אױס װאָס עס איז נאָך בעסער צו קענען אױסבײַטן.

— נעם, — זאָגט מיר ארען, — אָט דעם אַפּשניט סכוירע. איך האָב אים געהאַלטן אױף דער ערגסטער צײַט. און איצט איז זי געקומען, פאַר דעם אַפּשניט װעט מען געבן מעל, גרױפּן, קאַרטאָפֿליעס. מיר זאָלן נאָר דורכגײן בעשאָלעם...

עס איז נאָר פֿינצטער געװאָרן, זײַנען מיר אַװעקגעגאַנגען. אין עטלעכע שטיבער אָנגעקלאַפּט, ביז אין אײן שטוב האָט מען אונדז אַרײַנגעלאָזט.

— די זשאַנדאַרן האָבן אײַך ניט געזען? — פֿרעגט די באַלעבאָסטע. — װאָס װילט איר?

— מיר זײַנען ניט געקומען בעטן, איך האָב דרײַ מעטער סכוירע.

— איז װאָס זשע װילט איר?

— פאַרבײַטן אױף פּראָדוקטן.

— װיפֿל זאָל איך אײַך געבן?

איך קוק אױף ארעגען, ארען קוקט צו מיר. װיפֿל בעט מען?

— נו, אַז איר װײסט ניט, װעל איך אײַך זאָגן. װערט איז דער אַפּשניט אַ סאַך. איך װעל אײַך געבן, װעט איר זײַן צופֿרידן. צװײ פּוד קוקורוזע־מעל און אַ זעקל קאַרטאָפֿל, װעט זײַן גוט?

— יאָ, — זאָג איך אױך דערציטערט, — גוט.

— אַ שטיקל סאַלע װעל איך אײַך אױך געבן. דערװײַל עסט אָפּ דאָ.

זי נעמט קאָכן אַ קאַשע פֿאַר אונדז. איך זאָג איר:

— דאָס מעל און אַ ביסל קאַרטאָפֿל װעלן מיר נעמען, און די איבעריקע קאַרטאָפֿל זאָלן זײַן דאָ בײַ דיר. בײַ אונדז װעלן זײ פֿאַרפֿרױרן װערן, מיר װעלן זײ נעמען צוביסלעך.

— אַז איר געטרױט מיר, איז אַװאַדע גוט, װען איר װעט קומען, װעט איר זײ טרעפֿן, די זשאַנדאַרן זאָלן אײַך נאָר ניט באַגעגענען, מיר האָבן אַ שטרענגן באַפֿעל, קײן ייִדן אין שטוב ניט אַרײַנלאָזן.

— אַ ביסל זאַלץ, עפּשער האָסטו? — פֿרעג איך.

— אַ האַלבע גלאָז זאַלץ װעל איך אײַך געבן, עס איז ניטאָ אַפֿילע, װוּ צו קױפֿן. פֿאַר זײערע מאַרקן װיל מען גאָרניט פֿאַרקױפֿן.

אױף צוריק זײַנען מיר ניט געגאַנגען, נאָר געפֿלױגן. אײנס — פֿאַר מורע, אַז די מערדער זאָלן אונדז ניט באַגעגענען, און צװײטנס, פֿאַר פֿרײד, װאָס מאָרגן װעלן מיר שױן ניט הונגערן.

אין מאַלאָטשנע זײַנען מיר אַרײַנגעקומען שפּעט אין דער נאַכט. אַ טױטע שטילקײַט האָט געהערשט איבערן גאַנצן באַראַק. בלױז די לעװאָנע האָט אַרײַנגעשײַנט מיט אַ טונקלער מאָרעשכװירעדיקער שײַן, װאָס האָט עטװאָס באַלױכטן די האַלב פֿאַרפֿרױרענע מענטשן, װאָס זײַנען געלעגן אײַנגעהילט אין שמאַטעס צי מיט שטרױ צוגעדעקט. נאָר פֿון די מײַלער איז געגאַנגען אַ פּאַרע און אַרום דעם מױל האָט געבליאַסקעט אַ װײַס קרענצל.

די גאַנצע נאַכט האָבן מיר ניט געקענט אײַנשלאָפֿן װערן. אין מאַלאָטשנע האָט אונדז דורכגענומען דער פֿראָסט, זײַנען מיר אַרומגעגאַן, אַפֿילע אַרײַנגעקומען אין צװײטן באַראַק, װוּ דער דאַך איז שױן ניט געװען. די מאַסע טױטע ייִדן זײַנען געװען צוגעדעקט מיט װײַסן, בלישטשענדיקן שנײ, װי מיט אײן גרױסן לײַלעך איבערגעדעקט.

פֿון דער נאַכט אָן האָבן מיר אָנגעהױבן קימאַט אַלע נאַכט אַװעקגײן אין דאָרף אַרײַן עפּעס אױסבײַטן פֿאַר די מענטשן און ברענגען זײ עפּעס אױף צו עסן. אין דאָרף האָבן מיר שױן געהאַט באַקאַנטע פּױערים, װאָס פֿלעגן שױן װאַרטן אױף אונדז.

ניט אײן מאָל האָבן אונדז די זשאַנדאַרן באַגעגנט. אַ גליק, װאָס זײ האָבן זיך באַנוגנט נאָר מיט דעם, װאָס זײ האָבן צוגענומען די זאַכן אױף אױסבײַטן, געגעבן אַ פּאָר פּעטש אין די באַקן, אַז פּונקען זײַנען געפֿלױגן, און צוריק געטריבן אין מאַלאָטשנע.

איינמאָל קומט צו פאָרן דער לייטענאַנט און מיט אים א צען זשאַנדאַרן און אויך עט־לעכע פּאָליציאַנטן. די פּאָליציאַנטן — אַלע מיט געלע בענדלעך און סוואַסטיקעס אויף די הענט. איינער פון זיי, ווי עס זעט אויס, זייער נאַטשאַלניק, איז א הויכער, א געזונטער, אָנגעטאָן אין א פּאַדיאָווקע מיט א פּאַפּאַכע, מיט א פּאָר שטאַרק אויסגעפּוצטע שטיוול. דער לייטענאַנט גייט לעבן אים, און רופט אים: דאָמנולע קאָווטון.

זיי טועט זיך אָן מאַסקעס אויף די מײַלער און גייען אַרײַן אין מאַלאַטשנע. מיר זעען, אַז עפּעס גרייטן זיי צו פון אונדזערטוועגן. איינער פון די זשאַנדאַרן לויפט צו צו דער טיר און שרײַט:

— אַלע, וואָס קענען נאָך גיין, אויסשטעלן זיך אין דרויסן אָן די בינטלעך!

— וואָס איז דאָס פאַר א נײַס? — פרעגן מיר איינער באַם אַנדערן.

מיר שטעלן זיך אויס פאַר דער מאַלאַטשנע. די זשאַנדאַרן ציילן אונדז איבער, פאַר־שרײַבן עפּעס, און דער לייטענאַנט זאָגט:

— איך גיב אײַך צײַט ביז אָפּדערנאַכט. איר זאָלט זיך איבערטראָגן מיט אַלע שמאַטעס אין דעם אַנדערן באַראַק, וואָס איר האָט אַראָפּגענומען פון אים דעם דאַך, און דאָ זאָלט איר אויסקערן און מאַכן ריין.

ער רופט צו צוויי זשאַנדאַרן און הייסט וואָס גיכער אונדז איבערטרײַבן אין דער נײַער וווינונג.

אין איין זײַט זײַנען געלעגן די טויטע, אין דער צווייטער זײַט קערן מיר אויף דעם שניי, טראָגן אַהין איבער די בינטלעך, און מיר וווינען שוין אין א נײַער קוואַרטיר. געקריגט זיך האָט קיינער נישט, נאָר יעדערער האָט געוואָלט פאַרכאַפּן א ווינקל, ווו עס איז דאָ צוויי ווענט, און דער ווינט בלאָזט נישט אַזוי שטאַרק.

פאַרנאַכט איז דער לייטענאַנט מיט קאָווטונען געקומען זען, ווי מיר האָבן אויסגעפּילט דעם באַפעל.

— דאָס איז נאָך אויך צופיל פון אײַערטוועגן, פאַרשאָלטן פאָלק וואָס איר זענט. — זאָגט קאָווטון, — קיינער זאָל נישט וואָגן צוריק אַרײַנגיין אין יענעם באַראַק, איר האָט געהערט, זשידאַני פאַרשיווע.

— קינדער, מע דאַרף אויסזוכן שטרוי, — זאָגט דער טאַטע, — מיר וועלן אומקומען, מע מוז עפּעס אונטערשפּרייטן, די ערד איז פאַרפרוירן.

— איך ווייס, ווו עס איז דאָ שטרוי, — זאָגט יאָסל, — דאָרט, ווו איך נעם וואַסער, איז נישט ווײַט דאָ א סטערטע שטרוי. קיינער גייט נישט צו צו איר.

מיר בינדן אויף די שטריקלעך פון די בינטלעך, נעמען א פּאָר זעק און גייען.

מיר האָבן אָפּגעשאַרט דעם שניי פון דער סטערטע און געמאַכט אין איר א לאָך. די שטרוי איז געווען צונויפגעפרוירן, נאָר עטלעכע בינטלעך האָבן מיר געמאַכט. מיר האָבן אויסגעשפּרייט די שטרוי און אונטערן פרײַען הימל זיך אויסגעלייגט שלאָפן.

אינדערפרי איז שוין קיינער נישט געקומען זען, צי עס איז דאָ טויטע צווישן אונדז. מיר זײַנען שוין געווען מיט די טויטע צוזאַמען. מיר האָבן זיך געבראַכן די קעפּ — צו וואָס טויג זיי יענער באַראַק. אַלע האָבן מיר געוואַרט אויף עפּעס נײַס, ערשט פאַרנאַכט האָבן מיר דערהערט פונווײַטנס א ראַש פון א סאַך מענטשן. מיר לויפן אַרויס אין דרויסן. ערשט מע פירט נאָך ייִדן אַהערצו. א לאַנגע קאָלאָנע ציט זיך, אַז מע זעט נישט דעם עק.

די מענטשן אין דער קאָלאָנע זײַנען אַלע גוט אָנגעטאָן, צו צוויי־דרײַ פּאַלטעס איינס אויפן אַנדערן, זיי טראָגן אויף זיך גרויסע רוקזעק, א סאַך טראָגן נאָך קאָלדרעס, איבערבעטן, קישעלעך. אַלע אין גוטע, וואַרעמע שיך. ווײַטער פאָרן עטלעכע פורלעך, אָנגעלייגט פול מיט פּעקלעך.

— פונוואַנען זענט איר? — פרעג איך איינעם פון דער קאָלאָנע.

— פון טשערנעוויץ, — ענטפערט ער מיר. — און פונוואַנען זענט איר? — פרעגט ער מיך.

— פון בעסאַראַביע.

— איר זענט שוין דאָ לאַנג?

— מיר האָבן שוין פאַרלוירן די רעכענונג, מיר ווייסן אפילע נישט, וואָס פאַר א טאָג היַנט איז.

זיי ווייסן נאָך פון גאָרנישט, — טראַכט איך. עס פאַלט צו די נאַכט, די קאָלאָנע ציט זיך אָן אופהער. אייניקע פון די אָנגעקומענע ייִדן האָבן זיך געבייזערט: „וווּהין האָט מען אונדז פאַרפירט?" די מאַלאַטשנע האָט געזשומעט ווי א בינשטאָק.

מיר זיַנען אַריַנגעגאַנגען צוריק אין אונדזער פּאַלאַץ. אָף דער טיר הערן מיר שריַען:

— קאָם אהער, מוטי, וועסטו זען שמוציקע בעסאַראַבישע ייִדן.

עס קומט צו צו אונדז א מיידל מיט אַן עלטערער פרוי. ביידע זייער שיין אָנגעטאָן.

— זע, מוטי, זיי ליגן ווי די שוויַנען אין שטרוי.

עס קומען אַריַן נאָך עטלעכע ייִדן, קוקן אָף אונדז, ווי אָף א בייז־וווּנדער.

— וויִאַזוי לעבט איר דאָ אונטערן פריַען הימל? — פרעגט איינער.

— מיר זיַנען געווען דאָרט, ווו איר זענט איצט, האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן פון דאָרט. יענעם באַראַק האָבן זיי פאַרגרייט פאַר איַך.

— עסן גיט מען איַך?

— איר וועט זען, וואָס מע גיט.

— מיר וועלן פּראָטעסטירן.

— צו וועמען?

— וואָס הייסט צו וועמען? מע האָט אונדז אָפּגענאַרט. זיי האָבן אונדז צוגעזאָגט אַרבעט, שטיבער, מיר וועלן פּראָטעסטירן.

פּראָטעסטירט, טראַכט איך, ס'וועט איַך שטאַרק העלפן. איך האָב נישט קיין קויעך מיט זיי צו רעדן. אַלעמאָל קומען אַנדערע און אַנדערע, צינדן אָן ליכט און קוקן אָף אונדז.

דער אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן מיט פראַגעס צו אונדז: „ווו נעמט מען וואַסער?"

— יאָסעלע, — זאָגט דער טאַטע, — גיי וויַז די ייִדן, ווו נעמט מען וואַסער.

— און ווו נעמט מען האָלץ?

— האָלץ? — זאָג איך, — מיר האָבן דאָ דעם דאַך אויסגעהייצט. איר, אז איר ווילט, קענט איַער דאַך אויך אויסהייצן.

— מיט וואָס זשע מאַכט איר איצט פיַער?

— מיט שטרוי.

— פו, וויִאַזוי קאָכט מען מיט שטרוי?

— איר וועט זיך אויסלערנען. צוערשט דאַרף מען גיין א האַלבן קילאָמעטער אָף צו־גאַנווענען א בינטל שטרוי, און, צווייטנס, דאַרף מען האָבן וואָס צו קאָכן.

שפּעטער, אז דער לאַקאַטענענט מיט קאָווטונען זיַנען געקומען, האָבן זיך אייניקע אָנגעקומענע ייִדן געדרייט אַרום זיי, עפּעס מיט זיי איַנגעטיַנעט, ביז זיי האָבן זיך, וויַזט אויס, איַנפאַרשטאַנען.

איינער א גראָבער ייִד האָט געגעבן דעם לאַקאַטענענט א צעטל, און יענער האָט אויס־געדופן עטלעכע פאַמיליעס.

— וועמען כ'האָב אויסגערופן, זאָל נעמען די בינטלעך און אַרויסגיין אין דרויסן.

עטלעכע מענטשן טראָגן אַרויס זייערע גרויסע פּעק אין דרויסן, עס קומט צו א שליטן. זיי לייגן אַרוף די פּעק און פאָרן אַרויס אפן וועג, וואָס פירט קיין אָבאָדאָווקע.

— זעט נאָר, ווי רעסלער און אַנדערע גווירימלעך אָרדענען זיך אומעטום איַן, פאַר געלט קויפט מען די גאַנצע וועלט, — היצט זיך איינער פון די טשערנעוויצער ייִדן.

אין א שאָ אַרום קערט זיך דער שליטן אום, דער לאַקאַטענענט רופט נאָך אויס עט־לעכע מענטשן. זיי גרוזען זיך אוף און פאָרן אויך אוועק.

— זעט נאָר, — שריַט אַלץ יענער, — יאַנקל ווינדיש מיט זיַן קאָמפּאַניע פאָרט שוין אויך אוועק.

דער אוילעם האָט געראַשט, געשריגן, געמאַכט מיט די קולעקעס, און געבליבן באַם שריַען.

נאָך עטלעכע טעג האָבן די טשערנעוויצער זיך א ביסל צוגעוווינט. אייניקע האָבן אָנ־

געהויבן ברענגען שטרוי, מאַכן פֿײַער. פֿון אונדז האָט שוין קיינער נישט געלאַכט. אָבער די מערהײַט פֿון זיי האָט זיך נישט געקענט צוגעוווינען צו אַזאַ לעבן, זיי זײַנען געלעגן אונטער די איבערבעטן, אונטער די קאָלדרעס און נישט געוואָלט זיך אויפֿהייבן.

דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען צווישן זיי:

— ליגט נישט, איר וועט אומקומען, איר וועט אײַך די פֿיס אָפּפֿרירן, ליגט נישט. גייט טוט עפּעס.

זיי האָבן נישט געוואָלט הערן. אייניקע האָבן געבעטן:

— שיקט אונדז צו אײַערע קינדער, זאָלן זיי גיין עפּעס אויסבעטן פֿאַר אונדז.

אַלע באַנאַכט זײַנען מיר געגאַנגען אין דאָרף. די בעסטע זאַכן אוועקגעגעבן פֿאַר טעלעכע עמערס קאַרטאָפֿל צי אַ שטיקל סאַלע, קיין פּאַפּשוי־מעל האָבן זיי נישט געוואָלט.

און אַזוי, ליגנדיק אונטער די קאָלדרעס, האָבן אָנגעהויבן שטאַרבן מענטשן. נישט איינצלנע, נאָר מאַסנווײַז. אייניקע האָבן זיך אײַנגעשטעלט און אַליין באַנאַכט ערגעץ אוועקגעגאַנגען מיט די בינטלעך, ווײַזט אויס, אויך אַהין, וווּ די גווירים זײַנען געגאַנגען.

נישט קוקנדיק, וואָס די פֿרעסט זײַנען געווען גרויס, האָט די עפּידעמיע זיך פֿאַרשפּרייט. גאַנצע פֿאַמיליעס זײַנען געבליבן ליגן טויטע אונטער די קאָלדרעס. די זשאַנדאַרן האָבן געהייסן אוועקנעמען די טויטע אַלץ אַהין, צו אונדז.

אין אַ באַנאַכט איז געוואָרן אַ שטאַרקע זאַווערוכע, אַ ווייגע, דער ווינט האָט זיך געדרייט פֿון אַלע זײַטן, וויפֿל מיר האָבן זיך נישט אײַנגעדעקט, איז דער ווינט דורכגעקראָכן ביז צום לײַב.

אַרן פֿירט מיך צו צו די טויטע קערפּערס.

— נעם אָן, — זאָגט ער, — שטיי נישט.

— וואָס ווילסטו טאָן, אַרן?

— איך וויל מאַכן אַ וואַנט פֿון טויטע, זיי זאָלן אונדז פֿאַרשטעלן פֿונעם ווינט, אַניט וועלן מיר נישט אויסהאַלטן.

מיר נעמען עטלעכע קערפּערס, לייגן זיי איינס אויפֿן אַנדערן און רוקן זיך אַרונטער אונטער דער שטרוי. אַזוי האָבן מיר איבערגעלעבט די שרעקלעכע נאַכט אונטער דער שיצונג פֿון די טויטע קערפּערס.

פֿאַרטאָג האָבן מיר זיך אַלע, ווער עס איז נאָך געווען לעבעדיק, צוריק זיך איבערגעטראָגן אין דעם באַראַק, וווּ מיר זײַנען פֿריִער געווען. פּלאַץ פֿאַר אונדז איז שוין געווען אַ סאַך.

באַנאַכט וועקט אונדז פּלוצעם אויף אַ גוואַלד:

— ייִדן, מע ראַבעוועט! ייִדן, האָט ראַכמאָנעס!

מיר כאַפּן זיך אַלע אויף, איך קריך אַפּיר פֿון מײַן נאָרע, לויף גלײַך אַהין, וווּ די גוואַלדן. אין דער פֿינצטערניש פֿון דער מאָלאַטשנע כאַפּט מיך עמעצער אָן און גיט מיר אַ פּאַטש אין פּאָנעם. עס ווערט באַלד מיר ליכטיק אין די אויגן.

— דו, זשידאַנע, וואָס זוכסטו דאָ? — ער גיט מיר אַ שטופּ מיטן פֿוס. — אַנטלויף פֿונדאַנען.

איך לויף צוריק אין מײַן ווינקל. אַלע זײַנען מיר שטאַרק דערשראָקן.

קאַוווטון מיט נאָך צוויי פּאָליצײַען גייען אַלעמאָל צו צו אַנדערע מענטשן:

— גיב אַהער דאָס בינטל.

זיי נעמען דאָס בינטל, בינדן עס אויף, קלײַבן איבער די בעסערע זאַכן, וואָס זיי איז געפֿעלן, און גיבן זיי איבער די זשאַנדאַרן, וואָס גייען אויך מיט זיי. די זשאַנדאַרן טראָגן אַרויס די זאַכן, לייגן זיי אַרויף אויף אַ שליטן און קערן זיך באַלד אום נאָך נײַע זאַכן. אַ צוויי שאָ האָט געדויערט דאָס רויבערײַ. ווען דער שליטן איז געוואָרן פֿול, זײַנען זיי אוועקגעפֿאָרן. אין מאָלאַטשנע איז ווידער שטיל געבליבן.

די צווייטע נאַכט האָבן די רויבער געאַרבעט גאַנץ אַנדערש, ווי די פֿריִערדיקע.

אַז דער שליטן איז צוגעפֿאָרן צו דער מאָלאַטשנע, האָבן די ייִדן זיך אַרונטערגערוקט אונטער די קאָלדרעס און גענומען די בינטלעך צוקאָפּנס. קאַוווטון מיט די פּאָליצײַען זײַנען

גלײַך צוגעגאַן, אַראָפּגעשלעפּט די קאַלדרע און אַפּירגעשלעפּט דאָס בינטל פֿון אונטערן קאָפּ. די זשאַנדאַרן האָבן אַרויסגעטראָגן די קאָלדרעס, די קישנס, און די רוקזעק און בינטלעך, נישט איבערגעקליבן ווי נעכטן, אָנגעלייגט ווידער אַ פֿולן שליטן און אַוועקגעפֿאָרן.

נאָך אײדער אַזאַ נאַכט איז ביז אינדערפֿרי געווען אַלץ מער און מער פֿאַרפֿרוירענע. אַלע נאַכט האָבן זיי געראַבעוועט אין אַנדער רײַ. ווי זיי האָבן באַמערקט נאָך עפּעס אַ גוטע זאַך, האָבן זיי צוגענומען אָן ראַכמאָנעס.

אין מאַלאַטשנע איז געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער ייִדן. אַ סאַך זײַנען אויסגעפֿרוירן געוואָרן און געבליבן ליגן שוין דאָ צוזאַמען מיט די לעבעדיקע, און די לעבעדיקע האָבן זיך שוין נישט געקענט אופֿהייבן. זיי זײַנען געגאַן אונטער זיך דאַרט, ווו זיי זײַנען געלעגן.

אין אַ פֿאַרנאַכט הערן מיר, ווי עמעצער אין דרויסן לעבן דער מאַלאַטשנע שרײַט שטאַרק. איך לויף אַרויס און זע, אַז קאַווטון שלאָגט אַרענען. בײַ דער זײַט שטייען צוויי פּאָליצײַען, צוויי זשאַנדאַרן און אַ פֿאַרפּוצטע פֿרוי און לאַכן. קאַווטון שלאָגט אַרענען מיט אַ גומענער קישקע איבערן קאָפּ, איבערן פּאָנעם, איבערן לײַב, איבער די פֿיס.

אַרן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, האָט פֿאַרלייגט איין האַנט איבער דער אַנדערער און זיך צעווײפֿגעקאָרטשעט.

קאַווטון שרײַט:

— טו אויס דעם פּידזשאַק, אַניט וועל איך אים אַראָפּנעמען פֿון דיר טויטערהייט.

ער בייגט זיך אָן, ער וויל אַרענען צענעמען די הענט, אויסטאָן אים.

אַרן האָט זיך צעווײפֿגעדרייט, ווי אַ מיאַטש, און קאַטשעט זיך אויף דעם קויטיקן שניי, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויספּינטלען מיט פֿרישע רויטע פֿלעקן.

אופֿגעהערט שלאָגן אַרענען, האָט קאַווטון, דעמלט ווען דאָס אויבערצײַג פֿונעם פּידזשאַק האָט זיך צעשפּאָלטן אויף פֿאַסיקלעך און עס האָט אַרויסגעקוקט דאָס פֿוטער, דעמלט האָט ער פֿאַרלוירן דעם אינטערעס צום פּידזשאַק. ער האָט נאָך געגעבן אַ קלאַפּ אַרענען מיטן פֿוס און געזאָגט צו דער פֿאַרפּוצטער פֿרוי:

— אַנו יעוואָ ק טשאָרטו, זשידאָווסקאיאַ מאָרדאַ! קומט אַרײַן אינווייניק.

די פֿרוי, די פּאָליצײַען און די זשאַנדאַרן צעלאַכן זיך.

איך מיט עסטערן לויפֿן צו צו אַרענען, שלעפּן אים אַוועק אין אַ זײַט, איך ברענג אַ שמאַטע, אַ ביסל וואַסער, עסטער באַוואַשט אים דאָס פּאָנעם.

— עסטער, — זאָג איך, — זײַ דאָ לעבן אַרענען, איך גיי זען, וואָס אין מאַלאַטשנע קומט פֿאָר.

כ׳קום אַרײַן און מ׳רעפֿט נישט די מאַמען.

— יאָסעלע, ווו איז די מאַמע?

— זי האָט זיך דערשראָקן און איז ערגעץ אַנטלאָפֿן.

מיר גייען אַרויס מיט טאַטן צו אַרענען און שיקן יאָסלען זוכן, ווו די מאַמע איז. אַרן איז שוין געקומען צו־זיך.

— וואָס האָט ער געוואָלט פֿון דיר? — פֿרעגט דער טאַטע אַרענען.

— ער האָט געוואָלט דעם פּידזשאַק. איך בין אים געגאַן אופּגעשפּיליעט, האָט ער באַמערקט, אַז ער איז אויף פֿוטער, איז עס אים געפֿעלן געוואָרן.

— פֿאַרוואָס זשע האָסטו אים נישט אָפּגעגעבן?

— מיט וואָס זשע וועלן מיר זיך אײַנדעקן די פֿיס אויף באַנאַכט. דאָס איז דאָך דאָס איינציקע, וואָס איך וויקל מיט דעם אײַן דער מאַמען און עסטערן די פֿיס.

— עס טוט דיך שטאַרק וויי?

— עס וועט איבערגייען. אַזוי האָב איך נישט געפֿילט, נאָר אַז ער האָט מיר געטראָפֿן

---

[1] גייט ער צום טײַוול! (רוס.).

איבערן קאָפּ צי אין די הענט, האָט שטאַרק ווי געטאָן, — ער ווײַזט אונדז די הענט. צווײ בלויע, געשוואָלענע קישקעס.

עס לויפט צו יאָסל.

— איך האָב זי שוין אומעטום אויסגעזוכט, זי איז נישטאָ.

דער טאַטע מיט עסטערן פירן אַרײַן אַרענען און לייגן אים אוועק אויפֿן שטרוי. איך מיט יאָסלען לויפן זוכן די מאַמע.

מיר לויפן דורך די גאַנצע מאַלאַטשנע — נישטאָ, מיר לויפן אַרונטער פון דער צווייטער זײַט, צווישן ביידע באַראַקן, שטייען עטלעכע ייִדן און שלעפן אַרויס די מאַמע פון אַ גרוב, פול מיט שמוץ און פאַמאַיעס, וואָס זענען פון אויבן געווען פאַרפרוירן. זי שטייט מיט אַ פאַרמאַכט מויל און ציטערט. מיר פירן זי אַרײַן אין מאַלאַטשנע צו אונדזערע געלעגערס. מיר וויקלען זי אײַן אין אַ שטיקל קילימל.

— מאַכט אַ קעסעלע הייסע וואַסער, — זאָגט דער טאַטע.

עסטער באַוואַשט זי אַ ביסל.

— פרומע, — פרעגט דער טאַטע, — ווי קומסטו אין דער גרוב אַרײַן?

די מאַמע קוקט זיך אַרום און זאָגט שטיל:

— איך האָב געזען, די באַנדיטן זײַנען געקומען, האָב איך מיר דערשראָקן, איך האָב מוירע געהאַט, זיי זאָלן נישט צונעמען...

מיר קוקן זיך אַלע איבער, וואָס הייסט עס? וואָס האָט זי מוירע, אַז מע זאָל באַ איר נישט צונעמען? זי שלעפּט אַרויס פונעם בוזעם אַ לאַנגע, שוואַרצע שאַרפע און ווײַזט אונדז.

— דאָס, קינדער, האָט מיר געקויפט אײַער טאַטע, ווען איך בין אַ קאַלע געוואָרן, און דאָס איז מיר געבליבן פון מײַן גאַנץ לעבן און פון אונדזער גאַנץ פאַרמעגן.

— דו האָסט דאָך געקאָנט דערטרונקען ווערן אין דער גרוב! — זאָגט דער טאַטע.

— איך בין געלאָפן, פון אויבן איז געווען פאַרפרוירן.

די נאַכט איז דורכגעגאַן שטיל. די באַנדיטן זײַנען נישט געקומען. די מאַלאַטשנע האָט ווידער אויפגעלעבט, מע האָט געמאַכט פײַער, אָפּגעקאָכט ווער וואָס עס האָט געהאַט. מיר האָבן געבראַכט פרישע שטרוי איבערצובײַטן. אוועקגעשלעפּט די טויטע, וואָס זײַנען איבער דער נאַכט פאַרפרוירן געוואָרן.

עטלעכע טעג איז צו דער מאַלאַטשנע קיינער נישט געקומען. נישט די זשאַנדאַרן, נישט קאַווטון. מיר האָבן אַלע געמיינט, אַז זיי האָבן שוין אָנגעוווירן דעם אינטערעס צו קומען ראַבעווען, עס איז שוין נישט געווען וואָס צו נעמען. אין מאַלאַטשנע איז געבליבן אַ פּאָפּציק מענטשן. אַלע האָבן זיך אויסגעלייגט באַ דער וואַנט, ווו עס בלאָזט ווייניקער דער ווינט, זיך גוט אַרומגעדעקט מיט שטרוי. נאָר אָט אין אַ באַנאַכט האָט עמעצער ווידער געגעבן אַ געשריי מיט אַזאַ איבערגעשראָקן קאָל, אַז אַלע זײַנען מיר מיט איין מאָל אויפגעשטאַנען. אין דרויסן איז ווידער געשטאַנען דער שליטן, צווײ פּאָליצײַען זײַנען געגאַן נאָך קאַווטונען, און ער האָט נאָכאַנאַנד איבערגעקוקט אַלעמען. וואָס עס איז נאָר געפעלן געוואָרן, האָט ער געהייסן די פּאָליצײַען אַרויסטראָגן.

זיי פאַרענדיקן מיטן שאַכן לעבן אונדז. טרעפן דאָרט גאַרנישט, ווערן זייער בייז און קומען צו צו אונדז.

— אַנו, אַלטער, וואָס האָסטו דאָרט אין בינטל? — זאָגט אַ פּאָליצײַ דעם טאַטן.

דער טאַטע דערשרעקט זיך פאַר זײַן מערדערישער צורע, הייבט אָן אײַנגאַנצן ציטערן.

אַן אַנדער פּאָליצײַ בייגט זיך אָן, שלעפּט אַפּיר דאָס בינטל.

— וואָס האָסטו דאָרט? זאָג.

מיר אַלע שווײַגן, דער טאַטע וויל זאָגן, נאָר ער ציטערט אַזוי, אַז ער קען נישט רעדן.

— שיט עס אויס, — זאָגט קאַווטון צום פּאָליצײַ.

דער פּאָליצײַ שנײַדט איבער דאָס שטריקעלע, און עס פאַלט אַרויס אַ טאַלעס און טפילין. די רעצועס צעוויקלען זיך.

קאַווטון נעמט דעם טאַלעס, קוקט אים אָן.

— נאַ, — זאָגט ער צום פּאָליצײַ, — מ'קאָן מאַכן שאָלן פון דעם. און דאָס וואָס איז? — פרעגט ער דעם טאַטן.

ער נעמט די טפֿילין, באַקוקט זיי פון אַלע זײַטן, פרוווט זיי אופמאַכן.

דער טאַטע ווייסט נישט, ווי אַזוי מע זאָגט אויף אוקראַיִניש טפֿילין:

— עס איז... וואָס מע בעט גאָט.

— כאַ־כאַ־כאַ, — צעלאַכט זיך קאָווטון, — איר האָט אויך אַ גאָט? און וואָס איז דאָרט אינווייניק, אין די קעסטעלעך?

— פּאַפּירלעך אָנגעשריבענע, — פרוווט זיך דער טאַטע אים דערקלערן.

קאָווטון גיט אַ שטאַרקן זעץ מיט די טפֿילין אין דער פאַרפרוירענער ערד און נעמט זיי צעטרעטן מיט די פיס צו זען, צי דער טאַטע האָט אים נישט אָפּגענאַרט. איבערצײַגט זיך, אַז דאָרט איז דאָ נאָר פּאַפּיר, הייבט ער אויף די טפֿילין.

— נאַ, זשיד, קענסט בעטן גאָט, וויפֿל דו ווילסט. ער וועט דיר סײַוויסיי ניט העלפֿן, — און ער גייט אַוועק מיט די פּאָליצײַען צו די, וואָס ליגן ווײַטער פון אונדז.

ביז אינדערפֿרי האָבן זיי געבושעוועט אין מאַלאַטשנע, נישט געײַלט זיך, איטלעכן איבערגעקוקט, קיין סאַך גוטע זאַכן איז שוין נישט געווען.

— איצט קענט איר שוין שטאַרבן, — זאָגט קאָווטון. — קומט, — באַפֿעלט ער די פּאָליצײַען. זיי טראָגן אַרויס די לעצטע פּאָר זאַכן, וואָס האָבן זיך נאָך געפֿונען, זעצן זיך אויף אַפּן שליטן און פֿאָרן אַוועק.

נאָך דער שרעקלעכער נאַכט הייבט מען זיך אָן רירן, אופהייבן זיך שטיל.

— וואָס האָט מען בײַ אײַך צוגענומען? — פרעגט אַ שאָכן.

דער טאַטע האַלט די צעטראָטענע טפֿילין, ער וויל זיי אויסגלײַכן און פאַרוויקלען די רעצועס.

— דעם טאַלעס האָט ער בײַ מיר צוגענומען, — ענטפֿערט ער און לייגט אַרײַן די טפֿילין אין זעקעלע.

אַ צוויי וואָכן איז ווידער קיינער פון די זשאַנדאַרן און פּאָליצײַען נישט געקומען צו דער מאַלאַטשנע. איך האָב געטראַכט, אַז מיר זײַנען פאַרגעסן נישט נאָר פון גאָט, נאָר אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט.

די טעג זײַנען געוואָרן גרעסער, די זון האָט באַטאָג צוביסלעך געוואַרעמט און צעשמאָלצן דעם שניי, וואָס האָט באַדעקט די מאַסע טויטע ייִדן, אַלע טאָג האָבן זיך פון אונטערן שניי אַרויסגעוויזן אַלץ מער און מער טויטע. צוערשט האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן שטיקלעכווײַז, גלײַך ווי נישט דער שניי איז פון זיי אַראָפּ, נאָר זיי זײַנען אַרויסגעקראָכן פונעם שניי. אויף אונדז, וואָס זײַנען שוין געווען געוווינט מיט טויטע, איז דאָך אָנגעפאַלן אַ פּאַכעד דאָס אָנצוקוקן.

אין איינעם פון די טעג, ווען מיר זײַנען מיט עסטערן געשטאַנען בײַ דער טיר און זיך געוואַרעמט אויף דער זון, האָבן מיר דערזען גיין צו אונדז דעם לאַקאָטענענט מיט עטלעכע זשאַנדאַרן. זיי קומען צו, טוען זיך אָן די מאַסקעס אויף די מײַלער, גייען אַרײַן אין מאַלאַטשנע צום אָרט, וווּ עס ליגן די טויטע, קוקן זיי אָן און רעדן עפּעס צווישן זיך. דערנאָך גייען זיי אַרײַן אין צווייטן באַראַק און קומען באַלד צוריק.

— וויפֿל זענט איר נאָך דאָ געבליבן?

— אָט דאָס, וואָס איר זעט, עטלעכע ייִדן.

— יאָ, ווייניק, — זאָגט דער לאַקאָטענענט צו די זשאַנדאַרן, — מיט זיי וועלן מיר גאָרנישט אופטאָן. זיי זײַנען אַליין אויך מייסים, — און ער מיט די זשאַנדאַרן גייען אַוועק.

דעם אַנדערן אינדערפֿרי, מיר ווילן זיך נעמען מאַכן פײַער, זאָגט מיר אַרן:

— עפּעס פירט מען נאָך ייִדן אַהערצו.

איך קוק זיך צו, פאָרנט גייען צוויי זשאַנדאַרן און נאָך זיי — אַ צוואַנציק ייִדן מיט ריסקאַלן. איין זשאַנדאַר לויפט אַרײַן אין מאַלאַטשנע און טרײַבט אַרויס אַלעמען.

— הערט מיך אויס, — זאָגט ער, — עס ווערט וואַרעם, און איר מוזט פאַרגראָבן די

טויטע. עס קען ווערן אַן עפּידעמיע. אַלע, וואָס קענען נאָך אַרבעטן, זאָלן העלפֿן. ווער עס וועט נישט וועלן אַרבעטן, וועלן מיר אים לעבעדיקערהייט פֿאַרגראָבן.

ער גייט אַוועק אַ ביסל אין דער זײַט פֿון דער מאַלאַטשנע, צייכנט אָן מיט אַ שטעקן, ווו מע זאָל גראָבן.

די ייִדן מיט די ריסקאַלן נעמען זיך אופֿהאַקן די נאָך פֿאַרפֿרוירענע ערד. די זשוויר-דאַרן שטייען מיט די גומענע קישקעס, שרײַען, טרײַבן, שלאָגן. די גרוב ווערט אַלץ טיפֿער. איך גיי אַרײַן אין גרוב, שטעל זיך גראָבן לעבן איינעם פֿון די אָנגעקומענע ייִדן און פֿרעג אים שטילערהייט:

— פֿונוואַנען האָט מען אײַך געבראַכט אַהער?

— פֿון אָבאָדאָווקע, — זאָגט ער מיר, — אַ דרײַ קילאָמעטער פֿונדאַנען איז דאָ אַ שטעטל, ווו עס האָבן געוווינט ייִדן, זיי האָבן זיך עוואַקויִרט, איז געבליבן אַ סאַך לײדיקע שטיבער.

— אַרבעט, רעדט נישט! — שרײַט דער זשאַנדאַר.

מיר נעמען זיך גראָבן, און אַזוי, גראָבנדיק, דערציילט ער מיר ווײַטער.

די רײַכע ייִדן האָבן פֿאַרנומען די בעסטע שטיבער און וווינען אין דער וואַרעם. דאָרט איז דאָ אַ רומענישער ייִד, איז ער פּרימאַר (סטאַראָסטע). מוישעלע פּרימאַר רופֿט מען אים, און עס איז אויך דאָ דאָרטן אַ קולטוס-געמיינדע.

— וואָס הייסט דאָס?

— אַ קאָמוניטאַטע, — זאָגט ער מיר, — אַ, איר זענט אַ בעסאַראַבער, איר פֿאַרשטייט נישט, אַ קעהילע.

— יאָ, — זאָג איך, — איך פֿאַרשטיי נישט, איך האָב שוין געמיינט, אַז עס איז שוין קיינער נישטאָ אויף דער וועלט. איך ווייס אַפֿילו נישט, וואָס פֿאַר אַ טאָג איז הײַנט. און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ געלע לאַטע, וואָס איר טראָגט?

— דאָס איז אַ שאַנדעס-צייכן, אַ סימען, אַז מיר זײַנען ייִדן. דאָס שטעטל איז נישט אַרומגעצוימען מיט דראָט, נאָר אַליין אַרויסגיין פֿון דאָרט טאָר מען נישט.

— איז נאָך דאָ אַ סאַך ייִדן?

— אַ פֿינף הונדערט. אַלע זײַנען פֿאַרשריבן אין קולטוס-געמיינדע.

איך האָב מיך אַזוי פֿאַררעדט מיט דעם ייִדן, אַז דער זשאַנדאַר האָט מיר דערלאַנגט מיט דער קישקע.

— אַרבעט, זשידאַנע, דו ווילסט בלײַבן דאָ אין גרוב?

אין דעם טאָג איז די גרוב נישט פֿאַרטיק געוואָרן. פֿאַרנאַכט האָט מען די ייִדן פֿון אָבאָדאָווקע אַרויסגעשטעלט און צוריקגעפֿירט.

די גאַנצע נאַכט האָב איך נישט געקענט אײַנשלאָפֿן. אין געדאַנק האָב איך געבויט פּלענער, וויאַזוי אַנטלויפֿט מען פֿונדאַנען, וויאַזוי באַפֿרײַט מען זיך פֿון דעם העקדעש אין מאַלאַטשנע. אַרן איז אויך נישט געשלאָפֿן, און איך האָב אים דערציילט, וועגן וואָס איך טראַכט.

— דו ווייסט וואָס, — זאָגט ער מיר, — מאָרגן, אַז מע וועט ברענגען די ייִדן צו דער אַרבעט, וועל איך מיך צונויפֿרעדן, איך זאָל גיין מיט זיי, דאָרט נעכטיקן און אַלעס אויסקוקן.

— יאָ, נאָר דו דאַרפֿסט צונייען אַ געלע לאַטע אַזוי ווי אַלע גייען. איך וועל זאָגן עסטערן, וועט זי אויסזוכן אַ געלע שמאַטע.

אינדערפֿרי האָט מען געבראַכט די ייִדן און מיר האָבן פֿאַרענדיקט די גרוב.

— איצט נעמט טראָגן די טויטע! — קאָמאַנדעוועט דער זשאַנדאַר.

מיר נעמען צו צוויי מענטשן שלעפּן אַ טויטן, ער איז צוגעפֿרוירן צו דער ערד. שטיק-לעך אָנטאָן בלײַבן אויף דער ערד, אַ סימען, אַז דאָ איז אַמאָל געווען אַ מענטש.

אַז די גרוב איז פֿול געוואָרן, האָבן מיר זי פֿאַרשיט מיט אַ דינעם שיכט ערד.

איין זשאַנדאַר גייט אַרײַן אין מאַלאַטשנע.

— שוין אַלע פֿאַרנומען? — ער כאַפּט זיך אָן באַם קאָפּ: — נאָך עטלעכע טעג וועלן מיר זיך דאַרפֿן מוטשען מיט אײַך.

ארן קוקט צו מיר און ווײַזט מיר די געלע לאַטע. די ייִדן פון אַבאַדאָוועקע שטעלן זיך אויס, ארן אין דער מיט.

— קינדער, ווו איז ארן? — פרעגט די מאמע באַם לייגן זיך שלאָפן.

— מאמע, האָב נישט קיין יסורים, ער וועט באַלד קומען. ער איז צוגעגאַן אין דאָרף אַרײַן.

— וואָס איז ער געגאַן? ער האָט דען וואָס צו פאַרבײַטן, וואָס נאַרט איר מיך אָפּ?

איך דריי זיך ארום פון איין ווינקל אין אנדערן, איך קען מיר קיין פּלאַץ נישט געפינען. איך טראַכט, ווי גייט שוין גיכער איבער די נאַכט. און דאָ — די מאמע מיט אירע פראַגעס. דער טאַטע, ווײַזט אויס, ווייסט, ער האָט אַלעס געזען און אונדז נישט געוואָלט שטערן.

ארן איז געקומען, ווען מיר זײַנען נאָך ניט געשלאָפן.

— נו, דערציייל, — זאָג איך.

— די גאַנצע שטיבער אין שטעטל זײַנען אַלע פאַרנומען. צעבראָכענע שטיבער איז דאָ א סאַך, נאָר אַלץ בעסער, ווי דאָ. איין זאַך שרעקט מיך: אין צוקער-זאַוואָד שטייען דײַטשן, און מיר מוזן דורכגיין לעבן זאַוואָד. און נאָך א זאַך. דאָרט מוז מען זײַן צוגעשריבן, און מוישעלע דער פּרימאַר וויל נאָר גאָלד פאַר צושרײַבן. וואָס זאָלן מיר אים געבן?

— קינדער, רעדט נישט אפילו, מיר גייען נישט אין ערגעץ; עס וועט אײַך גאָרנישט העלפן. גענוג געגאַן אָף די וועגן. איך גיי נישט אין ערגעץ, לאָזט מיך דאָ שטאַרבן.

— מאמע, מיר גייען נאָך נישט, מיר וועלן אַלעס גוט באַטראַכטן.

ארן נעמט מיך אַוועק אין א זײַט:

— אוי, מוישע, איך וואָלט שוין די רעגע פונדאַנען אַנטלאָפן. דאָרט קען מען עפּעס אַרבעטן, עפּעס פאַרדינען אָף צו עסן.

די קומענדיקע טעג האָבן מיר נאָך צוויי גרויסע גריבער אָנגעוואָרפן מיט טויטע. פאַרענדיקט די אַרבעט, האָבן די זשאַנדאַרן אויסגעשטעלט די אַבאַדאָוועקער ייִדן, און פאַרן אַוועקגיין זאָגט איינער פון די זשאַנדאַרן צו אונדז:

— מיר האָבן געמאַכט ריין דאָ בא אײַך. איך לאָז אײַך איבער א פּאָר ריסקאַלן, אויב עמעצער וועט שטאַרבן, זאָלט איר אים טייקעף פאַרגראָבן. איר האָט געהערט, זשידאַנע?

קימאַט אַלע אין מאַלאַטשנע זײַנען געווען מיט איין געדאַנק צו אַנטלויפן פונדאַנען, נאָר נישט אַלע האָבן עס געקענט אויספירן. אין א סאַך מישפּאָכעס זײַנען געווען קראַנקע, וואָס האָבן נישט געקענט גיין, און צוליב זיי אפילו נישט געקענט טראַכטן פון אַנטלויפן.

דרײַ פאַמיליעס האָבן מיר זיך צונויפגערעדט, צוזאַמען אַוועקגיין פונדאַנען, נאָר פּינקטלעך האָבן מיר נאָך נישט געקענט פעסטשטעלן.

אײַנרעדן די מאמע איז געווען אוממעגלעך. ניין און ניין, זי גייט נישט אין ערגעץ, אָט דאָ וויל זי שטאַרבן.

לײַב מיט גיטלען האָבן געזען, אַז די מאמע וויל טאַקע נישט גיין, זײַנען זיי מיט גיטלס עלטערן אין איינער א נאַכט אַוועקגעגאַן.

מיר האָבן געמוזט בלײַבן אָף דער צווייטער נאַכט. אונדזער שאָכן, אַוראָם, מיט זײַן פאַמיליע זײַנען אויך געבליבן מיט אונדז.

— וואָס טוט מען, ארן? מער וואַרטן קען מען שוין נישט. דעם זאַוואָד מוז מען דורכגיין נאָר איצט.

— נו, מאמע, דו גייסט? — פרעגט ארן.

— ניין, איך וויל דאָ שטאַרבן.

ארן הייבט אוף די מאמע פונעם געלעגער און טראָגט זי. ער גייט ארויס פּאָרויס, און מיר גייען נאָך פון הינטן, איך דריי אויס דעם קאָפּ צו דער מאַלאַטשנע. איך געזעגן זיך מיט איר, און לאָז זיך גיין אין דער פינצטערער נאַכט אין א פינצטערן וועג.

(פאָרזעצונג קומט)

# שלוימע רויטמאַן



שלוימע רויטמאַן וואָלט שוין איצט אַריבערגעשפּאַנט דעם פינף־און־זיבעציקיאָריקן עלטער. אין זײַן „ליד וועגן דער זינגענדיקער יוגנט", וועלכע כ'האָב געפונען צווישן די אין ישׂראל אָנגעשריבענע ווערק זײַנע, דערציילט ער מיט האַרצרײַסנדיקער בענקשאַפט וועגן די סטודענטישע אָרעמע יאָרן אין דער צוזאַמענוווינונג פונעם מאָסקווער אינסטיטוט, וועמענס טאַלמידים (פון דער ייִדישער אָפּטיילונג) מיר זײַנען געווען — ער אפן לעצטן קורס און גלײַך נאָך דעם אין דער אַספּיראַנטור, איך אפן אָנהייב־קורס, די צוויי יונגע ליטעראַטור־פאָרשער הירש רעמעניק און מוישע נאָטאָוויטש אין דער אַספּיראַנטור, שוין אַלס קאַנדידאַטן פון דער וויסנשאַפט.

איצט זײַנען אַלע מײַנע דרײַ אוניווערסיטעט־כאַווײרים אף דער עמעסער וועלט. און צווישן זיי שײַנט צו מיר אַרויס פון דער פאַרגאַנגענהײַט שלוימע רויטמאַן — מיט אַ בלוילעכער שײַן, אין וועלכער, ווי ער שרײַבט, ס'איז צו זען, „אַז ערשט אַ הונגעריקער, דעמלט זינגט אַ ייִד"...

איך בין שלוימע רויטמאַנס אַן אייביקער באַלכויוו. פון אַמאָל געדענקט זיך, אַז ער איז געווײנלעך געווען דער ערשטער לייענער פון מײַנע ווערק, נאָך איידער כ'האָב זיי אָפּגעטראָגן אין די רעדאַקציעס. אַליין האָט ער מיר אָנגעטרויט נאָך מערער איידער לידער. זײַענדיק געפּלאָגט פון אַ פּײַנפולער ליבע, דער איינציקער אין זײַן יוגנט, איז ער געווען אפן ראַנד פון אומקום, ווען די געליבטע איז אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ טראַמוויי און איז אומגעקומען. דאַן איז ער אף אַ לענגערער צײַט געוואָרן שוואַכער פון אַ קינד און אין אָט דעם צושטאַנד געווען מיר אומגעהײַער נאָענט, ווײַל ער האָט מיטן גאַנצן וועזן זיך צוגעהערט צו די טרייסטווערטער, וועלכע כ'האָב פאַר אים געפונען. שפּעטער זײַנען מיר געווען נאָענט — ניט אַזוי מיטן סטיל פון די לידער, ווי מיט דער באַציִונג צו דיכטונג, ווי צו אַזאַ אויסדרוק־מיטל פון דער מענטשישער זעל, וואָס קאָן ניט רעאַליזירט ווערן דורך אַנדערע קונסטן.

אין 1961, ווען איך האָב זיך קעגן מײַן ווילן געמוזט נעמען צו רעדאַגירן „סאָוועטיש היימלאַנד", איז ער געקומען צו פאָרן פון זײַן יאַשקאַראָלאַ, וווּ ער האָט געפּראַוועט דאָצענטור אין אַ פּעדאַגאָגישער הויכשול, און געהאָלפן מיר, בייס איך בין שוין, אף מײַן אייגענעם אויפן, געווען אין דער שווערער אומגעבונג שוואַכער פון אַ קינד. ניט לאַנג פאַר זײַן עמיגרירן קיין ישׂראל האָט ער אין „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרעפנטלעכט אַן עסיי וועגן מײַן דיכטונג.

אין ישׂראל האָט שלוימע רויטמאַנס פּאָעטישע באַגאַבונג געפונען אַ נאַציאָנאַל־פּאַרטיפּערטן אויסדרוק. אף וויפל ער האָט אויך ניט פאַרלאָרן דעם סאָוועטישן נוסעך, קאָן מען זאָגן, אַז ער האָט געזויגן פון צוויי בריסט.

אָדער עפּשער זאָגן אַזוי: ער האָט געקוקט מיט צוויי אויגן.

ארן ווערגעליס

## א כוואַליע

זי איז ווי אַלע אין איר קראַפּט,
אין פֿרײַער שפּיץ אױף יאַמען־טיפֿן,
נאָר ס'האָט א פּעטע פֿליאַמע נאַכט
געלאָזט אױף איר דער גאַנג פֿון שיפֿן.

איר שוואַרצער גורל, ווי מיט סאַם,
פֿאַרשריבן איז אױף אירע הויטן,
און ווייניק איז דער גאַנצער יאַם
אַרומצוּוואַשן זי פֿון קויטן.

און קושט זי מיט איר טרער דעם ברעג,
ווי זי איר געליבטן וואָלט געפֿינען,
זי לאָזט, ניט ווילנדיק, א פֿלעק,
כאָטש זי איז דאָך דאָס קינד פֿון גינען.

אַזוי איז אויך מיט אונדזער האַרץ,
ווען שווערע כמאַרעס עס באַפֿאַלן,
סע מאַכט דעם זונען־רוים אונדז שוואַרץ,
כאָטש ס'איז דאָס האַרץ דאָך גאָלע
שטראַלן.

## ליד וועגן דער זינגענדיקער יוגנט

כ'וועל קיינמאָל מײַנע לערן־יאָרן ניט פֿאַרגעסן,
וואָס האָט געפֿעלט מיר דעמלט, כוץ דעם שטיקל ברויט? —
נאָר כ'בין דערגאַן, אַז לעבן קען איך אויך אָן עסן,
ווען מײַנע לידער זײַנען שטאַרקער פֿונעם טויט.

כ'האָב ניט פֿאַרגעסן זיך דאַן, שפּילנדיק א קערטל,
ס'האָט ווי פֿאַרשיקערט מיך מײַן הונגער און מײַן ליד,
ווי זאָגן קריסטן וועגן אונדז אַמאָל א ווערטל —
אַז ערשט א הונגעריקער, דעמלט זינגט א ייִד.

כ'דריי אויס דעם קאָפּ צוריק צו יענעם יונגן שלוימען,
און איך ציִ אויס צו זיך מיט אָפּשײַ מײַנע הענט,
נו, זײַ געזונט מיר, יוגנט רײַכע, נאָר מיט טרוימען
פֿון יענעם אָרעמען, דעם ייִדישן סטודענט.

עס האָט דאָס לײַב אױף מײַנע ביינער ווי געטײַעט,
נאָר דער נעשאָמע איז דערפֿאַר געוואָרן פֿרײַ:
ס'האָט די סטיפּענדיע אונדז קיינמאָל ניט געסטײַעט,
כאָטש נעם און מאַך זיך פֿון א כוידעש וואָכן דרײַ;

דערפֿאַר געזעטיקט האָב איך זיך מיט שיינע ביכער,
און ווען די קעלט האָט מיט מײַן אָטעם זיך גערייצט,
כ'האָב פֿון א מײַסע זיך דערוווּסט, אַז דאָ איז זיכער
אַזא מין שטוב, ווו ס'ווערט א הרובקעלע געהייצט.

כ׳דרײ אויס דעם קאָפּ צוריק צו יענעם יונגן שלוימען
און איך צי אויס צו זיך מיט אָפּשײַ מײַנע הענט,
נו, זײַ געזונט מיר, יוגנט וואַרעמע, מיט טרוימען
פֿון יענעם פֿרײַנדיקן ייִדישן סטודענט.

אַף טענץ ניט זײַנען מײַנע פֿיס געווען קיין באַלן,
דאָס טאַנצן איז דאַן אין דער מאָדע ניט געווען.
קיין מאַסקאַראַדן, קיין הוליאַנקעס און קיין באַלן
האָב איך דעמלט אויך אין כאָלעם ניט געזען.

קיין ווײַנען האָבן ניט דערמונטערט אונדז, באַטריבטע,
קיין פּונש דעם אומעט האָט אונדז ניט אַראָפּגעשווענקט,
כ׳געדענק ביז הײַנט ווי אַ סטודענטקע, מײַן געליבטע,
האָט מיר אַ פֿלעשעלע מיט מילך דאַן געשענקט.

כ׳דרײ אויס מײַן קאָפּ צוריק צו יענעם יונגן שלוימען,
כ׳צי אויס מיט דאַנקבאַרקײַט אײַך, מיידלעך, מײַנע הענט;
נו, זײַ געזונט מיר, יוגנט, פֿול מיט גוטע צוימען
פֿון אַ ברייטהאַרציקן און ייִדישן סטודענט.

אַך, ווי געדאַרפֿט האָט דאַן דאָס האַרץ זיך פֿרײַ צו כוואַליען
אין שטראָם סטודענטישן פֿון אונדזער אינסטיטוט,
נאָר שטילערהייט עס האָט דער גרויסער לערער סטאַלין
פֿון אונדז דאַן אויסגעצאַפּט די ריינסטע טראָפּנס בלוט.

אין אונדז געזען ער האָט פֿאַר מוירדישקײַט די נערונג:
אויב יעדע ליבע מוז באַשטייען דאָך פֿון צווײ,
איז אונדזער ליבע אים געווען נאָר אַ פֿאַרשווערונג,
פֿון זײַנע קלעפּ נאָך טויט ביז הײַנט מײַן קאָפּ מיר וויי.

כ׳דרײ אויס דעם קאָפּ צוריק צו יענעם יונגן שלוימען,
צו פֿרײַנט פֿאַרשווּנדענע כ׳צי אויס פֿאַרבענקט די הענט,
נו, זײַ געזונט מיר, יוגנט זוניקע, ווי רוימען,
פֿון פֿרײַהײַטליבנדיקן ייִדישן סטודענט.

ווי איז געשען דאַן אָט דער ווּנדער, נעס און כידעש,
וואָס ס׳האָט מײַן לערנען אָפּגעקלונגען מיט דעם קלאַנג
און מיט דעם ציטערדיקן קאָל פֿון מאַמע־ייִדיש,
וואָס צווישן שטומעניש געהילכט האָט ווי געזאַנג.

צו וואָס האָט איר אין קעלט צעגרינט זיך, מײַנע בלעטער?
צו וואָס האָסטו, מײַן צווײַג, אין ווינטער אויפֿגעלעבט?
אַף וועלכן אײַז האָט מען צעשאָסן מײַנע געטער?
אַף וועלכע שטיינער מײַנע זינגפֿייגל געקעפּט?

כ׳דרײ אויס דעם קאָפּ צו יענע יונגע ווײַטע רוימען,
כ׳צי אויס, ווי פֿרעגנדיק, פֿאַרטרויערט מײַנע הענט,
צי ניט צעריסן מ׳האָט דאָס האַרץ אויך דאַן בײַ שלוימען,
בײַ יענעם זינגענדיקן ייִדישן סטודענט.

# די ירושלאַימער פּאַלמע

1

ירושאלאַימס הויכע פּאַלמע אויף דעם פעלדז, —
דײַן קאָרע — האַלב־געפּענט פאַנצערדיקע שיפּן,
אויף אויסהיטן אין זיך דאָס טײַכעלע דײַן העלס,
אויף אויסקושן דעם הימל־טוי מיט טויזנט ליפּן.

און אַלץ צוליב געצײַלטע בלעטער פון דײַן קרוין,
ניטאָ פאַר דיר פון זיי קיין שׂונאים און קיין בעסערס,
זיי וויכערן זיך אויף ווי מיידל־צעפּ אין רוים
און זײַנען ווי דער טאַנץ פון בלענדנדיקע מעסערס.

שטייסט אויפן קרייצוועג פונעם לעבן און פון טויט,
אײַנמיט פון היץ און שניי, פון זאַמדן און כאַמסינען,
דו ביסט פון ליפּן און פון מעסערס ווי געבויט,
ווײַל ס'איז די גאַנצע וועלט געפּערלעך פאַר דײַן גרינען.

2

עד, דו שטאַם דו מעכטיקער — באַכערישער שטאָלץ —
וויגן וואָלסט געקענט אויף זיך, דוכט, אַ גאַנצן וואַלד,
ביסטו אָבער אײַנגעליבט — דו, אַזאַ פאַרשוין, —
ביז איבער די אויערן אין דײַן קליינער קרוין.

זי, די קליינע, שטילערהייט אויף דײַן רוקן זיצט
מיט אַ ווערעטענע, דוכט, וואָס אין שטראַלן בליצט.

טיף איז זי אַרײַנגעטאָן אין איר שווער געשפּינס,
ס'איז ניט גרינג דאָ אויסוועבן זיך אַ ביסל גרינס.

ווייסט, כאַכמע־פּאַלמעניו, ווייסט, מײַן עלנט קינד,
ווי צו וואַקסן אייביק קעגן שנײַדנדיקן ווינט.

— בעסער — ווייניק בלעטעלעך, קלענער איז דער ריס,
איז דײַן קרוין אַ קינד אויף ווינט און דײַן שטאַם אַ ריז.

דו ביטערער גורל געהיימער
פאַר גליקלעך־צעזונגען געמיט:
פאַר אַלע שפּילפייגל — ביימער
און נאָר פאַרן דיכטער — ניט.

און אז ס׳זאָל זײַן ליד זיך ניט בלאָנקען,
גיט הימל און ערד אים א שטײַג,
נאָר דו וואַלסט א נעסט מיר געשאָנקען,
איז האָסטו ניט, פּאַלמע, קיין צווײַג.

## א שטערנדל

אמאָל געווען א שטערן בין איך אויך
אף נידעריקע שטעטלדיקע דעכער,
געווען פון זייער מאזל כ׳בין ניט העכער,
מײַן מארע האָט געבלויט פון זייער רויך.

אין זייער שטרויִיק־גינגאָלדענעם בויך
כ׳האָב טראָפּנס ליכט געטריכּט פון טרייסטן־עכער
און רענדלעך טרוים געשׂיט אין זייערע לעכער
און מײַסעס אײַנגעהויכט־ארײַנגעלויכט.

ארום דעם שטעטל־הארץ כ׳האָב זיך געדרייט,
און אף זײַן ציִונגס־קראפּט כ׳האָב זיך געהאלטן
אין זײַנע שטראלן האָב איך זיך געקליידט

און מיט זײַן ווייטיק האָב איך זיך געשפּאלטן.
כ׳האָב אָפּגעברענט מיט שטעטלדיקע דעכער, —
כ׳בין ניט געווען פון זייער מאזל העכער.




**אַווראָם קאַרפּינאָוויטש**
(תל-אָביב)

# פונעם בוך „אַ טאָג פון מילכאָמע"

## דער טרויער האָט מיך ניט אײַנגעבראָכן

דער טרויער האָט מיך ניט אײַנגעבראָכן. ניין! אָט שטיי איך פאַר אײַך, ווי עס וואָלט גאָרניט געשען. אָט גיי איך, אַזוי ווי איר אַלע, שפּאַצירן צום יאַם. איך בין עפּשער דער איינציקער מענטש צווישן אײַך, וואָס איך האָב ניט ליב דעם יאַם, ניט זײַן רוישן, ניט זײַן ווילדן קלאַפּן מיט די כוואַליעס אינעם שטייניקן ברעג; אָבער איך קום אַהער, ווי איר אַלע.
איך קום דאָ צום תל-אָביווער ברעג באַוווּנדערן די ברייטע מערכאָקים פונעם וואַסער, די פּלאַזשע, און איך קום דאָ זיך פאַרשליסן אין מײַן אייגענער טפיסע. איך קום דאָ אײַנזאַפּן דעם געשריי פון די כוואַליעס, קעדיי צו דערטרינקען אין זיי מײַן געשריי.
דער טרויער האָט מיך ניט אײַנגעבראָכן... איך פיר ווײַטער מײַן טאָגטעגלעך לעבן. איך שטיי אויף אינדערפרי, זאָג אַ גוט-מאָרגן מײַן פרוי און גיי צו דער אַרבעט, ווי ס'וואָלט גאָרניט געשען, ווי ס'וואָלט גאָר קיין מילכאָמע ניט געווען, ווי די זעקס טעג פון דעם קריג זאָלן ניט האָבן אַריבערגעלאָפן איבער אונדזערע קעפּ, איבער אונדזער הויז און מיטגענומען אין דעם געווירבל אַ שטיק לעבן מײַנס, ניין, עפּשער אַ גאַנץ לעבן מײַנס.
יעדן אָוונט רוף איך מיך אָפּ צו מײַן פרוי: לייע, קום צום יאַם, וועסט זיך צעשטרייען. זי ענטפערט מיר: גיי אַליין. ס'איז נאָך ניט די צײַט, איך זאָל קאָנען אַרויס פון שטוב. גלײַך ווי ס'קאָן נאָך קומען אַ צײַט, ווען זי וועט ווידער קאָנען פאַרקעמען אירע בלאָנדע, זײַדענע האָר, שמינקען די ליפּן און מיט אַ שמייכל אין אירע קלאָרע אויגן זיך בעטן בײַ מיר: „קום אַ ביסל לענגויס דער גאַס, ביז צום יאַם".
ניין, אַזאַ צײַט וועט שוין מער ניט קומען! בײַ איר זיכער ניט. קום איך אַהער אַליין. איך בייג זיך אַריבער איבערן אײַזערנעם באַריער און זוך אין דער טיף די כוואַליע. איך וויל אָפּ איין רעגע זײַן מעכטיקער פונעם יאַם, קעדיי אויסצושרײַען פאַר דער גאַנצער וועלט: אווישאַלאָם, מײַן קינד! מײַן זון אווישאַלאָם!
אָט שטייט ער דאָרט אין אַ ווינקל מיט דעם רוקזאַק, גרייט צו גיין. אַ שמייכל, דער מאַמעס שמייכל, שפּילט אויף זײַנע ליפּן. „נו, אַבאַ, להית'!.." און אָט האַלט ער שוין מײַן האַנט אין זײַנע; און פּלוצעם, אין איין רעגע, דערפיל איך אַ מענערישע, פעסטע האַנט דריקט מײַנע און... שוין, אויס קינד, אויס אווישאַלאָמקע, וואָס כ'האָב אים געטראָגן אויף די אַקסלען און געשמיסן פאַר רײַסן מײַנע ביכער. „קום נאָר אַהער, טאַכשיט מײַנער, קום נאָר

אהער! ווי האָסטו געוואַגט אַרויסצורײַסן אַלע צייכענונגען פון דעם בוך, האַ? אַט האָסטו אײנס פאַר דעם בוך און אײנס פאַר נעכטן! איך וועל דיך אויסלערנען דערעכערעך פאַר אַ בוך".

און אַט שטייט ער אַנטקעגניבער, מײַן קינד, מײַן אווישאַלאָם, וואָס אַ בוך איז געוואָרן זײַן בעסטער פרײַנט, — אַט שטייט ער פאַר מיר און איז שוין מער ניט אין מײַן רעשוס. ער האָט אַרײַנגעשטופּט אין רוקזאַק דאָס אייגענע לעבן זײַנס און ער פירט עס מיט זיך אין פײַער אַרײַן. און די מאַמע זײַנע שטייט אַקעגניבער און ווייסט ניט, וואָס צו טאָן, ביז זי באַטראַכט זיך אים אַרומצונעמען, צודריקן צו איר ברוסט...

— קוש אים ניט! ניט קושן אים! ער פאָרט ניט אין עק וועלט, ניטאָ זיך וואָס צו קושן! ער וועט צוריקומען, וועסטו אים קושן!"

און אַזוי איז ער טאַקע אַרויס פון דער היים, און מײַן פרוי קאָן עס מיר ניט מויכל זײַן, ווײַל — אווישאַלאָם איז ניט צוריקגעקומען. איך האָב בלויז געוואָלט זײַן האַרץ שטאַרקן, געבן אים דאָס געפיל, אַז עס קאָן גאָר אַנדערש ניט זײַן, אַז ער מוז צוריקומען אַהיים, צו טאַטע־מאַמע, צו זײַנע כאַווײדים; אַ צאַרטער באָכער געווען, כ'האָב אים געמוזט שטאַרקן, מײַן קינד, מײַן אווישאַלאָם.

דער טרויער האָט מיך ניט אײַנגעבראָכן. אַט שפּאַן איך, ווי איר אַלע, לעבן יאַם־ברעג מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ; און עפּשער זײַנען צווישן אײַך אויך פאַראַן טאַטעס, וואָס שטייען פאַרזונקענע בלויז אויפן מיליטערישן בייס־האַקוואָרעס, פאַר שטיינער, אונטער וועלכע עס ליגן די קינדער, וואָס זײַנען געפאַלן באַם באַשיצן די מעדינע? עפּשער פאַרשטייען אויך אַנדערע, אַז דעם טרויער מוז מען פאַרגראָבן אינעם אייגענעם האַרץ און מע מוז גיין אין גאַס מיט אַ גלײַכן רוקן? יאָ, מיט אַ גלײַכן רוקן, ווײַל עפּעס איז אין די זעקס טעג געשען!

וואָס איז מיט מיר, וואָס שרײַ איך אַזוי? כ'האָב זיך אָפּ אַ רעגע פאַרגעסן. קאָן איך דען איבערשרײַען די כוואַליעס?..

איך וועל שוין גיין אַהיים. כ'וויל ניט איבערלאָזן מײַן פרוי צו לאַנג אַליין. כ'דריי זיך שוין דאָ אַרום גוטע עטלעכע שאָ. עס טרײַבט מיך פאַשעט פון שטוב. איך פיל זיך אַזוי ווי שולדיק פאַר מײַן פרוי, גלײַך ווי איך וואָלט געשיקט אונדזער קינד אין דער מיל־כאָמע, גלײַך ווי איך וואָלט צוגענומען פון איר די גאַנצע פרייד.

ווען ער האָט געלעבט, האָט ער אונדז ביידן געבונדן. זײַן טויט האָט ווי אַ קלין צע־שפּאָלטן אונדזער צוזאַמענזײַן. ווו נעמט מען דאָס ריכטיקע וואָרט זי צו טרייסטן? וואָס זאָגט מען איר? אַדעראַבע, עפּשער ווייסט איר עפּעס אַ קישעף־וואָרט פאַר אַן עלנטער מאַמען, וואָס האָט פאַרלוירן איר בעניאָכיד?

ס'איז שוין געווען אַ פּאָר טעג נאָכן קריג. מיר זיצן אַזוי פאַרזונקען אין די אייגענע ספּייקעס כּון ניט האָבן פון אים קיין שום יעדיִע, קלינגט אין טיר. מיר זײַנען ביידע אויפ־געשפּרונגען. איך עפן די טיר, שטייט אויפן שוועל אַ כאַיעלעט. טיפער ערנסט איז אויסגע־גאָסן איבער איר יונג, מיילד פּאָנעם. זי פרעגט, צי מיר זײַנען די עלטערן פון אווישאַלאָם. אַזוי־ווי איך זאָג יאָ, פאַלט זי צו צו מײַן פרוי, כאַפּט זי אַרום מיט ביידע הענט און בלײַבן זיי פאַרקלאַמערט אײנע אין די אַנדערע, ניט אָפּצורײַסן. איידער איך באַווײַז אַרויסצורעדן אַ וואָרט: ווער זענט איר, וואָס ווילט איר, וואָס קומט דאָ פאָר? — לייגט די כאַיעלעט אַוועק אַ בריוו אויפן טיש און לויפט אַרויס מיט אַ געוויין פון שטוב. זי איז געשיקט געוואָרן פון דער דיוויזיע אונדז מודיִע זײַן וועגן אווישאַלאָם... דער בריוו איז געקומען פון זײַן מע־פאַקעד[1].

פון יענער רעגע, ווי אַט די פרעמדע כאַיעלעט האָט אַרומגעכאַפּט מײַן פרוי מיט אירע קינדערשע אָרעמס, פון יענער רעגע האָט זי שוין מער קיין טרייסט ניט געפונען, ווײַל איך קאָן זי ניט טרייסטן. איך קאָן ריידן צו איר קאָפּ, אָבער ניט צו איר האַרץ. אַ מאַמע וויל ניט און קאָן ניט אַלץ פאַרשטיין. זי וויל צוריק איר זון, ניט קיין שטיין אויף צו לייגן דאָרט בלומען יעדע וואָך.

און איצט וועל איך אײַך מעגאַלע זײַן אַ סאָד, אָבער דערציילט עס ניט קיינעם. איך, דער גרויסער כאָכעם, דער גרויסער באַנעמער פון דעם הויכן ציל, צוליב וועלכן ער איז געפאַלן, איך וויל אויך מײַן קינד, מײַן אווישאַלאָם צוריק!

מ'דאַרף גיין אַהיים. איך דאַרף גיין אויסהערן מײַן פרויס טאַרומעס: פאַרוואָס האָב

[1] קאָמאַנדיר.

איך אים אזוי אוועקגעלאָזן, אפילע ניט ארומגענומען. זי ווייסט ניט, אז פון דער רעגע, ווען ער איז ארויס פון דער היים, בין איך געווען מיט אים.

איך בין געשטאנען א פארשטיינערטער בא מײַן שרײַבטיש און אים געזען אין די רייען מיט נאָך כאיאָלים. כ'האָב געזען, ווי זיי האָבן זיך געפרייט איינער מיטן אנדערן, זיך געקלאָפּט איבער די אקסלען און גערעדט גראָב־ייִנגלעריש רייד. איך בין צוזאמען מיט אים אריַין אין זײַן טאנק. מײַן פרוי מיינט, אז אין יענער נאכט בין איך געזעסן מיט איר באם אָפענעם ראדיאָ. זי ווייסט ניט, אז איך בין גאָר דעמלט געווען מיט אווישאלאָמען. כ'בין צוזאמען מיט אים ארויסגעשפרונגען פונעם אָנגעצונדענעם טאנק. צוזאמען מיט אים געלאָפן איבערן פעלד, פאָרויס, פאָרויס, צו דעם סוינעס טראנשייען. אָט זײַנען מיר שוין באם ראנד פון טראנשיי. מיר ווילן שיסן. דער אווטאָמאט איז שוין אויסגעליידיקט, אָן קוילן... אווישאלאָם! די גראנאטע! ווארף! ווארף! די גראנאטע ווארף! אָ... מײַן זון, מײַן אווישאלאָם... כ'בין געווען מיט דיר, ווען דו ביסט געפאלן, ווען דו האָסט אויסגעקרעכצט: אמא, אמאלע!...

דער טרויער האָט מיך ניט אײַנגעבראָכן, — ניין...

און איצט מוז איך שוין גיין, ס'איז שפעט, א גוטע נאכט...

## באם קויסל

אבראשע דער סערזשאנט איז געלאָפן דורך שמאָלע, געוועלבטע געסלעך פון דער אלטשטאָט, ביז א מאשינגעווער האָט אים געהייסן זיך צופרעסן צו די שטיינער אפן ברוק. פון א פענצטער באם עק געסל האָט א שווארצע לופע געשפריצט פײַער. ער האָט טאקע געהאט איבערגעיאָגט דעם קאָמאנדיר, אָבער וואָס איז דערפון, אז ער קאָן ניט ווײַטער. יענער האָט געשריִען פון הינטער א ראָג — אבראשע, ווארף א גראנאטע!

ווארף א גראנאטע... ס'איז גוט צו ריידן... דאָס מאשינגעווער האָט ניט געלאָזט אופהייבן דעם קאָפּ. אבראשע האָט אָפּגעטשעפּעט פון אונטער זיך א גראנאטע, מיט די ציין ארויסגעשלעפּט די פארזיכערונג, און פארוואָרפן זי מיט אברייטן בויגן צום פענצטער. אין דער רעגע, ווען זײַן האנט האָט זיך אויסגעגלײַכט צום הימל, האָט ער זיך געזעגנט מיט איר — זי איז שוין ניט מײַנע... נאָר די קוילן, ווי זיי וואָלטן ניט געהאט קיין שליטע איבער איר. — אזא האָגל — האָט זיך אבראשע געוווּנדערט אף דער ניצל געוואָרענער האנט, ווי אף א פרעמד געפינס — און ניט געטראָפן.

דאָס מאשינגעווער איז אנשטומט געוואָרן. אבראשעס גאנצע בריגאדע מיטן קאָמאנדיר בעראָש האָבן זיך א לאָז געטאָן, ווי קונדייסים נאָך א שיוּר[1], אין א ווילדן געלויף דורכן געסל. אן איינזאמע סעריע, אפאָנעם פון דעם פארוווּנדעטן לעגיאָנער, וואָס האָט בראוו באדינט זײַן געווער ביזן לעצטן אָטעם, האָט צעשלײַדערט די זעלנער אין אלע זײַטן. אפן ברוק זײַנען געבליבן ליגן דער קאָמאנדיר און צוויי יונגיטשקע פאראשוטיסטן, וואָס אבראשע האָט זיי גערופן די מיזיניקלעך.

די שטילקײַט האָט טויב געקלאַפּט אין די מויערן פון ביידע זײַטן געסל. די זעלנער האָבן זיך צוגעשפּארט צו זיי, אײַנגעקאָרטשעט די קעפּ טיפער אין די אקסלען, און זיך בלינד פארלאָזן אף די שטאָלענע העלמען, זיי זאָלן אָפּהאלטן די באשערטע קויל. מיטאמאָל האָבן זיך גלאָקן צעקלונגען אין א דערבײַיִקן קלויסטער. דער פרעמדער, מעטאלענער קלאנג האָט זיי באומרויִקט. קינדער פון יידישע שטעט, פון ייִדישע יישובים, זײַנען זיי ניט גע־ווינט געווען צו אזא מעוואָסער זײַן דער וועלט, אז א גאָט איז פאראן און מע דארף אים גיין דינען. האָבן זיי זיך נאָך מער צוגעדריקט צו די קילע ציגל. פאר אבראשען איז דער גלאָקן־קלאנג ניט געווען קיין כידעש. ער איז געבוירן געוואָרן מיט דעם. האָט ער זיך אראָפּגעבויגן צו די טויטע גופים און געמיינט צו בלײַבן לעבן זיי מיט אונטערגעהאקטע קניִען ביזן סאָף פון דער שלאכט; נאָר עמעץ פון דער קאָמפאניע האָט אוועקגעשפּאנט פון דער וואנט און אים אָנגענומען פארן אָרעם. אזויווי יענעמס האנט וואָלט א שטיק אײַזן גע־ווען, צעברענט ביז רויט, האָט זיך אבראשע א ריס געטאָן פון דער קלעם, אין וועלכן זײַן

[1] לימעד.

צעווייטיקט הארץ האָט אים אַרײַנגעשטופּט, און אויסגעשריִען מיט א פרעמדן, צעריסענעם קאָל — אחרי! נאָך מיר!..

„נאָך מיר" האָט פריִער געשריִען דער געהארגעטער קאָמאנדיר. ער האָט אָנגעהויבן זיך רײַסן דעם האלדז אפן היגל פאר דער אראבישער פּאָליציי־שול, און אזוי דעם גאנצן וועג ביז אהער. ער האָט געדאַרפט דערגיין, דערלויפן ביז צום האר־האצופים. אף דער שטאבס־קארטע, אויסגעצירעט מיט א רויטן בלײַער, איז עס געווען זייער לײַכט, אָבער אף דער צעפּערטלטער ערד, דורכגעצירעט מיטן סוינעס שוצגראָבנס, איז דער וועג געצייכנט געווען מיט בלוט. דער קאָמאנדיר האָט געשריִען — נאָך מיר! און יעדע רעגע איז עמעץ געבליבן אין וועג. ווער מיט אָפענע אויגן, ווער מיט א פארשטיקטן קרעכץ. מע איז געלאָפן, זיך ניט אומצוקוקן, ביז די אויסן־מויערן פון דער אלטשטאָט.

בײַם די קאמפן לעבן אמוניציע־בערגל, ווי די זעלנער האָבן א נאָמען געגעבן דעם שטילן שיפּוי צאָפנדיק פון דער פּאָליציי־שול, האָט ער, דער קאָמאנדיר, נאָך אַלץ ניט פארלוירן דאָס קאָל. דאָס געשריי האָט געהויבן דעם טויט־פארוווּנדעטן סאניטאר פון אָרט, אָבער ער איז געבליבן ליגן אף די שטיינער מיט דער טאָרבע רעפּועס. דערנאָך האָט ער זייער געפעלט. א ייִנגל פון פּוילן. געריעדט איווריט מיט א שארפער רייש. מיט אבראַשען פלעגט ער שמועסן אף פּויליש. מעקאטרעג געווען אף די ווילדע סאברעס, וואָס מיינען, אז די גאנצע כאָכמע איז ארײַן אין זיי. ער איז ארויסגעשפּרונגען פון קאנאל, קעדיי צו העלפן א פארוווּנדעטן, וואָס איז געפאלן אין אָפענעם פעלד. דער קאָמאנדיר האָט אים געוואָלט פארהאלטן — טאָרסט ניט, ביסט דער לעצטער סאניטאר געבליבן; אָבער ער האָט זיך אוועקגעיאָגט מיט דער שווערער טאָרבע צום געטראָפענעם, וואָס האָט צוגעהאלטן מיט א האנט דאָס צעריסענע אינגעווייד. די קוילן האָבן זיך געדיכט געלייגט איבערן שטעטעך, געפּיקט מיט די בלײַענע שנאָבלען יעדעס ברעקל ערד. ער איז געבליבן לעבן יענעם און די צעוואָרפענע באנדאזשן, ווי פאסן טאכריכים, האָבן אָפּגעמערקט פון דער ווײַט דאָס אָרט, ווו ער איז געפאלן. דער לעצטער סאניטאר פון דער קאָמפּאניע. צוויי אנדערע זײַנען נאָך פריִער אומגעקומען.

אבראַשע לויפט. אײדער ס'איז ארויס דער באפעל צו שטורעמען די יאָרדאנישע פּאָזיציעס, האָבן די זעלנער געפּאָדערט פונעם מיליטערישן ראָוו א שוווּע, אז די אלטשטאָט, וואָס איז יאָרן געווען אָפּגעריסן פון יערושאָלאַיִם, וועט מער קיינמאָל ניט זײַן אין דער פרעמד. דער ראָוו האָט אויסגעצויגן א דארע, אָדערדיקע האנט איבער די יונגע קעפּ און געשעפּטשעט — ער וועט איבערגעבן די זעלנערישע באקאָשע צו די מאנהיגים און צו קאָל יִיסראָעל. אף דעם סמאָך איז מען געלאָפן אונטערן פײַער. אינעם זאַמלפּונקט פאר די פארוווּנדעטע זײַנען אָנגעקומען כאיאָלים, כוואליע נאָך כוואליע. אנדערע האָבן ארײַנגעפּויזעט. זעלנער אָן פּיס, אָן הענט, האלב פארברענטע טאנקיסטן, קאנאָניערן, צעלעכערטע פון קוילן. א בלאָנדער כאיעל מיט א פּאָנעם פול מיט גרינע שפּרענקעלעך — שפּורן פון א האנט־גראנאטע, וואָס איז געפאלן פארבײַ. און צווישן זיי דרייט זיך אום א יונגער דאָקטער. ער ווייסט ניט, צו וועמען פריִער צוצופאלן. דאָס ערגסטע איז, זיי קרעכצן ניט, די פארוווּנדעטע. זיי ליגן אָנגעשפּארט בא די ווענט און װארטן — ווער אף הילף, ווער אפן טויט. און דעם יונגן דאָקטער, וואָס אין ציווילן לעבן אָרדינירט ער אין א שפּיטאָל, ווו מע ברענגט קאָרבאָנעס פון איבערגעקערטע אווטאָס, אָדער סטאם אומגליקן, פעלן אָט די קרעכצן. ער איז איבערגעבויגן איבער א זעלנער, נייט די ווונדן, און בעט זיך בא אים: קרעכץ, צו אלדי רוכעס, וויין אפן קאָל, דיר וועט ווערן לײַכטער; אָבער דערווײַל לאָזט ער א טרער, ווײַל ס'איז צופיל פאר אים, צופיל.

אבראַשע איז געלאָפן. ניט בלויז ער, נאָך כאיאָלים זײַנען געלאָפן אין דער זעלבער ריכטונג, נאָר דורך אנדערע וועגן. איין באטאליאָן האָט זיך געריסן צום ציל דורך דעם אמוניציע־בערגל. דער צווייטער באטאליאָן — פארבײַ נאכלאט שימאָן. אַלץ ערטער יערושאָלאַיִמדיקע. און דער ציל פאר אבראַשען איז אזוי פארנעפּלט.

דער קאָמאנדיר האָט אויסגערופן — אלטשטאָט! אז די נײַשטאָט איז אים אויך שוואַך באקאנט. איינמאָל איז ער געווען אין יערושאָלאַיִם אף אן אזקאָרע נאָך די קדושים פון זײַן היימשטאָט. ער איז אָנגעקומען פאר פינצטער און אוועקגעפאָרן דעם זעלבן אָוונט. אבראַשע האָט ניט אייך מאָל געפּלאנט צו נעמען די קינדער און פאָרן א שאבעס באקוקן יערושאָלאַיִם. ס'איז אָבער ניט אויסגעקומען. יעדעס מאָל איז געווען אן אנדער אָפּהאלט. איצט האָט ער יאָ געזען א שטיק שטאָט, אָבער אין געלויף. ניט מיט ווײַב און קינדער, נאָר מיט דער מאַשינביקס, וואָס אָן איר איז מען אין דער שלאכט עלנטער, ווי אָן דער מישפּאָכע. דער קאָ־

מאנדיר, איידער מע האָט זיך געוואָרפן אין דער שלאַכט, האָט זיי באַוויזן פונדערווייטנס די אַלטשטאָט. זיי זײַנען געשטאַנען לעבן א גרויסן האָטעל, וואָס האָט אָפּגעקאָסט גענוג לעבנס, ביז מע האָט פון דאָרט אַרויסגעשטויסן די לעצטע יאַרדאַנישע סאָלדאַטן. דאָס גראָז פאַר דעם אַרײַנגאַנג האָט געצויגן זיך אַוועקלייגן אַפן בויך אָפּכאַפּן דעם אָטעם. די יון־זון האָט געוואַרעמט, ניט געבערנט, ווי זי וואָלט זיך געהאַט גערעכנט מיט דעם שווערן מאַרש באַרג־אַרוף. גאַנץ ירושלים איז געלעגן בא זייערע פיס. ווי געבויט פון זשוויר, וואָס מע ניצט אין די גלאָז־הויזעס, אַזוי האָט זי געהעלט אונטער דער זון. דער קאָמאַנדיר האָט זיי געהייסן קוקן אַף צוויי קופּאָלן — א גאָלדענעם און א זילבערנעם. דאָרט, האָט ער געזאָגט, איז די אַלטשטאָט, די קופּאָלן זײַנען דעכער פון געבעט־הײַזער, וואָס זײַנען שטאַרק פאַרהיילעט בא די אַראַבער. קיין זעלנער זאָל דאָרט ניט וואַגן באַווײַזן בעריעשאַפט. די קופּאָלן האָבן שימערירט, זיך געשמאָלצן מעטאַליק קעגן הימל, און ס'האָט אויסגעזען ווי באַלד וועלן זיי אַראָפּרינען אין רונדיקע טראָפּנס, ווי מאַטבייעס, צום אויסגעפּלאַסטערטן הויף, וואָס אַרום.

ווען ניט די מויערן אַרום דער אַלטשטאָט, וואָלט אַלץ געווען לײַכטער. די לעגיאָנערן האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס אין דער הייך און ניט צוגעלאָזט קיין שום קויעך. דער קאָמאַנדיר האָט פריִער אָנגעזאָגט, מע זאָל שיינען דאָס אָרט, ניט באַווײַזן קיין בעריעשאַפט; אָבער ווי זאָגט מען די האַרמאַטן־קוילן ניט צו פאַרטשעפּען א היילעקײַט? איז איבערגעבליבן פאַרן זעלנער נעמען אַלץ אַף זיך. אַבראַשע האָט אין געלויף געטראַכט — מע שוינט שטיינער, און דאָ פאַלן באַכערים. יאַרדאַנישע סנײַפּערס זײַנען געזעסן אַף די מויערן. מיט עטלעכע גוטע האַרמאַטן־סאַלוועס[1] פּאַטערט מען זיי אַלע. אָנשטאָט דעם האָט דער קאָמאַנדיר באַפוילן צו מינירן א טויער, דעם שאַער ציאָן, און דורך דאָרט זיך אַרײַנרײַסן אין דער אַלטשטאָט. נאָך א בריגאַדע האָט געטאָן דאָס זעלבע. זי האָט זיך אַרײַנבאַקומען אינווייניק דורך דעם שאַער האַראַיאָט, א טויער, וואָס איבער אים זײַנען אויסגעקריצט אין שטיין צוויי פּאָר לייבן, ייִדישע לייבן, ווי כּוח א פאָרויכעס גענומען. דאַמאָלסט האָט נאָך דער קאָמאַנדיר געלעבט. ער האָט געפירט. איצט פירט אַבראַשע. און ניט אַזוי פירט ער, ווי ער לויפט נאָך א זעלנער מיט צעשאָטענע לאַנגע פּייעס, וואָס רײַסן זיך פון אונטער דעם העלם. די אַלע געסלעך, די ליקלעך, די טונקעלע נישעס זײַנען אַבראַשען אַזוי פרעמד, אַזוי אומהיימלעך. און יענער זעלנער גאַלאָפּירט איבערן ברוק צילבאַוווּסטזיניק, ווי א באַלכײַ צו דער געווינטער נאָרע. ס'איז שאַכנע דער לאַמדן, א זעלנער פון אַבראַשעס בריגאַדע. יענער האָט נאָך פריִער דערציילט, אַז זיי האָבן געוווינט ביזן קריג פון נײַנצן אַכט און פערציק אין דער אַלטשטאָט. ער געדענקט יעדעס ווינקל, כאָטש ער איז נאָך דאַן א קליין ייִנגל געווען. שאַכנע האָט אַליין געקאָנט זײַן א מאַנהיג, אָנפירן מיט א קאָמפּאַניע, אָבער זײַן אַניוועס האָט אים געשטערט. ער האָט אָפּגעטאָן זײַנס, איז ער אַוועק אין א זײַט, ניט געוואַרט אַף שוואָכים. מע האָט נאָך ניט פאַרגעסן זײַן וואַרפן זיך דער ערשטער מיט א מעסער אַף א גרופּע לעגיאָנערן, וואָס זײַנען אָנגעלאָפן אַף זיי פון א פאַרזעענעם בונקער. ער איז געווען א געבוירענער קעמפער. אַבראַשע האָט אים געזען אין מאַרש און זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס אַזאַ באָכער איז ניט קיין אָפיצער, נאָר א לערער אין א כסידישן ישיבֿה; אָבער אַף זײַן פּאָנעם האָט מען געלייענט דעם גאַנצן טרויער פון א ריינער נעשאָמע בייס בלוט־פאַרגיסונג. ער האָט געשלעפּט פאַרוווּנדעטע לעגיאָנערן צום זאַמלפּונקט. איצט איז שאַכנע געשפּרונגען איבער שוועלן, געהיפּערט איבער טרעפּ, זיך געדרייט אין א ווילדן געלויף דורך שמאָלע הויפן און ניט אויפגעהויבן דעם בליק אין דער הייך, עפּשער לויערט פון א דאַך א פײַנט־לעכער סנײַפּער. אַזוי־ווי א יענוועלטיקער קויעך וואָלט אים געשטופּט צו שטורעמען דעם מערכעק אַף בלינד, און זאָל די סאַקאָנע זײַן ווי גרויס. אַבראַשע האָט געפילט, ווי די קויכעס פאַרלאָזן אים. דער אָטעם האָט זיך אים פאַרהאַקט. ער האָט שוין באַלד געהאַלטן באַם פאַרלירן שאַכנען פון אויג. מיט געבראָכענע קניִען האָט אים אַבראַשע קוים דעריאָגט ביז אַן עפענונג אין א וואַנט, וואָס א שראַפּנעל האָט מינאַסטאַם אויסגעהאַקט. דאָרט איז שאַכנע פאַרשוווּנדן געוואָרן. אַבראַשע האָט מיט דעם לעצטן ביסל קויכעס זיך אָנגעכאַפּט אָן די שאַרפע ציגל־ראַנדן פונעם דורכברוך, קעדיי נאָכצופאָלגן שאַכנען.

די וואַנט איז אויסגעוואַקסן פאַר אים. אַבראַשע האָט געשטעלט א שריט אַף הינטער. ער האָט זיך ניט גערעכנט אַף אַזאַ מאַסיוו צווישן קליינע, אָרעמע הײַזקעס.

---

[1] זאַלפּן.

— איז עס?

— אורי...

— דער קויסל, דער קויסל מאאראַווי...

די זעלנער האָבן געשעפּטשעט, ניט געוואגט צו ריידן הויך. עטלעכע זיינען שטיל צוגעגאנגען צו שאכנען. יענער האָט געהאט איינגעגראָבן דאָס פּנים אין די שטיינער. די ברייטע אקסלען זיינע האָבן געציטערט. איינגאנצן האָט דער פּילגעפרווּוטער כאיל אויסגעזען, ווי א קינד, וואָס איז צוגעפאלן צו דער מאמעס שוס אויסקלאָגן אן אוולע. זיינע כאוויירים זיינען געשטאנען צעטומלטע ארום אים און ניט געוווסט, צי זאָל מען אים זאָגן א סאָלדאטיש וואָרט, אָדער לאָזן אים אזוי. נאָך כאיאָלים זיינען אָנגעלאָפן. פרעמדע, פון אנדערע בריגאדעס. די רעגע פון שטילקייט, וואָס דער קויסל האָט אראָפּגעשוויגן אף די ערשטע רייען דעראָבערער זיינע, איז צעריסן געוואָרן דורך יויוול-געשרייען, דורך געזאנגען און טפילעס אפן קאָל — אויסגעלייזט דעם האר האבייס...

— בית המקדש...

— אשרינו...

...און אבראשע שטייט אין א זייט פון געטומל און זעט איינס — דעם טאטן זיינעם, דעם ווילנער שילדן-מאָלער. ער האָט אין זיין פרייער צייט באפוצט א וואנט פון דער מאָ־לארסקער קלויז, וואָס איבער דער קאַהאַלשער באָד אפן שול-הויף מיט אן אָפּבילד פון קויסל מאאראַווי. עס גרינען פאר אבראשעס אויגן די בינטלעך גראָז, וואָס דער טאטע האָט געמאָלט צווישן די שטיינער פונעם קויסל. זיי זיינען געווען עפשער גרינער, ווי מע האָט באדארפט, אָבער ווי דער טאטע האָט זיי געפּיעשטשעט מיט זיין פענדזל. ווען ער וואָלט איצט געווען דאָ...

ניט אלע זיינע דערלאָפן. אפן וועג צום קויסל מאאראַווי זיינען געבליבן צענדליקער. אורי, מאָרדעכײַ, אייטאן דער קיבוצניק, יוזעק דער סאניטאר, דאָס יינגל פון פּוילן. אויך דער טאטע איז ניט דערלאָפן. געבליבן מיט אלע נאָענטע אף פאָנאר.

אבראשע זעצט זיך אוועק אף דער ערד און שפּארט זיך אָן מיטן רוקן אָן א ווינקל מויער.

— אבראשע, וואָס זיצסטו שיווע? זע, וואָס דאָ טוט זיך! אלע טאנצן, און דו...

— ניטאָ קיין קויעך... ניטאָ...

אזוי זיצט ער ביז די בריגאדע פאַרמירט זיך צו שפּאנען ווייטער.

דער קויסל בייגט זיך איבער אים.

# קאדיש נאָך דער מאמען

גרױלט אין געמיט מיר פלאמען־אָפּשײַן פון דער װילדער מאָרד־צײַט,
װען ערד האָט גיריק אײַנגעזאַפּט דײַן מאַמיש הײליק בלוט,
און װײַל עס איז מיר ניט באַװוּסט דער טאָג, װען ס׳פאַלט דײַן יאָרצײַט —
צינד איך נאָך דיר ליכטער יעטװידע מינוט.

אין װיסטן טאָג האָט דיך דער טאַליען אומגעבראַכט, מײַן מאַמע,
און דײַנע לעצטע רגעס אין לײד און פּײַן פאַרהילט, —
ניט אופגעהערט האָסט אָבער זײַן מיט מיר צוזאַמען,
און אין די נעכט די שלאָפלאָזע שטײט אַלץ פאַר מיר דײַן בילד.

איך קוש דײַן צאַרטן שטערן, איך טרינק דײַן בליק דעם קלאָרן,
איך קװיק זיך מיט דײַן קלוגשאַפט, דײַן ערנסט און דײַן װיץ,
און װי איך האָב געטײלט מיט דיר אין די פריִערדיקע יאָרן
מײַנע פרײדן און מײַן צער — אַזױ טײל איך דאָס אױך איצט.

כ׳דערצײל דיר, װי די אײניקלעך בענקען נאָך דער באָבען,
װי שװער אָן דער געטרײַער מאַמען מיר איז און מײַן װײַב.
דו װײנסט — און מיטאַמאָל דערזע איך, װי עס קרײַזן ראָבן
מיט ראַצכעדיקער קראַקערײַ אַרום דײַן צאַרטן לײַב.

כ׳פאַרטרײַב מיט צאָרן און מיט װײ די כוצפּעדיקע רױבער,
דאָס בלוט פון דײַנע װוּנדן קוש איך אױס מיט ליפּן הײס,
דו טרײסט מיך מיט דײַן שמײכעלע, פול יוגנטלעכן צױבער:
„ניט זאָרג, מײַן קינד, ס׳װעט גוט זײַן... פאַרשװינדן װעט דאָס בײז...״

איך װײס, געגלײבט אין דעם האָסט ביז דײַן לעצטער רגע,
און שטענדיק האָסט געװאָלט, עס זאָל אַלעמען זײַן גוט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און װײַל עס איז מיר ניט באַװוּסט דער טאָג פון דײַן אװעקגײן, —
זאָג איך נאָך דיר קאַדיש יעטװידע מינוט.

## הישטאַפּכעס האַנעפּעש

עס קלאַפּט מיט זשאַר דאָס אַש אין האַרצן,
ווען בונט אין פרילינג קוואַרים שוואַרצע
צעפלאַמען זיך מיט בלומען־צווייט.
ס׳ווערט די נעשאָמע אַ פאַרשמאַרצטע:
צום יאַר צום דראָביצקער די סטעזשקע,
ווי אַ פאַרוואַרלאָזטע מערעזשקע,
הויכט אויס אין ווילדגראָז אירע טריט.

דאָס גרינס זיך וויגט און ווינטלעך בלאָזן,
און טויזנטער דאָרט נאָמענלאָזע,
וואָס האָבן זיך מיט בלוט פאַרשלוקט,
אָף אונדז בלויז קאָנען זיך פאַרלאָזן,
קאָרבאָנעס — ייִדישע הארוגים,
געפאַנגענע און לאַנדסלײַט היגע —
נײַן איילן אין דער ערד פאַרצוקט.

בוריאַנען־גראָז פאַרדעקט זיי, קענטיק,
דאָס ביטער קרײַטעכץ מאַכט אָפּהענטיק
סײַ דעם זיקאָרן, סײַ דעם גײַסט.
צי דען די צײַט האָט אונדז געפּענטעט?
צי דען פאַרגעסן האָט מײַן כאַרקאָוו,
ווי ס׳בילט אַ דײַטשישע אָווטשאַרקע
און פּונעם מענטש דאָס לײַב זי רײַסט?

די ערד געשריגן האָט פון צאָרן
אין יענע ווייטיקדיקע יאָרן,
ניט ווייסנדיק, פאַר וועלכע זינד
אָף איר אַ ראָד איז אָנגעפאָרן
אַ ברוינע. און עס איז צעשאָסן
אַ יונגע פרוי — איר בלוט צעגאָסן,
און ס׳זוכט דער מאַמעס ברוסט אַ קינד.

צו די, וואָס זײַנען אומגעקומען
אָט דאָ, שוין צײַט צו טראָגן בלומען
טאָגטעגלעך מיט אַ ברייטן שטעג.
איך בין אַצינד צו זיי געקומען,
כ׳פאַרנייג פאַר זיי זיך: ברידער־ייִדן,
סאָלדאַטן, קרויווים,
אויסצושמידן
מײַן אָנדענק־קוויט איך בין צופרידן,
מײַן פערז —
באַ אײַער שטײַלן ברעג.

פון אוקראַיִניש — ב. מאָגילנער

זאַלמען ליבינזאָן

# צוויי וואָכן אין ענגלאַנד

מיר פאָרן קיין ענגלאַנד. זאַלבעפינפט פאָרן מיר אַלס א דעלעגאַציע פונעם ייִדישן קולטור־קלוב אין גאָרקי. א מיטגליד פונעם קלוב, דער דאָקטער הערש לאַנדסבערג, איז געווען צוגאַסט אין בירמינהעם בא זײַן זון, א בירגער פון ייִסראָעל, וועלכער סטאַזשירט זיך אין אן ענגלישער קליניק. האָט ער זיך דאָרט באַקאַנט מיט די היגע ייִדן, מיט זייער געזעלשאַפט, און ווען יענע האָבן זיך דערוווּסט, אז אין ניזשני־נאָווגאָראָד (ביז וואַנען מיר זײַנען אַפּוועזנד געווען, איז די שטאָט גאָרקי שוין צוריק געוואָרן ניזשני־נאָווגאָראָד), פונקציאָנירט א קלוב פון ייִדישער קולטור, האָבן זיי אונדז אײַנגעלאַדן צו זיך. מיר האָבן פאַרשטייט זיך, די אײַנלאַדונג אָנגענומען און געלאָזט זיך אין וועג.

צוערשט זײַנען מיר געפאָרן מיטן באַן, ביז דעם ברעג פונעם לא־מאַנש. געקומען בעשאָלעם אַהין, האָבן מיר זיך איבערגעזעצט אױף א שיף, וואָס קורסירט קיין דוווּר, שוין אויפן ענגלישן ברעג פונעם לא־מאַנש.

א שיף א מוירעדיקע, א מין פּאַראָם, וואָס פירט אריבער מענטשן. וויפל? מיר איז שווער צו זאָגן, איך מײן — בא א טויזנט. אַלע דרײַ פּאַלובעס זײַנען איבערגעפולט: זקיינים, יונגע — סטודענטן און שילער, ווײַסע, ברוינע, שוואַרצע. ס'האָט זיך געדאַכט, אז פון דער גאָרער וועלט פאָרט מען קיין ענגלאַנד. ווער ס'האָט פאַרנומען אן אָרט אין די ווייכע פּאָטעלן און ווער — מערסטנטייל די יונגע — פּאַשעט אויפן דיל, וועלכער איז אויסגעלייגט אומעטום מיט טעפּיכער.

ס'איז געווען א ביסעלע אומגעריכט, ווען מיר האָבן זיך אײַנגעאָרדנט און גלײַך דערהערט ייִדישע רייד, ניין, ניט ייִדיש, נאָר איווריט. בא א צענדליק ייִסרעיילים מאַכן דורך אין זייער אורלויב א רײַזע איבער מײַרעוו־אייראָפּע און אױף עטלעכע טעג פאָרן זיי קיין לאָנדאָן. מיר האָבן געפרוווט פאַרפירן מיט זיי א געשפּרעך, קיין איווריט קאָן קיינער ניט פון אונדז, אָבער א ביסל זיך דורכשמועסן האָבן מיר באַקומען א מעגלעכקײַט: עמעץ־ווער פון זיי, די עלטערע, האָבן געדענקט ייִדיש, אַנדערע — רוסיש, אָדער ענגליש. אָט אזוי, אױף א געמיש פון ייִדיש־רוסיש־ענגליש, האָבן מיר זיך דורכגערעדט. זיי אינטערעסירן זיך, וואָס עס מאַכן די ייִדן אין ראַטנפאַרבאַנד, מיר — וויאַזוי לעבט מען אין ייִסראָעל. די גאַנצע וועלט איז צערודערט איבער איראַקס אַגרעסיע קעגן קוווייט און איבער די דראָונגען פון סאַדאַם כוסיין — לאָזן אױף ייִסראָעל דאָס כעמישע און באַקטעריאָלאָגישע געווער. אונדזערע מיטשמועסער זײַנען באַאומרויִקט, נאָר ניט אױף אזויפיל, מע זאָל פאַלן אין פּאַניק. „מיר האָבן, מיט וואָס צו פאַרטיידיקן זיך", — אזוי האָט איינער פון זיי געענטפערט.

ווען מיר האָבן זיך אָפּגעשיפט פונעם בעלגישן ברעג, איז דער דורכגוס געווען שטיל, אָן א ווינטעלע, דער וועטער — וואַרעם, אױף דער שיף — אַלע באַקוועמלעכקײַטן.

ביסלעכווײַז אָבער האָט דער הימל זיך פאַרכמאַרעט, ס'האָט א ווײַע געטאָן א ווינט, די שיף האָט זיך אָנגעהויבן וויגן, מיר האָבן עס גלײַך דערפילט — עמעצן איבלט שוין, נאָר פאַמעלעכערהייט זײַנען מיר צוגעקומען צום ענגלישן ברעג, צו דעם פּאָרט דוווּר. א שטעמפּל אין פּאַספּאָרט, מע גייט אריבער דעם באַריער און מע איז שוין אין ענגלאַנד. אָבער אונדז האָט מען פאַרהאַלטן — וואָס פאַר א ייִדישע דעלעגאַציע פון סאָוועטנפאַרבאַנד, מיט אזוינס האָט זיך נאָך דער גרענעץ־קאָנטראָל ניט באַגעגנט. פון ייִסראָעל — יאָ, אָבער פון ראַטנפאַרבאַנד? מע האָט אָנגעהויבן אויספרעגן, ווער ס'האָט אונדז אײַנגעלאַדן, צוליב וואָס און. אָפּגעשטעמפּלט דעם פּאַספּאָרט, און — מיר פאָרן קיין לאָנדאָן.

צוויי מיט א האלבער שאָ אין וועג — און מיר זײַנען אפּן וואַקזאל וויקטאָריאַ. ס'איז שוין געוואָרן טונקל. ארויס פונעם וואגאָן, קוקן מיר זיך ארום. אונדז דארף באגעגענען דער, וואָס האָט אונדז אײַנגעלאדן, האלטנדיק אין די הענט א פּלאקאטל „רעגינא" (דער נאָמען פון אונדזער איבערזעצערן), אָבער — ניטאָ. און דאָ האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז רעגינאַ האָט איבערגעפּלאָנטערט די יאָצרעס, געזאָגט אים אין טעלעפאָן, אז מיר וועלן קומען אפּן ליווערפּול־וואָקזאל, ווארט ער, מיסטאמע, דאָרט. וואָס טוט מען, פאָרן אהין? ווער ווייסט, ווּ דאָס איז. ביז איך אוועק מיט דער איבערזעצערן צום וואָקזאל־מענעדזשער, ער האָט אונדז אויסגעהערט; איין מאָמענט, אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן, און אין עטלעכע מינוט ארום דערוויסן מיר זיך, אז אונדזער באלעבאָס ווארט בא דער אכטער פּלאטפאָרמע.

ס'איז ניט שווער זיך פאָרשטעלן, ווי מיר האָבן זיך דערפרייט. אין אונדזער רעשוס איז איבערגעגעבן א קליינער אווטאָבוס. מיר באַקאנען זיך מיט דזשערי בלאטערן (דאָס האָט ער אונדז אײַנגעלאדן) און מיט זײַן מישפּאָכע, וועלכע איז געקומען אונדז באגעגענען, — מיט זײַן פרוי, דרײַ קינדער און... מיט זייער הונט.

פאָרן מיר דורך לאָנדאָן קיין בירמינהעם. ס'איז שוין נאָך האלבנאכט, אָבער די לאָנדאָנער גאסן בלאנקען, אלע שויפענצטער פון די מאגאזינען — העל באלויכטן, ווי זיי זאָלן ניט אופהערן ארײַנרופן קוינים אויך באנאכט.

מער פון צוויי שאָ אין וועג, און מיר זײַנען שוין אין בירמינהעם. מיך מיט דער פרוי האָט מען צוגעפירט צו א צווייסטאָקיקן קאָטעדזש. אָנגעקלונגען, עפנט זיך באלד די טיר און מיר הערן דעם באקאנטן „זדראווסטוויטיע" — דאָס זאָגט א באַיאָרטער מאנצבל, און זײַן פרוי גיט צו — „שאָלעם־אלייכעם".

אונדזערע באלעבאטים: בערנארד בארנעט געדענקט א ביסעלע רוסיש (אין זיבניאָריקן עלטער איז ער מיט די עלטערן אוועקגעפאָרן פון כארקאָוו), זײַן פרוי עסטער איז פון אירלאנד, פון א יִידישער מישפּאָכע, און זי געדענקט א ביסל יִידיש.

ס'איז קעדײַ צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם איניציִאטאָר פון אונדזער רײַזע, דזשערי בלאטער. ער איז שוין אלט א פּאָר יאָר נאָך פופציק, און איז אלץ נאָך א שטאלטנער און טעטיקער, אן איבערגעגעבענער טוער פון דער יִידישער קולטור.

די עלטערן זײַנע האָבן נאָך אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע פארלאָזט רוסלאנד און געקומען קיין ענגלאנד. דער פאָטער — א שנײַדער, ספּעציִאליזירט זיך אף נייען רעגנמאנטלען און בעהאדראָגעדיק האָט ער געשאפן א קליינעם מיסכער. אין הויז האָט מען שטארק אָפּגעהיט די יִידישע טראדיציעס, רעליגיִעזע און קולטורעלע, וועלכע דזשערי באמיט זיך פאָרזעצן אויך אין זײַן מישפּאָכע.

דזשערי האָט געיארשנט דעם טאטנס קראָם און איז אליין געוואָרן א ביזנעסמען. איצט האָט ער זײַן אָפיס, וואָס באשטעלט סטאָמאטאָלאָגישע אויסשטאטונג. ניט לאנג צוריק האָט ער זיך פארבונדן מיט אונטערנעמונגען פונעם ראטנפארבאנד און געשאפן א בעשוטפעסדיקע פירמע, וועלכע האָט שוין צוגעשטעלט די אויסריכטונג פאר א סטאָמאטאָלאָגישער פּאָליקליניק אין טיומען.

כוץ דעם געשעפט, פארנעמט ער זיך מיט געזעלשאפטלעכער טעטיקײַט. איבערהויפּט צווישן די בירמינהעמער יִידן, אָרגאניזירט הילף די זקיינים, יעסוימים, קלאל איינזאמע און קראנקע, אינטערעסירט זיך מיט דער לאגע פון די יִידן אין סאָוועטנפארבאנד, איז פארבונדן מיט די לאָנדאָנער יִידישע געזעלשאפטן.

די צוויי וואָכן האָט ער זיך פולקום איבערגעגעבן אונדזער דעלעגאציע, און מיר האָבן זיך מיט אים באפרײַנדעט. גענומען האָט ער אף פּראָקאט א קליינעם אווטאָבוס און ארומגעפאָרן מיט אונדז, זײַנע געסט.

ס'איז, מיין איך, ניט נייטיק צו דערציילן וועגן די מערקווירדיקײַטן פון ענגלאנד, וועלכע מיר האָבן באזוכט. ענגלאנד, זאָגט מען, איז א קאָנסערוואטיוו לאנד. די דענקמעלער, קאָלערלייי שלעסער, פּאלאצן זײַנען פּארהיט און זעען אויס אזוי, ווי מע האָט זיי אויסגעבויט אפילע אין מיטלאלטער. וועגן אן אויסנאם איז קעדײַ צו זאָגן, דאָס איז סטרעטפּאָרד, שעקספּירס געבורט־שטעטל, וואָס איז פארוואנדלט אין א טוריסטישער מעקא. שעקספּיר איז נאָר א סיבע צוליב דעם, די טוריסטן זאָלן זיך פארווײַלן. עס האָבן זיך פארהיט (אָדער מע האָט אופגעשטעלט) דאָס הויז מיטן שטרויענעם דאך, ווּ דער גרויסער דראמאטורג איז געבוירן געוואָרן, עטלעכע אנדערע הײַזער, וועלכע זײַנען פארבונדן מיט אים, שוין אויסגעקרימטע. אַון ארום און ארום שטייען נײַע האָטעלן, קראָמען, ערטער פאר פארווײַלונגען, צוויי טעאטערס — איינער שפּילט בלויז שעקספּירס דראמען, דער צווייטער — פארשיידענע. מיר האָבן באזוכט דעם שעקספּירמוזיי, ווּ ס'איז, אגעוו, אָפּגעמערקט די פאָרשטעלונג פון „קיניג ליר" אין מאָסקווער יִידישן טעאטער מיט א פאָטאָ פון מיכאָעלסן אין דער ראָל פון לירן.

בירמינהעם, ווּ מיר האָבן געוווינט, איז א גאנץ גרויסע און אן אלטע שטאָט, אנטשטא־

נען נאָך אין אָנהייב פון אונדזער ערע. איצט מיט א באפעלקערונג העכער פון א מיליאָן, ייִדן — פיר־פינף טויזנט. מע קאָן ניט זאָגן, אז אין בירמינגהעם איז דאָס ייִדישע קולטור־לעבן זייער אקטיוו, עס איז קאָנצענטרירט ארום די זעקס סינאגאָגעס. אין שטאָט גייט ארויס א כוידעשלעכער אילוסטרירטער ייִדישער זשורנאל „רעקאָרדער", ריכטיקער — א זשורנאל פאר ייִדן, ווײַל ער איז אין ענגליש. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן דער דאָרטיקער ייִדישער שול, ס'איז א שול פאר ייִדישע קינדער, האגאם, ווי מע האָט אונדז געזאָגט, לערנען זיך דאָרט אויך אייניקע ענגלענדער, נעגערס, אינדיִאנער. די אונטערריכטונג ווערט געפירט אין ענגליש, בלויז דעם כומעש לערנט מען אין אָריגינאל.

עטלעכע מאָל האָט מען אונדז אײַנגעלאדן פּאָשעט אין הײַזער, ווו ס'פלעגן זיך צונויפּקלײַבן ניט ווייניק מענטשן. מיט גרויס אינטערעס האָט מען אויסגעהערט אונדזערע מיטיילונגען וועגן דער לאגע פון די ייִדן אין ראטנפארבאנד, וועגן דער אנטוויקלונג בא אונדז פון דער ייִדישער קולטור, וועגן די ייִדישע שריפטשטעלער, וועגן דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" און וועגן די צײַטונגען, וועלכע ס'לאָזן איצט ארויס די קלובן. די בײַוועזנדע האָבן זיך אינטערעסירט, וויִאזוי עס גייט די פּערעסטראָיקע און צי זי ווירקט אף דער לאגע פון די ייִדן, וועגן דער שאפונג פון די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, וועגן דעם ארויספאָר קיין ייִסראָעל, וועגן דער פארשפּרייטונג פונעם אנטיסעמיטיזם און נאָך און נאָך. עלטערע מענטשן פלעגן צוגיין און פארפירן א שמועס אף ייִדיש. איינמאָל האָב איך מײַן מיטיילונג געזאָגט אף ייִדיש, און איבערגעזעצט אין ענגליש פאר דעם עולם האָט דער היגער ראָוו.

קעדיי באקאַנען זיך מיט דער ייִדישער קולטור אין ענגלאנד, דארף מען זײַן אין לאָנדאָן. פון די מער פון פיר הונדערט טויזנט ייִדן, וואָס לעבן אין ענגלאנד, זײַנען בא דרײַ פערטל אײַנוווינער פון לאָנדאָן. פריִער, אינעם 19־טן יאָרהונדערט, פלעגן זיך ייִדן באזעצן אין דער מיזרעכדיקער פאָרשטאָט — איסט־ענד. אָבער בעהאדראָגעדיק האָבן א סאך פון זיי זיך איבערגעקליבן אין די צאָפנדיקע פאָרשטעט — סטאמפאָרד־היל און גאָלדערס־גרין, ווו ס'זײַנען ביז איצט קאָנצענטרירט די מערהײַט לאָנדאָנער ייִדן. מע רופט געוויינלעך אָט די ראיאָנען — ייִדישע קווארטאלן. דאָרט געפינט זיך די לאָנדאָנער קאָרשול, אויך קאָשערע קראָמען, דער ייִדישער מוזיי, א זייער אינטערעסאנטער, פול מיט קאָלערליי היסטאָרישע מאטעריאלן ניט נאָר וועגן דעם לעבן פון די ענגלישע ייִדן, ספאָרים אף העברעיִש און אף ייִדיש, עקזעמפּליארן פון דער צײַטונג „דאָס פוילישע ייִדל", וועלכע ס'האָט ארויסגעלאָזט מאָריס ווינטשעווסקי, ווען ער האָט געוווינט אין ענגלאנד, אנדערע צײַטונגען, וואָס פלעגן ארויסגיין פאר דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, פארשיידענע כפייצים, מאטעריאלן פון דער פּיללײַדנדיקער געשיכטע פון די ייִדן אין ענגלאנד, וויִאזוי זיי זײַנען געקומען אף דעם אינדזל נאָך אין אָנהייב פון אונדזער ערע, וויִאזוי מע האָט זיי ניט איין מאָל ארויסגעטריבן, בלויז אין דער מיט פונעם 17־טן יאָרהונדערט האָבן זיי באקומען א מעגלעכקײַט צו בלײַבן אף שטענדיק אין ענגלאנד.

איך דארף באמערקן, אז אויך איצט גיט וועגן זיך צו וויסן דער אנטיסעמיטיזם אין אָט דעם לאנד. לעמאָשל, אין איינעם פון די לעצטע נומערן פון דער צײַטונג „דזשוּיִש קראָניקל" („ייִדישע כראָניק", א וואָכן־צײַטונג אין ענגליש) איז אָפּגעדרוקט א מאטעריאל וועגן דער פארשוועכונג פון א לאָנדאָנער בעסאָלמען, א פאָטאָגראפיע פון צערוײַנירטע קוואָרים און אָנגעמאָלטע האקנקרייצן.

באזוכט האָבן מיר דעם קאָמיטעט, וועלכער רופט זיך „ייִדישע פרויען פון ענגלאנד — די סאָוועטישע ייִדן", און אויב קורץ — „קאָמיטעט פון פינף און דרײַסיק". ס'האָבן אים אָרגאניזירט מיט א יאָר פופצן צוריק פינף און דרײַסיק ייִדישע פרויען פון לאָנדאָן, קעדיי צו העלפן די אזויגערופענע „אָטקאזניקעס", דה. די, וועלכע מע האָט ניט געגעבן קיין דערלויבעניש ארויסצופאָרן קיין ייִסראָעל. אָבער פאר דער לעצטער צײַט, ווען עמיגרירן איז שוין ניט קיין פּראָבלעם, פארנעמט זיך דער קאָמיטעט מיט קולטור־אויפקלערערישער טעטיקײַט, העלפט ארויסלאָזן ביכער וועגן דער ייִדישער געשיכטע און ייִדישער קולטור, פּאָפּולערע אילוסטרירטע אויסגאבעס וועגן ייִדישע יאָמטויווים. מיט דער אונטערשטיצונג פונעם קאָמיטעט איז איבערגעדרוקט אין לאָנדאָן אונדזער איווריט־רוסישער ווערטערבוך.

פארשטייט זיך, מיר האָבן זיך אינטערעסירט מיט דער לאגע אין ענגלאנד פון דער ייִדישער ליטעראטור און שפּראך. אויסערלעך האָט זיך געדאכט, אז די ייִדן זײַנען דאָרט שוין פולקום אסימילירט, קיין צײַטונג אף ייִדיש גייט שוין לאנג ניט ארויס, שוין אָפּגערעדט פון ביכער. דעריבער זײַנען מיר געווען א ביסל איבעראשט, ווען מע האָט אונדז אײַנגעלאדן אף דער פאָרשטעלונג, אָדער, ווי מע האָט פּראָקלאמירט, אף דער פּרעזענטאציע פונעם ערשטן נומער פון דעם זשורנאל „אָקספאָרדער

ייִדיש". די פּרעזענטאציע איז פאָרגעקומען אינעם צענטראלן הויז פון דער ענגלישער פּרעסע און האָט צונויפגעקליבן א היפּשן אוילעם, וואָס האָט גערעדט ייִדיש.

עמעס, דאָס ארײַנפיר-וואָרט האָט געהאלטן אַף ענגליש א פאָרשטייער פונעם אָקספאָרדער אוניווערסיטעט. מיך האָט עס פון אָנהייב שאָקירט: סטײַטש, מע שטעלט פאָר א ייִדישע צײַטשריפט און מע רעדט אַף ענגליש, אָבער דערנאָך זײַנען ארויסגעטראָטן עטלעכע קולטור-טוער, וועלכע האָבן שוין באוויזן זיך באקאנען מיטן זשורנאל און האָבן גערעדט אַף מאמע-לאָשן.

איז וואָס פאר א זשורנאל האָט מען פאָרגעשטעלט? קעדיי צו ענטפערן אַף דער פראגע, דארף מען דערציילן וועגן דעם אָקספאָרדער אוניווערסיטעט, וועגן זײַן העברעיִש-צענטער און דער ייִדישער שטודיִע.

צוויי שאָ פאָרן אַף דער מאשין אַף א גלײַכער, ווי אומעטום, אווטאָסטראדע פון בירמינגהעם, און מיר זײַנען אין אָקספאָרד, אין דער שטאָט, וואָס איז באוווּסט מיטן עלטסטן ענגלישן אוניווערסיטעט (ער איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין סאָף פון דעם צוועלפטן יאָרהונדערט). צווישן די פערציק קאָלעדזשן (פאקולטעטן) איז דאָרט אויך פאראן א העברעיִשער צענטער, בא וועלכן מ'האָט מיט א יאָר פופצן צוריק געשאפן „ייִדישע שטודיִען", ווו מע לערנט און מע פאָרשט די ייִדישע שפּראך און ליטעראטור. בעראָש פון די ייִדישע שטודיִען שטייט דאָוויד קאץ, א מענטש זייער אן אקטיווער. ער איז דער מעכאבער פון עטלעכע לערנביכער פון ייִדיש (אָנגעשריבן אַף ענגליש) און פון א ריי וויסנשאפטלעכע ארטיקלען.

אין די לעצטע יאָרן קומען פאָר אין אָקספאָרד אזויגערופענע ווינטער-סימפּאָזיומס איבער ייִדישער שפּראך און ליטעראטור. יעדער סימפּאָזיום, אלס קלאל, איז געווידמעט א באזונדער פּראָבלעם. די טעמע פון איינער פון זיי איז „דיִאלעקטן פון דער ייִדישער שפּראך". די פאָרטראָגן זײַנען פּובליקירט אין א ספּעציעלער זאמלונג.

א ריי וויסנשאפטלעכע ארבעטן, וואָס זײַנען פארבונדן מיט אנדערע מאָסמיטלען פונעם אָקספאָרדער אוניווערסיטעט אין געביט פון ייִדיש, זײַנען אָפּגעדרוקט אין בראָשורן, ארויסגעגעבענע אין ענגליש. אָט זײַנען אייניקע פון זיי: „מאָריס ווינטשעווסקיס לאָנדאָנער ייִדישע צײַטונג" (וויליאם פישמאן), „אווראָם-נאָכעם שטענצל — דער פּאָעט פון ווײַטשעפּל" (ס. פּראווער), „ווילנע — יערושאָלאַיִם פון ליטע" (לייזער ראן). באזונדערס דארף מען אויסטיילן דעם רעפעראט פון שנייער לעווענבורג וועגן דער געשיכטע פון ייִדיש אין רוסלאנד, ער איז אָנגערופן „פונעם קייסער ביז גלאסנאָסט". א קורצער און אין אלגעמיין גענומען אָביעקטיווער איבערזיכט פונעם ליטעראַרישן ייִדיש אין רוסלאנד, אָנהייבנדיק פון דעם נײַנצנטן יאָרהונדערט ביז די הײַנטיקע צײַטן.

און אָט איז ארויס פון דרוק דער ערשטער נומער פון דער פארפלאנירטער יערלעכער צײַטשריפט אונטערן נאָמען „אָקספאָרדער ייִדיש". אייגנטלעך גערעדט, איז עס א גרויסער אינהאלטסרײַכער אלמאנאך. עס שטייט נאָך פאָר צו געבן וועגן אים א גענויעם אנאליז. דערווײַל וויל איך פּאָשעט באקאנען די לייענער מיט זײַן אינהאלט. ער עפנט זיך מיט אן ארטיקל פונעם רעדאקטאָר דאָוויד קאץ, וואָס איז דעמאָנסטראטיוו אָנגערופן „ייִדיש אין ייִדיש", ווײַל צום ערשטן מאָל נאָך דער צווייטער וועלט-מילכאָמע איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין ענגלאנד א זאמלונג ארטיקלען וועגן ייִדיש און אַף ייִדיש. אינעם נומער זײַנען ארײַן ארבעטן, וועלכע זײַנען געשריבן ניט נאָר אין אָקספאָרדער אוניווערסיטעט, נאָר אויך אין א ריי אנדערע אוניווערסיטעטן: „ייִדן אין פּוילישן פאָלקלאָר" (וולאדיסלאוו בארטאָשעווסקי, אָקספאָרד), „מענדעלעס סינטאקסיס אין „פישקע דעם קרומען" (לעווי גלינערט, לאָנדאָן), „די אנטשטייִונג פון אשקענאזי און ייִדיש" (שמואל הילײ, לאָנדאָן), „אווראָם סוצקעווערס אָדע צו דער טויב" (ה. וואלענסיִא, שטירלינג), „די אלטע ייִדישע לעקסיקאָגראפיִע" (דאָוויד קאץ), „ייִדישע ליטעראטור וועגן דעם כמעלניצקער פּאָגראָם" (כאַנע שמערוק), „דער אָנהייב פונעם מאָדערנעם ליטעראַרישן ייִדיש, 1771—1798" (דאָוו-בער קערלער, אָקספאָרד), ס'זײַנען פארעפנטלעכט זיבן בריוו פון שאָלעם אש און אנדערע מאטעריאלן.

דער אָקספאָרדער אוניווערסיטעט פירט א גרויסע ארבעט צו פּאָפּולאריזירן ייִדיש. האָיאָר זײַנען שוין צום נײַנטן מאָל דורכגעגאנגען זומערדיקע קורסן פאר אָנפאנגער פון ייִדיש, וועלכע האָבן זיך פארינטערעסירט מיט דער שפּראך, וואָס איז פריִער, בא זייערע אָוועס, געווען דאָס מאמע-לאָשן. זיי לערנען זיך אין אָקספאָרד בא א כוידעש צײַט און, ווי איך קען באשטעטיקן, זײַנען שטארק צופרידן פונעם לערנען.

...מיטן באזוך קיין אָקספאָרד האָט זיך פארענדיקט אונדזער באקאנטשאפט מיט ענגלאנד, מיט דעם דאָרטיקן ייִדישן קולטור-לעבן. מיר האָפן, אז די אײַנגעשטעלטע באציִונגען מיט די דאָרטיקע קולטור-צענטערס וועלן ווערן באשטענדיקע, און דאָס וועט ברענגען נוצן אונדזער אלגעמיינער קולטור, אין וועלכן לאנד זי זאָל זיך ניט אנטוויקלען.

## צו אונדזער

# דאָס לעבן און שאַפונג
# פון די ייִדישע סאָוועטישע שרייבשטעלער-קאָרבאָנעס פונעם סטאַלין-טעראָר

## מיכל לעוויטאַן

(1937 — 1882)



פון צווייטן יאָר נאָך דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע איז אין קיִעוו דערשינען אין ייִדיש א בוך „אריפמעטישע אופגאבן פארן צווייטן און דריטן לערניאָר". אין א יאָר ארום איז ער ארויסגעלאָזט געוואָרן אין פעטראָגראַד. דאָס איז געווען איינער פון די ערשטע, אויב ניט דער ערשטער, לערנבוך פאר דער ייִדישער שול, וועלכע האָט אָנגעהויבן זיך אָרגאַניזירן אין דער יונגער סאָוועטישער מעלוכע באַנאַנד מיט דער צעצווייַגטער שול-נעץ אף אנדערע נאַציאָנאַלע שפראַכן. עמעס, נאָך אין 1914 איז אין ווילנע ארויסגעגעבן געוואָרן „אריפמעטישע אופגאבן פארן ערשטן לערניאָר": ערשטער טייל — פאר טאלמידים, צווייטער טייל — פאר לערער, נאָר דער בוך איז געווען באַשטימט פאר א קאָנקרעטן לערן-אנשטאלט — פאר דער ייִדישער שול אין דער קיִעווער פאָרשטאָט דעמיִעווקע, וועלכע עס האָבן אין 1911 געגרינדעט פיר ענטוזיאַסטן: לייב בראָווארניק, באָרוך שווארצמאַן, שימען דאָבין און מיכל לעוויטאַן.

דער אווטאָר פון ביידע אופלאגעס פונעם אריפמעטישן לערנבוך פאר דער ייִדישער שול איז געווען איינער פון די דאָזיקע לערער — מיכל לעוויטאַן, נאָך אַן אומבאקאנטער נאָמען אין דער ייִדישער פעדאַגאָגיק.

קעדיי אָנשרייַבן אַן אריפמעטישן לערנבוך אין ייִדיש, וואָס איז צום ערשטן מאָל פראַקלאַמירט געוואָרן אין סאָוועטן-רוסלאנד אלס מעלוכע-שפראַך, האָט מען געדארפט זייַן ניט בלויז א קענער פון מאטעמאטיק, נאָר אויך פון ייִדיש, א נאָוואַטאָר אין געביט פון איבערזעצן די מאַטעמאטישע טערמינאָלאָגיע. מיכל לעוויטאַן האָט, אכוץ ייִדיש, פרייַ באהערשט העברעיִש, רוסיש און אוקראַיִניש, אויך פראנצויזיש, דייַטש, גריכיש און לאטייַן. און ווען אין 1934 ווערט אין קיִעוו צונויפגערופן אַן אַלפארבאנדישע ייִדישע שפראך-באראטונג, וועלכע באהאנדלט די סאמע קאָמפליצירטע פראגן פון שפראך-בויונג, איז מיכל לעוויטאַן, דער רעדאקטאָר פונעם זשורנאל „אפן שפראַכפראָנט" און פון א ריי אנדערע וויסנשאפטלעכע אויסגאבעס, געווען איינער פון די הויפּטפאָרטרעגער.

שווער איז געווען זייַן לעבנסוועג. געבוירן אין א מישפּאָכע פון ייִדישע קאָלאָניסטן אין דער קאָלאָניע נאַריאָזשנאיא, יעקאטערינאָסלאַווער גובערניע, וווּ עס זייַנען געווען עלף קינ-

דער — צווייַ זין און נייַן טעכטער, האָט ער צו בילדונג געמוזט זיך דערשלאָגן מיט די אייגענע קויכעס. נאָך דעם, ווי ער גיט אָפּ אין דער שטאָט בערדיאַנסק עקסטערן עקזאַמענעס אין דער רעאַל־שול, ווערט ער א לערער.

אין דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באַוועגונג באקומט ער א שעם פון א רעדנער און פּראָפּאגאנדיסט. דאָס איז, פארשטייט זיך, געווען א גרויסע מײַלע, אָבער ניט פאר דער צארישער מאכט. אין 1908, ווען ער קומט צוליב געזעלשאפטלעכע איניאָנים קיין וויטעבסק, ארעסטירט מען אים און מע שיקט אים ארויס קיין אויסלאנד. ער קומט קיין ווין און לעבט דאָרט ווי א פּאָליטישער עמיגראנט, ארבעטנדיק אלס שווארצארבעטער, בויער, איבערזעצער. אָבער אפילע אין אזעלכע שווערע באַדינגונגען לערנט ער זיך אפּן פילאָסאָפישן פאַקולטעט פון דעם ווינער אוניווערסיטעט, ניט פארלאָזנדיק, געווייַנלעך, די רעוואָליוציאָנערע ארבעט. ווידער דראָט אים אן ארעסט, און ער קערט זיך אום אומלעגאל קיין רוסלאנד, באַזעצט זיך אין דעמיעווקע און גיט זיך אָפּ דער פּעדאגאָגיק.

ווען די דעניקינצעס באדראָען קיעוו, גייט ער פרייַוויליק אוועק אין דער רויטער ארמיי, ארבעט אין דער רעדאקציע פון א פראָנט־צייַטונג. נאָך דער דעמאָביליזאציע ווערט ער אין מאָסקווע א מיטארבעטער אין פאָלקס־קאָמיסאריאט פאר בילדונג, אָרגאניזירט יידישע שולן, שליסט זיך אָן אין קינסטלערישן ראט באַם מאָסקווער יידישן מעלוכע־טעאטער. פון יון 1920 ביז אווגוסט 1921 איז ער א מיטגליד פון דער צענטראלער יידישער ביוראָ באַם צענטראל־קאָמיטעט פון דער רוסלענדישער קאָמוניסטישער פּארטיי (באָלשעוויקעס). שפּעטער איז ער טעטיק אין וויַסרוסלאנד און אוקראַינע. אין 1925 באשטימט מען אים פארן פארטרעטער פונעם פאָלקס־קאָמיסאר פאר בילדונג אין דער אוקראַינישער רעפּובליק. אונטער זייַן אָנפירונג האָט די צאָל שילער פון די יידישע שולן אין אוקראַינע אינעם לערניאָר 1925—1926 דערגרייכט 75 טויזנט.

אין 1924, זייַענדיק דער פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטאָר פונעם כוידעש־זשורנאל „אָף די וועגן צו דער נייַער שול”, שרייַבט ער אין זייַן ארטיקל „6 יאָר סאָוועטישע קולטור־ארבעט אין דער יידישער סוויווע”: „מע האָט געדארפט אָנהייבן אלצדינג קימאט פון אלעף (דער אלטער רעזשים האָט דאָך ניט איבערגעלאָזט קיין שום יערושע), אָן לערער, אָן ביכער, אין דער צייַט, ווען אונדז רינגלט ארום די רייַכע רוסישע קולטור. ס'האָט זיך געקאָנט דעריבער דוכטן, אז וואָס גיכער די יידישע מאסן וועלן אריבערגיין אף רוסיש, וועט אלץ זייַן געזינטער פאר זייער קולטורעלן וואקסן. אף שאפן אזעלכע שטימונגען בא די יידישע קולטור־טוער האָבן אויך געווירקט די פאָרורטיילן, וועלכע הערשן בא א טייל יידישע ארבעטער בענעגייע דער יידישער שפּראך, די פאָרורטיילן, וואָס ציען זייער יעניקע פון דער קליינבירגערלעכער יערושע און ברענגען אָפּטמאָל צום קוריאָזן „יידיש ניע זשעלאיעם” דאָרט, ווו יידיש איז דער איינציקער וועג צו קולטור...”

אין דער דאָזיקער אומגעבונג האָט לעוויטאן געהאלטן, אז מע דארף אויסבויען א גאנצע בילדונג־סיסטעם. דערמיט האָט ער זיך פארנומען אין מעשעך פון אָנדערהאלבן צענדליק יאָר. אויך דער דיאפּאזאָן פון זייַן ליטערארישער ארבעט איז געווען אויסערגעווייַנלעך ברייט. ער איז דער פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטאָר פון דער רעפּובליקאנישער טעגלעכער צייַטונג אין כארקאָוו „דער שטערן”, רעדאקטאָר פונעם ליטערארישן כוידעש־זשורנאל „די רויטע וועלט”, איינער פון די הויפּט־מיטארבעטער פונעם אינסטיטוט פאר יידישער קולטור בא דער אוקראַינישער וויסנשאפט־אקאדעמיע, רעדאגירט די „כרעסטאָמאטיע פון ליטעראטור און קריטיק”, וואָס עס האָבן צוזאמען מיט אים צונויפגעשטעלט נ. אויסלענדער, ד. וואָלקענשטיין, נ. לוריע, ע. פינינבערג. צוזאמען מיט ש. אגורסקין און מ. עריקן רעדאגירט ער די בענדער געקליבענע ווערק פון מאָריס ווינטשעווסקי, דאָוויד עדעלשטאט און יויסעף באָוושאָווער, דעם 5־טן באנד פון דער אכטבענדיקער אויסגאבע פון לענינס ווערק אין יידיש.

פארשטייט זיך, זייַענדיק טעטיק אין די 20־ער — 30־ער יאָרן, האָט מיכל לעוויטאן ניט געקאָנט אויסמייַדן די וווּלגאר־סאָציאָלאָגישע איינשטעלונגען, וועלכע האָבן געהערשט אין דער אלגעמיינער סאָוועטישער קולטור. באזונדערס איז דאָס צו זען פון זייַן פאָרטראָג אף דער בעראטונג בא דער הויפּט־ביוראָ פון די יידישע סעקציעס באַם צענטראל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי פון אוקראַינע דעם 24 מארט 1929 „דער אידעאָלאָגישער וועג פון אונדזער ליטעראטור”, ווו עס איז געגאנגען א רייד וועגן דעם „קלאסן־באשטאנד פון די יידישע שרייַבער”, וועגן דער „אידעאָלאָגישער פיזיאָנאָמיע פון דער יידישער ליטעראטור”, וועגן די „וואקלונגען און רעצידיוון פון דער קליינבירגערלעכער אידעאָלאָגיע” און אנד.

אין 1935 האָט מ. לעוויטאן צוזאמען מיט מ. ליטוואקאָוו, מ. אלטשולערן און אנדערע

אַנגעזעענע ליטעראַטור־קריטיקער און ליטע־ראַטור־פֿאָרשער געגרייט פֿאַרן אינסטיטוט פֿון דער ייִדישער קולטור בא דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע א זאַמלבוך „צוואַנציק יאָר פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור און די ייִדישע מאַסן", וועלכער האָט געזאָלט דערשײַנען צום יובילײַ פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. דער בוך איז אָבער ניט דערשינען. אין פֿאַרשײדענע אויסגאַבעס באַווײַזן זיך אָנפֿאַלן אויף לעוויטאַנען, אויך זײַן אַרבעט אויף צו בויען די נײַע ייִדישע שול ווערט באַצייכנט אַלס „נאַציאָנאַליזם" און „צוואַנג־ייִדישיזאַציע".

אין בירָאָבידזשאַן אַרעסטירט מען דעם געוועזענעם דירעקטאָר פֿונעם אינסטיטוט פֿאַר ייִדישער קולטור בא דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע יוסף ליבערבערגן, און די רײ דערגייט צו די אַנדערע אָנפֿירנדיקע מיטער פֿונעם אינסטיטוט, וועלכע אַרבעטן אין קיִעוו. לעוויטאַנען צוזאַמען מיט גערשן גאָ־ראַכאָוון, מאַקס עריקן און יוינע כינטשינען זאַרעסטירט מען.

וואָס פֿאַר א גורל מיכל לעוויטאַן האָט געהאַט ווײַטער, איז אומבאַוווּסט. ס'איז פֿאַראַן א ווערסיע, אַז ער איז געשטאָרבן פֿון שווינד־זוכט אין יאַנוואַר 1938. די ריכטיקע דאַטע פֿון זײַן אומקום אין די סטאַלינישע טפּיסעס ווייסט מען ניט ביז הײַנט.

•

דעם אַפּטייל פֿירט כאַיִם ביידער

---

די צײַטונג „סאָיוז" האָט אין איינעם פֿון אירע פּעוּוראַל־נומערן פֿאַרעפֿנטלעכט די אָנגאַבן פֿון דער לעצטער אַלפֿאַרבאַנדישער פֿאָלקסציילונג, וועלכע ווײַזן, וויפֿל אײַנוווינער פֿון די סאָוועטישע הויפּט־שטעט האָבן אָנגערופֿן אַלס מוטערשפּראַך דאָס לאָשן פֿון זײַער נאַציאָנאַליטעט. מיר ברענגען דאָ אַן אויסצוג פֿון אָט דער פּובליקאַציע (אין קלאַמערן איז אָנגעוויזן דער פּראָצענט פֿון די „מוטער־שפּראַכיקע" ייִדן צו דער אַלגעמיינער צאָל ייִדן אין דער שטאָט):

| | ייִדן | בארג־ייִדן | גרוזינישע ייִדן | מיטל־אזישע ייִדן |
|---|---|---|---|---|
| מאָסקווע | 9525 (5,5) | 628 (81,6) | 61 (70,1) | 29 (36,7) |
| קיִעוו | 4685 (4,7) | 3 (21,4) | — | 3 (7,1) |
| מינסק | 2130 (5,5) | 1 (5,6) | — | — |
| טאַשקענט | 8625 (20,0) | 41 (44,1) | 8 (44,4) | 4803 (57,7) |
| אַלמאַ־אַטאַ | 1436 (18,9) | 28 (77,8) | 47 (63,5) | 20 (22,7) |
| טביליסי | 878 (12,9) | 13 (36,1) | 6118 (92,1) | 3 (10,0) |
| באַקו | 6526 (32,4) | 368 (57,7) | 9 (50) | 17 (56,7) |
| ווילנע | 3400 (37,3) | 15 (46,9) | — | 8 (66,7) |
| קעשענעוו | 7901 (22,2) | 6 (15,4) | — | — |
| ריגע | 4261 (22,7) | — | — | — |
| בישקעק (פֿרונזע) | 764 (15,9) | 16 (55,2) | 1 (25,0) | 145 (46,8) |
| דושאַנבע | 1270 (16,1) | 17 (16,0) | — | 2663 (63,9) |
| יערעוואַן | 134 (24,4) | 2 (20,0) | — | 5 (38,5) |
| אַשכאַבאַד | 84 (9,8) | 2 (4,1) | 1 (11,1) | 6 (37,5) |
| טאַלין | 483 (13,3) | 2 (20,0) | 1 (33,3) | — |

**בנ. דאניִעל**

(1940 — 1901)

**נאָטל גרונוואַלד**

(1989 — 1916)

---

# איינער פון די גרונטלייגער



א קינד פון דער רעוואָליוציע — אין סאמע פּינקטלעכן זין פון וואָרט. א דווינסקער, ארויסגעשיקט צוזאמען מיט די עלטערן מילכאָמע־צײַט אוש אפן אוראל. אן ארבעט־ייִנגל, שפּעטער — א סטודענט פון א מאָסקווער הויכשול.

קליין אין וווּקס, נאָר ברייט אין די פּלייצעס. א קלוגער, מאסיווער שטערן. א שפּע געקרײַזלטע ליכטיקע האָר. ווען ער קערעוועט אויס צו אײַך דאָס פּאָנעם, גיבן א בליטשטשע פרישע, שמייכלענדיקע, בלויע אויגן מיט מאמזערישע פונקען און מיט עפּעס א וואָגל־שאָטנדל אינווייניק. דאָס מויל — זייער א פליישיקס, א ברייטס, א טײַוועדיקס, איינצײַטיק פול מיט סאַרקאזם. דאָס נעמט זיך עפּשער פון דעם שפּאָטישן געבוי פון די מאסיווע ליפּן און פונעם גאנצן מויל מיט אלע זײַנע כאראקטעריסטישע אומסימעטרישע שטריכן און פונעם אויפן זיך פארמאכן און דאָך בלײַבן עפּעס ווי פארמאבטאָפן.

דאָס מויל, דער שטערן און די אויגן זײַנען אפילע פונעם פּאָרטרעט־שטאנדפּונקט זייער באדײַטנדיק און פלאסטיש פאַר דעם כאראקטער פון אָט דעם טאלאנטפולן קינסטלער, וואָס זוכט איצט ערנסט מער אין פאָרם, נאָר שפּעטער וועט ער געוויס זוכן אין אינהאלט, און די פאָרם וועט שוין בעמיילע קומען. ער מיינט, אז ער זוכט נאָר פאָרם, נאָר מיר דאכט, אז ער זוכט דורך דער פאָרם נײַעם אינהאלט.

דאניִעל איז א נײַער שרײַבער, א נײַע גענעראציע. ניט פון דער קלאסיק גייט ער, נאָר פון די עקספּערימענטאלע ליטעראַרישע שאטירונגען. און ער האָט עמעסן רעוואָליוציאָנערן שטאָף. ער איז א שטיק רעוואָליר־

ציע, דורכגעבראָכן דורך א פּריזמע פון נאָ־וואַטאָרישקייט און אינערלעכער נייגונג צו עקספּערימענט.

ער פאַרמאָגט וויץ, אנעקדאָט, זײַן הומאָר שטאַמט פונעם אנעקדאָט. ער איז אינטעלעקטועל און פּאָעטיש. ער האָט אַרײַנגעבראַכט נײַעם שטאָף אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ער איז א גרונטלייגער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, איינער פון אירע בעסטע, אָריגינעלע שפּעער. ער איז א ראַשיקער, ער צעוואַרפט זיך איבער גרויסע שטעכן, ער באַרירט פאַרשיידענע פּראָבלעמען. ער נעמט זיי שטענדיק אַרטיסטיש, דאָס הייסט עקספּערימענטאַל און נאָוואַטאָריש. אין דער קלאַסישער פאָרם, אין דער טראַדיציע, אינעם אָנגענומענעם נוסעך — האָבן זיי פאַר אים קיין שום אינטערעס ניט. זײַן קינסטלערישע פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך דעמלט, זײַן שעפערישער אינסטינקט ווערט דערפינדעריש, ווען ער קאָן עקספּערימענטירן מיט דער טעמע, מיט דער פּראָבלעם. אזוי, אין פּאַשטעס, אין א געוויינלעכער, אָנגענומענער פאָרם האָט זי פאַר אים קיין שום באַטרעף ניט. דאַניִעל האָט אַרײַנגעטראָגן דעם עקספּערימענט אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. עמעס, א געוויסע סטיכיישקײַט פון דער נאַטור שטערט אים אָפּטמאָל אויך. אָבער דערפאַר, וואָס קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען און ניט אָפּגעשאַצט פון אָנהייב אָן אָט דעם שטריך אין דאַניִעלס שאַפן, אין זײַן נאַטור, האָט ער זיך אליין ניט געקאָנט פאַרטיפן אין די ערשטע יאָרן. אין „אפן שוועל", אין „יוליס", אין די דראַמעס, אין די נײַע נאָוועלעס זעען מיר די פּרוכט פון זײַן שעפערישן וועג.

אין גאַנג פון אנאַלאָגיע דערמאָנט זיך גאָגאָלס אָנהייב — „אוונטן אין דיקאַנקע", דער ערשטער פּעטערבורגער פּעריאָד, „די נאָז", „פּאָרטרעט", „אַראַבעסקעס"...

די קריטיקער האָבן אָף קיין האָר ניט פאַרשטאַנען דאַניִעלס טאַלאַנט. זיי האָבן אָפּערירט מיט געלײַענע פון דער פּרעמד קליינלעכע בײַשפּילן, זיי האָבן אָפּערירט מיט פאַרגליווערטע קאַטעגאָריעס, אויסגעלייענט פון ביכלעך. קיין אייגענעם כוש האָבן זיי ניט אַרויסגעוויזן. בא זיי איז אויסגעקומען, אז דאַניִעל מאַכט נאָך, אז דאָס איז ניט אָרגאַניש פאַר אים. אין ס'איז אוועק א גאַנג. די דאָזיקע קלוגע און שאַרפזיניקע קריטיק האָט א גרויסן כיילעק אין דעם, וואָס דאַניִעל האָט זײַן נאָוואַטאָרישן, עקספּערימענטאַלן טאַלאַנט ניט אַנטוויקלט אין אזא קראַפט, ווי ער וואָלט געקאָנט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך די לאַגע עטוואָס געענדערט, נאָר אין אַלגעמיין איז די קריטיק געווען בלינד, זי האָט ניט פאַרשטאַנען דאַניִעלס אָנהייב, זײַן פרישן גאַנג. עמעס, דאַניִעל האָט נאָך דעמלט געבלאָנדזשעט, אָבער דער קערן איז שוין געווען.

וואָס שײַער דאַניִעלן אליין. כאָטש ער האָט דאָס אין זיך שטאַרק געפילט, דאָך האָט ער ביז א געוויסער צײַט זיך אף דעם איבעריקס ניט פאַרטראַכט. דאָ טרעט אַרויס די צווייטע אייגנשאַפט דאַניִעלס, וואָס געהערט אויך צו זײַן נאַטור. דאַניִעל איז ניט געווען קיין קאַנאַיִשע נאַטור, ער איז ניט געווען קיין פאַנאַטיקער, ער האָט זיך אָפּט באַפרידיקט מיט צופעליקע דערפאָלגן. ער גראָבט ניט ביזן גרונט. ער איז א נאָוואַטאָר און עקספּערימענטאַטאָר לויט זײַנע קינסטלערישע אייגנשאַפטן, נאָר ער האָט ניט אין זיך אָדער נאָך ניט באַוויזן צו אנטפּלעקן דעם פאַנאַטיזם און האַרציקע פאַרגלייבטקײַט אין זײַן עמעס, אין זײַן זאַך. ער טוט זי, ער טרעט פון איר ניט אָפּ — נאָר ער האָט זי ניט גענוג אַנטוויקלט, ניט אָנגעפילט מיט ערנסטן אינהאַלט. זײַן אינטעלעקטועלער וועזן איז פאַר די יאָרן ווייניק אויסגעוואַקסן. דאַניִעל איז געוואָרן רײַפער אין דער פאָרם, אין וואָרט. נאָר ווייניק איז אים צוגעקומען אינטעלעקטועלע רײַפקײַט, וויסן, קענטעניש. זײַנע פּראָבלעמען זײַנען צײַטנווײַז נאָך מאָגערע, שמאָלע, אויבנופיקע, כאָטש זיי זײַנען זיכער פּראָבלעמען, כאָטש ער בענקט בעפּיירעש נאָך פּראָבלעמען. דאָס הייסט, ווערליק דאַניִעל האָט א געבוירענעם כוש און אָרגאַנישן קינסטלערישן אינטערעס צו אידייען, פּראָבלעמען, האָט ער אין די פראַגן נאָך ניט גענוג אויפגעטאָן, ווייניק אינטעלעקטועל געאַרבעט איבער זיך. דער באַגאַזש זײַנער איז אָן אָן ערעך גרינגער פון זײַנע קינסטלערישע אָרגאַנישע מעגלעכקײַטן.

ווען דאַניִעל זאָל געווען דערפילן, אז זײַן טאַלאַנט פאָדערט מער הייצונג, מער ברענשטאָף (א גרויסע הרובע דאַרף א סאַך האָלץ, אניט וואַרעמט זי זיך ווייניק אָן), האָט ער געהאַט די גרעסטע מעגלעכקײַט מיט איין שפּרונג קומען צו דער בעסטער מײַסטערשאַפט.

מיר זעען דאָס אין אזא דעטאַל. זײַן דראַמאַטורגיע האָט א מער פאָלקסטימלעכן עלעמענט איידער די פּראָזע. דאַניִעלס פאָרמאַליסטישע נאָכווייענישן זײַנען אויך שטאַרקער אין דער דערציילונג, ווי אין דער דראַמאַטורגיע, אין די פּריִערדיקע דערצי־

לונגען — ווי אין די שפעטערדיקע — זיינען פאראן גוטע, פארטיפטע פאלקסטימלעכע שטריכן. דאניעל דערווייזט אין די נייע ווערק „יוליס", „גוטענבערג" און אין די קאפיטלעך פון זיין קינדער־בוך, אז ער קאן לייכט זיך באפרייען פון פארמאליסטישע גענג, בלייבנדיק אן עקספערימענטאטאר אין סיוזשעט, אין דער פאבולע, אין דער רעוואליוציאנערער פראבלעם. מע טאר ניט וועלן אפשערן זיינע „גאלדענע האר", דא איז זיין שימשון־קראפט. אן דעם וועט ער ווערן בלאס, גרוי, ניט אינטערעסאנט. דאניעלס דראמאטורגיע איז אן אנהייב פון דעם נייעם פארטיפטן וועג. דאניעל זוכט א קאנדענסירטע פארם פאר זיין אינהאלט. פונדאנען שטאמט אין א געוויסער מאס זיין עקספערימענטירן מיט דער פארם. זיין איבערגאנג צו דער דראמאטישער פארם איז אויך פארבונדן מיט דעם, וואס די דראמאטישע פארם איז די סאמע קאמפליצירטסטע פארם פון קינסטלערישן אינהאלט. און דא שלאגט ער זיך אן אף גרויסע שוועריקייטן, באזונדערס אין די ערשטע פיעסעס — „אין ברען", „שילער און ברויט". נאר מיט דער צייט דעראבערט ער דערפאלג — אין „זיאמקע קאפאטש", „דערפינדער און קאמעדיאנט" („גוטענבערג"). דאניעל ווערט איינער פון די בעסטע סאוועטישע דראמאטורגן.

...דער איינגעזעסענער שטעטל־שטייגער, וועלכן עס האט געגעבן די יידישע קלאסיק, איז אים ארגאניש פרעמד און אפילע דערווידער. ער איז א מין שטאטישער לומפן־אינטעליגענט מיט אן אונטערשלאק פון א לומפן־ארבעטער, א קינד פון דער רעוואליוציע, א מענטש, וואס האט ניט קיין ווארצל אינעם אלטן שטייגער, א מענטש, וואס די רעוואליוציע האט אים ארויסגעריסן מיט דער ערד פונעם היסטאריש־איינגעפונדעוועטן אלטן שטייגער און אריינגעווארפן אין געדראנג פון א נייער היסטארישער טקופע. דער ביאגראפישער מאמענט איז פאר דאניעלן געווארן א כאראקטעריסטישער נוסעך. די רעוואליוציע, אירע פסיכאלאגישע פראבלעמען, די קאליזיעס, וואס זי שאפט מיט דעם מענטשן, מיט געוויסע פסיכישע צושטאנדן — דאס אלץ לאזט אים ניט צורו. דערווייל שטייט ער נאך אף א האלבן וועג. ער נעמט אבער דאס לעבן אין גרויסע שטיקער, אין מאסיווע, צוזאמענגעבונדענע דערשיינונגען. פונדאנען שטייט בא אים אוף די פראגע פון נעמען שטאף פונעם לעבן אין איין צושטאנד און אומקערן אים צוריק אינעם לעבן אין אן אנדערן, העכערן צושטאנד, וואס עס איז שטענדיק געווען די הויפט־אופגאבע פון שרייבערישער קונסט און פון אלע קונסטן.

דאניעל פילט שטארקער, ווי פיל אנדערע גוטע קינסטלער פון אונדזער צייט, אז געוויסע פעלערן פון דער ליטעראטור שטאמען פון דעם, וואס די שרייבער נעמען רוישטאף און קערן צוריק אום רוישטאף. אפט אפילע נאך נידעריקער פון דער לעבנסשטופע, אין וועלכער דער שטאף איז געווען איינגעוואקסן. ווייל פיל שרייבער שטייען נידעריקער אפילע פונעם רויען מאטעריאל, פון דעם לעבן. דאניעלס קינסטלערישע לאבאראטאריע ארבעט שטענדיק איבער דעם רוישטאף, וואס דאס לעבן גיט אים. דאניעל שטרעבט אומעטום צו ברענגען זיין מאטעריאל אין א נייער ווירקלעכקייט, אין א העכערער פארם, דאס הייסט אין א פארם פון קונסט, וואס שטרעבט צו א סינטעז. פיל האבן דאס פארזען און געפאדערט פון אים נארישקייטן. אבער א רייט־פערד, א פרייז־פערד איז אן אומזין צו איינשפאנען אין א פעסל וואסער. דאניעל וואלט קיינמאל ניט געקאנט ווערן קיין פעסלשלעפער, א „צוגעקעמטער און צוגעשוירענער", אפילע ווען ער זאל געווען וועלן צוליב טאן אייניקע קריטיקער.

עס דערמאנט זיך דער טאג, ווען מיר האבן באקומען א יעדיע פון יאלטע, אז דעם 25־טן נאיאבער 1940 איז נאך א שווערער און לאנגער קרענק געשטארבן אונדזער באליבטער פריינט און כאווער, איינער פון די בעסטע יידישע סאוועטישע שרייבער — מ. דאניעל.

דאניעל איז געווען אין סאמע בלי פון זיין טאלאנט. ער איז פאר די לעצטע יארן געווארן באזונדערס רייף און ערנסט. זיין פרישע פאנטאזיע פון אן עכטן דראמאטורג און אייגנארטיקן נאוועליסט האט געשוועבט אינעם רזים פון גרויסע פארנעמען. ער האט זיך ארומגעטראגן מיט נייע פלענער, איז געשטאנען אין דער ערשטער ריי פון אונדזערע בעסטע שרייבער און דראמאטורגן. זיינע פיעסעס „יוליס", „זיאמקע קאפאטש", „גוטענבערג" און „מיימאן" האבן אים דערווארבן א שיינעם נאמען אויך אף דער אוקראינישער און רוסישער בינע.

דאניעל האט אנגעשריבן א סאך גוטע ווערק. איניינעם מיט דער גאנצער עלטערער פאלאנגע שרייבער איז ער געווען א גרונטלייגער פון דער יידישער סאוועטישער ליטעראטור און פון דער יידישער סאוועטישער דראמאטורגיע.

זיין אפשאצונג דארף ערשט קומען.

ד א וו י ד  וו א ל ק ע נ ש ט י י ן

מאָטל גרוּוּמאַן



# לירישע לידער

## דאָס צאַרטע גלעקל פון דײַן הארץ

מ׳האָט מיר אמאָל געזאָגט אַזוי:
אַז טיף אין הארץ בא יעדער פרוי
סײַ אינעם יונגן, סײַ אין אלטן
א גאָלדן גלעקל ליגט באהאלטן,
און ס׳איז פאראן א וואָרט, א רוף,
וואָס אָט דאָס גלעקעלע וועקט אוף,
און דעמלט שוין געהערט דיר אלץ
אפילע פון דער פרוי דאָס הארץ...

איך בין געווען אין הונדערט ערטער
און הונדערט אויסגעפּרוּווט כ׳האָב ווערטער...
געגלייבט, אַז כ׳האָב געפונען פאָרט
דאָס איינציקע געהיימע וואָרט.
נאָר אלעמאָל עס איז געשען —
דאָס וואָרט בלויז ענלעך איז געווען...

און איצטער —
דיך האָב איך באגעגנט,
און ווידער רו איך ניט קיין רעגע.
דאָס גוטע וואָרט איך וויל אנטדעקן,
וואָס אופוועקן עס זאָל דאָס גלעקל,
דאָס צאַרטע גלעקל פון דײַן הארץ...

* * *

אין הארבסט אפילע טרעפט אמאָל אַזוי,
באגעגנסט פלוצלינג אַזא גוטע פרוי —
איר שמייכל, אירע אויגן, אירע הענט,
דערציילן וועגן יוגנטלעכן ברען.
אַזא מין פרוי ניט וועלקט, נאָר שטענדיק בליט,
מיט עפּעס רופט זי מיך, מיט עפּעס ציט.
נאָר פלוצלינג לויפט ער צו, דער קאלטער ווינט,
דעם אלטן בוים א טרייסל טוט געשווינד,
און ס׳פאלן, פאלן, פאלן געלע בלעטער,
דערמאָנען וועגן הארבסט און וועגן עלטער...
נאָר סײַוויסײַ מיר גוט עס איז אַזוי —
ווײַל אף דער ערד איז נאָך פאראן די פרוי...

* * *

ווען איך וועל די גרויסע ערד פּאַרלאָזן
(און געשען עס וועט דאָך אומבאַדינגט),
וועלן זיך, ווי פריִער, שפּעטשען גראָזן,
און, ווי פריִער, בלאָזן וועט דער ווינט.

ווינטערצײַט עס וועלן שיטן שנייען,
און אין האַרבסט — די עפּל פאַלן שווער.
נאָר אַזוי, ווי איך, די וועלט פלעג זעען,
וועט געווים ניט זען זי קיינער מער...

* * *

ווען שטיל און רויִק איז דער טײַך,
פּונקט ווי אַ שפּיגל איז ער גלײַך.
און פונעם שפּיגל קוקט און העלט —
די זון, דער ברעג, די גאַנצע וועלט.
און ווען באַנאַכט עס שלאָפט דער טײַך,
מיט טויזנט שטערן איז ער רײַך.
און די לעוואָנע קומט צו אים,
אַ נאַקעטע אין טײַך זי שווימט...
נאָר ווען אַ שטיין דו וואַרפסט אַהער,
דער שפּיגל־טײַך ווערט באַלד צעשטערט.
ס'פאַרשווינדט דער הימל און דער וואַלד,
דער מוילעד זיך אין טהאָם באַהאַלט.
דו ווילסט, ס'זאָל אַלץ זיך קערן גלײַך?
איז וואַרף קיין שטיינער ניט אין טײַך.

* * *

מיר דוכט אַמאָל,
אַז פול מיט לעבן,
מיט וווּנדערלעכע סודעס רײַך —
די וואָלקנס, וואָס אין הימל שוועבן,
דער ווינט, דער אופגערעגטער טײַך...

די ווינטן זינגען —
ניט זיי בלאָזן...
און ווען אַ שטילקײַט הענגט אַרום —
איך הער, ווי ס'שעפּטשען זיך די גראָזן
און ווי דאָס האַרץ קלאַפּט בא דער בלום...

* * *

איך האָב געזען:
אַ בונטע קווייט
אין סאָד האָט אָף אַ קוסט געדרימלט.
און פּלוצלינג...
פליגעלעך צעשפּרייט,
האָט אופגעלעבט דאָס מידע בלימל...
ניין, ס'איז קיין נעס דאָ ניט געשען —
אַ באַבעלע איז דאָס געווען.

כאָשעווע רעדאַקציע! ס'האָט מיך פאַרינטערעסירט דער אַרטיקל פון וועסעוואָלאָד וויכנאַוויטשן „ווו געפינט זיך האַרקאַוויס וויכטיקסטע ווערק?" („סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 3, 1989). צי איז מעגלעך דערציילן גענויער וועגן דער שאַפונג און וועגן דעם לעבן פון ד"ר אַווראָם האַרקאַווי?

ארקאדי לינעץ (נאָוואָסיבירסק)

## וו. ל. וויכנאַוויטש, וו. וו. לעבעדיעוו

# אַווראָם יאַקאָוולעוויטש האַרקאַווי

דאָס לעבן און די שאַפונג פון א. האַרקאַווי געהערן דער מיזרעך־קענטעניש און דער ייִדישער קולטור פון רוסלאַנד. דער דאָזיקער געלערנטער האָט אין זיך אָרגאַניש פאַרייניקט טראַדיציאָנעלע ייִדישע קענטענישן מיט אַלזײַטיקע אייראָפּעיִשע, אומויסשעפּלעכע אַרבעטזאַמקייט מיט דער לײַדנשאַפט פון אַ פאָרשער. זײַענדיק אַ קאָנסעקווענטער פאַרטיידיקער פון די רעכט פון זײַן אונטערדריקט פאָלק אין צאַרישן רוסלאַנד, איז ער איינצײַטיק געווען אויך אַ רוסישער געלערנטער, וואָס האָט אַרײַנגעטראָגן אַ היפּשן צושטײַער אין דער פאָטערלענדישער אָריענטאַליסטיק. אין אַ גרויסער צאָל ווערק האָט ער באַרײַכערט די מיזרעך־קענטעניש מיט נײַע קוואַלן, וואָס זײַנען פריִער געווען ניט צוטריטלעך, ווי אויך מיט אָריגינעלע פאָרשונגען. ער האָט אַ סאַך אויפגעטאָן, כדי צו באַקאַנען די רוסישע געזעלשאַפטלעכקייט מיט דער געשיכטע און קולטור פון די ייִדן אין רוסלאַנד.

אַווראָם האַרקאַווי איז געבוירן געוואָרן דעם 15 נאָיאַבער 1839 אין דער אַלטער מיזרעך־ווײַסרוסישער שטאָט נאָוואָהרודאָק (מינסקער גובערניע), אין סאַמע צענטער פון דעם טכום־האַמושעוו. דאָקומענטן שטעלן פעסט, אַז אין דער דאָזיקער שטאָט האָט עקזיסטירט אַ ייִדישע געמיינדע נאָך אין אָנהייב XVI יה. האַרקאַוויס פאָטער איז געווען דער ראָוו יאַקאָוו האַרקאַווי. אַדאַנק אים, אַדאַנק דעם עלטערן ברודער גערשן און דעם זיידן פון דער מאַמעס צד נאָסן ווײַסברעם האָט דער קינפטיקער געלערנטער באַקומען אַ גרינטלעכע טראַדיציאָנעלע ייִדישע בילדונג. אין העסקעם מיטן טאַלמודישן טראַקטאַט „פּירקע אָוועס" האָט אַווראָם צו 5 יאָר אָנגעהויבן לערנען כומעש, צו 10 יאָר — מישנע און צו 15 — געמאָרע.

אַלץ, דוכט זיך, האָט פאָרויסגעזאָגט דעם יונגנמאַן די קאַריערע פון זײַן פאָטער. אין משך פון אַ שטיק צײַט האָט ער זיך געלערנט אין פאַרשיידענע יעשיוועס און אין 1858 אָנגעקומען אין דער ווילנער ראַבינער־שול, וווּ באַנאַנד מיט רעליגיעזע לימודים האָט מען אונטעריכטעט קעגנשטאַנדן פון אַלגעמיינער בילדונג אין פאַרנעם פון אַ גימנאַזיע־קורס.

אַדאַנק דער אויפלעבונג פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין רוסלאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָכן טויט פון ניקאָלײַ I, האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אינטערעס בײַ ייִדן צו די דאָזיקע שולן. צו דעם האָבן אויך געווירקט אייניקע ליבעראַלע מאָסמיטלען פון דער רעגירונג פון אַלעקסאַנדער II, וועלכער האָט, אַגעוו, פערזענלעך באַזוכט די ווילנער ראַבינער־שול אין 1858. די שילער פון די דאָזיקע שולן זײַנען באַפרײַט געוואָרן פון די רעקרוט־פּריזיוון און יענע, וואָס האָבן מיט דערפאָלג אויסגעהאַלטן די עקזאַמענעס פון לאַטײַן און פראַנצויזיש, האָבן געהאַט דאָס רעכט אָנצוקומען אין אוניווערסיטעט. האַרקאַווי האָט אויסגענוצט דאָס דאָזיקע רעכט און איז אין 1863 אָנגעקומען אויפן מיזרעך־פאַקולטעט פונעם סאַנקט־פּעטערבורגער אוניווערסיטעט.

די וויסנשאַפטלעכע אינטערעסן פון האַרקאַווין האָבן זיך אויסגעפורעמט אין אַ געוויסער מאָס אונטער דער ווירקונג פון די

אָנשײַונגען פונעם רוסישן היסטאָריקער קאראמזין וועגן דער נויטווענדיקײַט צו דערלערנען די מיזרעך־קוואלן, וואָס זײַנען שײַך דער אוראלטער געשיכטע פון רוסלאנד. עס האָבן זיך פארהיט ניט ווייניק אָנווײַזונגען בא פארצײַטיקע אראבישע און יידישע אווטאָרן וועגן סלאווישע און אנדערע פעלקער. אין זײַן מאגיסטער־דיסערטאציע «Сказание мусульманских писателей о славянах и русских» („לעגענדעס פון מוסולמענישע שרײַבער וועגן די סלאווון און רוסן") האָט הארקאווי געשטעלט פאר זיך דעם ציל צונויפזאמלען און פארעפנטלעכן די דאָזיקע ווערטפולע היסטאָרישע קוואלן. מיט א סאך צענדליקער יאָרן שפעטער האָט דער ראָש פון דער סאָוועטישער ריכטונג אין דער אראביסטיק, דער אקאדעמיקער אי. יו. קראטשקאָווסקי געשריבן וועגן אָט דער ארבעט: „אין א געוויסער מאָס האָט אין אונדזער געביט געעפנט אן עפּאָכע הארקאוויס מאגיסטער־דיסערטאציע, וואָס ער האָט פארטיידיקט אין 1868 און פארעפנטלעכט אין צוויי יאָר ארום".

דעם יונגן געלערנטן קאָמאנדירט דער פאקולטעט קיין אויסלאנד מיטן ציל אים צוגרייטן צו פראָפעסור. דער דאָזיקער דערפאָלג האָט באפליגלט הארקאווין — ער האָט דאָך פאר אים ניט באצאָלט מיט אויווער זײַן דעם גלויבן פון זײַנע אָוועס. אין בערלין דערלערנט דער קינפטיקער פראָפעסאָר עגיפטאָלאָגיע און אין פאריז — אסיראָלאָגיע. נאָכן אומקערן זיך קיין פעטערבורג האָט הארקאווי באקומען די קאטעדרע פונעם אוראלטן מיזרעך. א גלענצנדע אקאדעמישע קאריערע — פראָפעסאָר אין דעם ערשטן אוניווערסיטעט פון רוסלאנד — איז, דאכט זיך, פאר אים אָפן. נאָר... פלוצעם האָט אלץ געקראכט.

באם באשטעטיקן הארקאווין אויף דער שטעלע איז ער פארבאלאָטירט געוואָרן. איצט איז שוין שווער פעסטצושטעלן די סיבע פון אזא אומגערעכטן און אומדערווארטן באשלוס. גיכער פון אלץ איז א ייד געווען ניט אָנגענעם פאר דעם רעאקציאָנערן טייל פראָפעסאָרן פונעם אוניווערסיטעט. מע קאָן זיך פאָרשטעלן די איבערלעבונגען פון הארקאווין! דאָס לעבן פירט זיך אָבער אָפט אזוי, אז מע ווייסט ניט, ווו מע געפינט און ווו מע פארלירט. עס קאָן זײַן, אז בלויז דעם דאָזיקן קער אין זײַן גורל האָט ער צו פארדאנקען פאר זײַנע ווײַטערדיקע גרויסע דערגרייכונגען.

אין דער אימפעראטאָרישער עפנטלעכער ביבליאָטעק האָט זיך צו יענער צײַט געפאָדערט א הויכקוואליפיצירטער ספעציאליסט־סעמיטאָלאָג פאר דער וויסנשאפטלעכער באארבעטונג פון דער אומשאצבארער קסאוויאדן־זאמלונג פון א. ס. פירקאָוויטש, וואָס די ביבליאָטעק האָט פונקט דאן באקומען. דער צונויפשטעלער פון דער זאמלונג איז געווען א טוישעוו פון קרים, א סוחר פון דער ערשטער גילדיע, דער קאראימער אוורײַם סאמוילאָוויטש פירקאָוויטש — אן אויסנעמלעכע אייגנארטיקע פערזענלעכקײַט. באנוצנדיק זיך מיט דעם, וואָס אים האָט פראָטעזשירט אזא אלמעכטיקער מאכטהאָבער, ווי גראף מ. ס. וואָראָנצאָוו, א הויכגעבילדעטער מענטש, האָט פירקאָוויטש אין גאנג פון זײַנע דויערנדיקע, שווערע און, צומאָל, געפערלעכע רײַזעס צונויפגעזאמלט א קאָלאָסאלע צאָל (לויט די לעצטע ידיעס — 15 טויזנט) אוראלטע קסאוויאדן אויף העברעיש, אראביש, שאָמרוניש, קאראימיש און אנדערע מיזרעך־שפראכן. צווישן זיי — סייפער־טוירעס, ביבלישע קאָדעקסן, דאָגמאטישע, פילאָסאָפישע, געזעצגעבערישע, גראמאטישע, ליטעראַרישע, היסטאָרישע טעקסטן, דאָקומענטן וועגן דער געשיכטע פון די קאראימער אין רוסלאנד.

אייניקע קסאוויאדן זײַנען געשריבן פריער פארן IX יה. און צוואנציק פון זיי פריער פארן X יה. אן עכטער פערל אין דער קאָלעקציע איז געווען א קסאוויאד, וואָס איז געווען געשריבן אין 916 יאָר פון אונדזער ערע און אנטהאלט ביכער פון די נעוויִים ישעיע, ירמיאָו, יעכעזקל, ווי אויך ביכער פון די 12 „קליינע" נעוויִים. אין דעם דאָזיקן קאָדעקס איז געווען באנוצט די אזויגערופענע באבילער סיסטעם פון באצייכענען די וואָקאלן (ספעציעלע נעקודעס איבער די אויסיעס), שפעטער האָט די עפנטלעכע ביבליאָטעק אײַנגעשאפן פירקאָוויטשעס אוניקאלע זאמלונג פון שאָמרונישע קסאוויאדן, אָן וועלכע עס וואָלט אוממעגלעך געווען צו דערלערנען די געשיכטע, קולטור, דאָס רעליגיעזע לעבן, ווי אויך די ריטואלן פון דער דאָזיקער אינטערעסאנטער געמיינדע. נאָכדעם האָט די עפנטלעכע ביבליאָטעק דערוואָרבן פירקאָוויטשעס צווייטע זאמלונג, וועלכע האָט, לויט דער מיינונג פון ספעציאליסטן, באדײַטנד דערגאנצט די פריִקע. אין דער דאָזיקער זאמלונג זײַנען ברייט פארגעשטעלט אלע מינים פון דער מיטלאלטערלעכער יידישער ליטעראטור, צווישן זיי, כולל רעליגיעזער, א גרויסע צאָל פאָלעמישע און אפּאָלאָגעטישע פארפאסונגען, פּאָעטישע ווערק, ווי אויך ארבעטן, געווידמעטע דער מעדיצין,

אסטראָנאָמיע, זאָאָלאָגיע, האָמילעטיק, קאַבאָלע אא.

א באַזונדער אינטערעס שטעלן מיט זיך פאַר די היסטאָרישע טעקסטן, וואָס אנטהאַלטן אויסערסט ווערטפולע ידיעות וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן, כאַזאַרן, סלאַוון און אנדערע פעלקער פון מיזרח־אייראָפּע און פונעם נאָענטן מיזרח. צווישן זיי אַן עכטער אוניקום — א בעאַריכעסדיקע רעדאקציע פונעם כאַזאַרישן קייסער יוסף צו דעם ייִדישן הויכבאַאַמטן אין דער מוסולמענישער שפּאַניע — כאַסדאַי איבן שאַפּרוט.

אָט אַזוי איז האַרקאַווי לויט זײַן לעבנסגירל באַשערט געווען ביזן 1919 (דאָס יאָר פון זײַן טויט) צו זײַן דער הויפּט־פאָרשער פון די דאָזיקע אוצרות. די באַאַרבעטונג און פּובליקאַציע, דאָס אַרײַנפירן אין דער וויסנשאַפט פירקאָוויטשעס מאַטעריאַלן איז געוואָרן די וויכטיקסטע זאַך פון זײַן לעבן — האָגאָם ניט די איינציקע. אָפּיציעל איז ער געווען דער פאַרוואַלטער פונעם אָפּטייל פון ייִדישע ביכער און האָט אויך געזאָרגט פאַר דער דערגאַנצונג פונעם אַנטשפּרעכיקן פאָנד פון דער עפנטלעכער ביבליאָטעק. באַזיצנדיק א שאַרפן אַנאַליטישן אַרט דענקען, האָט האַרקאַווי אין זײַנע פאָרשונגען און פּובליקאַציעס זיך סוימעך געווען בלויז אויף יענע קוואַלן, וואָס ער אַליין האָט אויסגעפאָרשט.

זײַנע פילצאָליקע אַרטיקלען איבער פראַגן פון דער געשיכטע פון קאַראַימיזם, פון ייִדישע סעקטעס, איבער דער ווייניק אויסגעפאָרשטער געשיכטע פון דער עפּאָכע פון די גאָאָנים און פון דער שאַפונג פונעם טאַלמוד, ווי אויך וועגן דער רעטעניש־פולער ייִדישער געשיכטע פונעם פריִען מיטלאַלטער, האָבן זיך געדרוקט אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס אויף רוסיש, העברעיִש, דײַטשיש און אַנדערע אייראָפּעיִשע שפּראַכן. א באַזונדער אינטערעס האָבן זײַנע וויסנשאַפטלעכע קאָמענטאַרן צום V און VI באַנד פון דער רוסישער איבערזעצונג פון ג. גרעצעס „געשיכטע פון ייִדן“, וואָס שטעלן מיט זיך פאַר א ספּעציעלע פאָרשונג.

די דאָזיקע בענדער כאַפּן אַרום דעם פּעריאָד פונעם 500 ביזן 1200 יאָר פון אונדזער ערע. האַרקאַווי האָט צום ערשטן מאָל צוגעגרייט צו דער פּובליקאַציע און די אויסגאַבעס פון דער אימפּעראַטאָרישער עפנטלעכער ביבליאָטעק די פאַרפאַסונגען פון קאַראַימישע און ייִדישע מחברים פון דער גאָאָנים־עפּאָכע און פונעם מיטלאַלטער. אַדאַנק אים זײַנען די דאָזיקע קוואַלן געוואָרן צוטריטלעך פאַר די פאָרשער. אים געהערן וויכטיקע און אָריגינעלע אַרבעטן איבער דער געשיכטע פונעם קאַראַימיזם. צווישן זיי דאַרף אָפּגעמערקט ווערן דער אַרטיקל וועגן די קאַראַימער אין דער „ענציקלאָפּעדיע“ פון בראָקהאַוז — עפראָן, ווי אויך זײַנע „פאַרצייכענונגען וועגן דער געשיכטע פון די קאַראַימער“ און די „ידיעות פונעם קאַראַימער קירקיסאַני וועגן די ייִדישע סעקטעס“.

איינע פון די הויפּט־ריכטונגען אין די וויסנשאַפטלעכע אינטערעסן פון האַרקאַווין איז געווען די געשיכטע פון די ייִדן אין רוסלאַנד און אין פּוילן. נאָך אין 1865 האָט ער אָנגעשריבן אַן אַרבעט „וועגן דער שפּראַך פון די ייִדן, וואָס האָבן געלעבט אין דער אוראַלטער צײַט אין רוסלאַנד“, נאָכדעם א ריי אַרבעטן: „רוסלאַנד און דאָס רוסישע אין דער מיטלאַלטערלעכער ייִדישער ליטעראַטור“, „שפּורן פון דער באַקאַנטשאַפט מיט דער ייִדישער שפּראַך אין דער אוראַלטער רוסישער שריפטלעכקייט“, „לעגענדעס פון ייִדישע שרײַבער וועגן די כאַזאַרן“, „מיטיילונגען וועגן די כאַזאַרן“, די שוין איבערדערמאָנטע „לעגענדעס פון מוסולמענישע שרײַבער וועגן סלאַוון און רוסן“ און אַנד.

ס'איז א וווּנדער, וואָס ביז הײַנט באַניצן זיך גאָר ווייניק די היסטאָריקער פון דעם אוראַלטן רוסלאַנד מיט די אַרבעטן פון האַרקאַווין, וועלכע אַנטהאַלטן אויסערסט אינטערעסאַנטע גוויִעס־איידעס פון מיטצײַטלער. לעמאָשל, ראַבי עליעזער בען נאַטאַן, פון מאַינץ, וואָס האָט געלעבט אין XII יה., טיילט מיט וועגן דעם האַנדל מיט רוסיע: „די אוראַלטע מענטשן, רײַזנדיק קיין רוסיע, פלעגן צומאָל נעמען אויף באָרג די קליידער און סכוירעס, וואָס האָבן ניט קיין באַשטימטע פרײַז, קעדיי צו באַצאָלן פאַר זיי צו א געוויסער צײַט“. און אָט איז זײַן איידעסזאָגן וועגן דעם דערפאָלג פון דער פאַרשפּרייטונג פון דער קריסטלעכער רעליגיע אין רוסלאַנד מיט 100—150 יאָר נאָכן אָננעמען מיצאַד רוסלאַנד דאָס קריסטנטום — „אין רוסיע און אין גריכנלאַנד זײַנען די אײַנוווינער זייער צוגעבונדן צו זייער עמונע, ווײַל זיי מאָלן אויף די טויערן פון זייערע הײַזער און אויף די ווענט געמעלן פון זייערע געטער (איקאָנעס)“.

א שטאַרקן אינטערעס שטעלן מיט זיך פאַר האַרקאַוויס פאָרשונגען, וואָס באַווײַזן, אַז די שפּראַך פון די ייִדן, וועלכע האָבן באַשטענדיק געוווינט אין אוראַלטן רוסלאַנד, איז געווען די שפּראַך פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג — אַלט־רוסיש. האַרקאַווי האָט

בלויז אָנגעהויבן צו פאָרשן די ייִדישע קוואַלן
וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן אין אוראַלטן
רוסלאַנד. די דאָזיקע אַרבעטן דאַרפן אויס-
דע באַנייען און פאַרזעצן סײַ די העבראַיִסטן,
סײַ די ספּעציאַליסטן פון דער סלאַוויאַנישער
פילאָלאָגיע. אַלס נאָענטסטער קעגנשטאַנד
פֿ אָרעדער פאָרשונג קאָן ווערן די „פאַרצייכע-
נונג פון דעם ייִדישן קאָמענטאַר צום כומעש,
וואָס איז אָנגעשריבן אין 1094 יאָר אין רוס-
לאַנד". לויט האַרקאַוויס אָנווײַזונג געפינט
זיך דאָס דאָזיקע ווערק אין דער ביבליאָטעק
פונעם וואַטיקאַן. טעמאַטיש זײַנען פאַרבונדן
מיט אָט דער ריכטונג האַרקאַוויס אַרבעטן
איבער דער מיטלאַלטערלעכער געשיכטע פון
די ייִדן אין פוילן, ליטע, אוקראַיִנע און רוס-
לאַנד. אַרבעטנדיק איבער זיי, האָט ער אַנאַ-
ליזירט. א סאַך ווייניק צוטריטלעכע ייִדישע
און סלאַווישע קוואַלן. א גרויסע צאָל האַר-
קאַוויס אַרטיקלען אויף דער דאָזיקער טעמע
זײַנען געדרוקט געוואָרן אין די זשורנאַלן
„האַמעליץ" און „האַקאַרמעל", וועלכע זײַנען
אַרויסגעגאַנגען אויף העברעיִש. אויף רוסיש איז
דערשינען די „היסטאָרישע פאַרצייכענונג
פונעם סינאָד פון דרײַ לענדער". אין דער
אַרבעט איבער דער פאַרצייכענונג האָט האַר-
קאַווי אויסגעניצט א גרויסן קרײַז קוואַלן,
ייִדישע און פוילישע, פאַר הונדערט יאָר, אָנ-
הייבנדיק פון 1514 ביז 1614. די פאַרעפנט-
לעכטע פאַרצייכענונג האָט באַקומען א
ברייטן געזעלשאַפטלעכן אָפּרוף.

מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז האַרקאַווי
איז געווען אַן אייראָפּעיִש-געבילדעטער אָריִ-
ענטאַליסט, און ער האָט דערפאַלגרײַך גע-
אַרבעט אין געביט פון דער געשיכטע פונעם
אוראַלטן מיזרעך. דאָ דאַרפן דערמאָנט ווערן
די אַרבעטן וועגן דער היסטאָרישער באַדײַ-
טונג פון דעם אויפשריפט פונעם קייסער פון
מאָיעוו מעשי (IX יה. פאַר דער נײַער ערע)
און די דאָקטאָר-דיסערטאַציע „וועגן דעם
ערשטן וווינאָרט פון די סעמיטן, אינדאָ-
אייראָפּעיער און כאַמיטן". א וויכטיקע באַ-
דײַטונג האָט אויך דער צונויפגעשטעלטער
צוזאַמען מיטן דײַטשישן געלערנטן שטראַק
אין דער דײַטשישער שפּראַך „קאַטאַלאָג פון
די ייִדישע קסאַוויאַדן פון דער ביבל, וואָס
געפינען זיך אין דער אימפּעראַטאָרישער
עפנטלעכער ביבליאָטעק" (1875).

האַרקאַוויס טעטיקײַט אין דער ייִדישער
עפּיגראַפיע איז ענג פאַרבונדן מיט דער גע-
שיכטע פון פירקאָוויטשעס קרימער אַנטדע-
קונגען און שטעלט מיט זיך פאָר א דראַ-
מאַטישן עפּיזאָד אין דער רוסישער פּובלי-
ציסטיק. דער ערשטער, וואָס האָט ערנסט גע-
פאָרשט די עפּיגראַפישע אַנטדעקונגען פונעם
קאַראַימער קאָלעקציאָנער, איז געווען דער
באַוווּסטער מיזרעך-קענער ד. א. כוואָלסאָן.
אין זײַן בוך „18 מאַצייוועס פון קרים"
(1866) האָט ער אַן וואַקלעניש אָנערקענט
די עכטקײַט פון די טעקסטן אויף די מאַצייוועס
פונעם אוראַלטן בעסוילעם טשופּוט-קאַלע, פון
וועלכע די סאַמע פריסטע זײַנען דאַטירט מיט
אָנהייב פון אונדזער ערע. אין 1872 האָט
פירקאָוויטש אַרויסגעלאָזט בוך „אַונע זי-
קאַראָן" מיט טעקסטן פון אוראַלטע מאַציי-
וועאויפשריפטן אויף די קרימער בעסאָלמענס.
כוץ דעם, זײַנען אויף אייניקע קסאַוויאַדן, וואָס
פירקאָוויטש האָט דערואָבערט, פאַראַן צו-
שריפטן, וואָס האָבן אַנטהאַלטן יעדיִעס פון
א היסטאָרישן כאַראַקטער. דערבײַ האָבן די
דאָזיקע יעדיִעס אָפטמאָל באַשטעטיקט אָדער
אַפילע דערגאַנצט די אינפאָרמאַציע, וואָס עס
האָבן געגעבן די מאַצייווע-אויפשריפטן. אינ-
גאַנצן גענומען, האָבן די דאָזיקע קוואַלן
מיטגעטיילט איבעראַשנדיקע זאַכן. זיי האָבן
איידעס געזאָגט, אַז די קרימער קאַראַימער
זײַנען קלוימערשט שטאַמלינגען פון יענע
ייִדן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אויפן האַלב-
אינדזל שיר ניט אין דער צײַט פון די פּער-
סישע קייסאָרים קירעש און קאַמביזאַ, און
די שטאָט טשופּוט-קאַלע איז געווען א גע-
שאַנק פאַר זייער הילף די קייסאָרים אין זייער
קאַמף מיט די סקיפן. האַרקאַווי האָט אויף דעם
געענטפערט מיט א ברייטער מאָנאָגראַפיע
אין דער דײַטשישער שפּראַך „די אוראַלטע
ייִדישע דענקמעלער אין קרים, וועגן וועלכע
עס האָט מיטגעטיילט א. פירקאָוויטש". אין
דער דאָזיקער אַרבעט האָט זיך אַנטפּלעקט
האַרקאַוויס גלענצנדע וויסנשאַפטלעכע צו-
גרייטונג, טיפע באַהאַוונטקײַט אין דער גע-
שיכטע און געאָגראַפיע פון דעם אוראַלטן
און מיטלאַלטערלעכן מיזרעך, אין דער רו-
סישער און וועלט-געשיכטע. האַרקאַווי האָט
באַוויזן אויך טיפע יעדיִעס אין דער ייִדישער
עפּיגראַפיק און אין פאַרגלײַכיקער פילאָלאָ-
גיע.

ס'איז שווער איבערצורעכענען די צאָל
שפּראַכן פון די אָנגעווענדטע קוואַלן, דער-
בײַ איז דער סאַמע עלטסטער פון זיי אָנגע-
שריבן אין פלעקל-שריפט. אין רעזולטאַט פון
א גענויעם אַנאַליז מאַכט האַדקאַווי אַן אויס-
פיר, אַז פירקאָוויטש האָט באַוווּסטזיניק פאַל-
סיפיצירט די אויפשריפטן אויף די מאַצייוועס
און די צושריפטן צו די קסאַוויאַדן — די קאָ-
לאָפאָנען, וואָס זײַנען דאַטירט פריִער פונעם
XIII יה. אָבער די דאָזיקע אַרבעט האַרקאַ-
וויס איז ניט בלויז א געוויינלעך אַקאַדעמיש

ווערק, נאָר אַ לײַדנשאַפֿטלעכע פּובליציסטי־
שע אַרויסטרעטונג. ער באַשולדיקט פּירקאָ־
וויטש, וואָס איז צו יענער צײַט שוין געווען
טויט, אַז ער האָט עס געטאָן, האָבנדיק אין
זינען אַ העכסט אומגעוויסנהאַפֿטן ציל. דער
קאַראַימער טוער האָט, לויט האַרקאַוויס מיי־
נונג, געוואָלט געפֿינען „באַווײַזן" וועגן דעם,
אַז די אורעלטערן פֿון די רוסלענדישע קאַ־
ראַימער האָבן זיך באַזעצט אין קרים קלוי־
מערשט פֿאַרן אָנהייב פֿון דער נײַער ערע און
מאַכמעס דעם האָבן זיי, אין אונטערשייד צו
די ראַוויניסטן, ניט געקאָנט זײַן אין פּאַלעס־
טינע אין דער צײַט, ווען מע האָט דאָרט גע־
קרייציקט יעזוס קריסטוסן. אַזאַ מין אָפּגרע־
נעצונג פֿון די גלויבנס־ברידער האָט געזאָלט
ברענגען צו דעם, אַז די קאַראַימער זאָלן אין
רוסלאַנד באַקומען פֿולע בירגער־רעכט, וועל־
כע די גרונטיקע ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט
ניט געהאַט, ווײַל זיי זײַנען קלומערשט
שולדיק אין דער קרייציקונג פֿון יעזוס קרי־
סטוסן.

האַרקאַווי איז אין זײַן מאָנאָגראַפֿיע
שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן אויסניצן די
וויסנשאַפֿט אין ניט־אָרנטלעכע פּאָליטישע
צילן. ער האָט געשריבן: „די גאַנצע געשיכטע
מיט די קרימער אַלטערטימלעכקײַטן ברענגט
אָפּסנײַ דער רעגירונג, ווען מען עס נאָרט אָפּ
די געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג און אַפֿילע די
וויסנשאַפֿט, אַן אָנזיכטיקן באַווײַז, ווי ניט
פּראַקטיש און געפֿערלעך עס איז פֿאַר אַ
פּאָליטישער מעלוכע אָפּצונעמען די פּאָליטי־
שע און בירגערלעכע רעכט בײַ די מיטגלי־
דער פֿון אַ וועלכער־ניט־איז רעליגיעזער
גרופּע, שאַפֿנדיק קינסטלעך קאַסטעס פֿון פּאַ־
ריער. די דעמאָראַליזאַציע, וואָס קומט נאַ־
טירלעך אַרויס פֿון אַזאַ אומנאַטירלעכער לאַ־
גע, באַגרענעצט זיך ניט בלויז מיט די מיט־
גלידער פֿון דער געגעבענער גרופּע, נאָר זי
פֿאַרכאַפּט אויך אַנדערע קלאַסן פֿון דער גע־
זעלשאַפֿט. פֿון דער צווייטער זײַט, קומט בײַ
אַנדערע אַן אַ ביישעק זיך אויסצוגעבן פֿאַר
אַזעלכע, וועלכע זיי זײַנען אינדערעמעסן ניט.
אין ביידע פֿאַלן ווערט די מעלוכע בייזווייליק
פֿאַרפֿירט אין אַ טאָעס, די געזעלשאַפֿטלעכע
מיינונג ווערט אָפּגענאַרט, און דער שעקער
ווערט פֿאַרשפּרייט". אַוודאי האָט דאָ האַר־
קאַווי זינען ד. א. כוואָלסאָנען, וועלכער
האָט אָנגענומען קריסטנטום, און דעם קאַ־
ראַימער פּירקאָוויטשן.

די דיסקוסיע, וואָס די מאָנאָגראַפֿיע האָט
אַרויסגערופֿן צווישן כוואָלסאָנען און האַר־
קאַווין, האָט געדויערט פֿיל יאָרן, און אין די
ברייטע וויסנשאַפֿטלעכע קרײַזן, ווי אויך אין
דער געזעלשאַפֿטלעכקײַט, האָט זיך געשאַפֿן
אַ מיינונג, אַז אַלץ, וואָס איז דורכגעגאַנגען
דורך פּירקאָוויטשעס הענט, איז „פֿאַרדעכ־
טיק" און דער קאָלעקציאָנער אַליין האָט
דעראָבערט אַ שעם פֿון אַ פֿאַלסיפֿיקאַטאָר.
פֿאַרזיכערנדיק עס, האָט האַרקאַווי פֿריער
אָפּגעמערקט די גרויסע פֿאַרדינסטן פֿון פּיר־
קאָוויטשן פֿאַר דער וויסנשאַפֿט. „ס'איז גענוג
זיך פֿאַרופֿן, — האָט ער געשריבן, — אויף זײַ־
נע אומדערמידלעכע זוכונגען און געפֿינסן
פֿון אוראַלטע ביבלישע מעגילעס אין קרים
און אין מיזרעך, די ערשטע פּובליקאַציעס
פֿון דער באַוווּסטער פּונקטואַציע־סיסטעם, דאָס
אָפּראַטעווען פֿיל שאָמרוינישע קסאָוויאַדן פֿון
אַן אומפֿאַרמײַדלעכער פֿאַרניכטונג, די פּו־
בליקאַציע פֿון די אוראַלטע ווערק פֿון קאַ־
ראַימישע שרײַבער אאַז"וו.". צום באַדויערן,
זײַנען אָט די ווערטער שוין לאַנג אין גרינט־
לעך פֿאַרגעסן געוואָרן.

האַרקאַוויס בירגערלעכע פּאָזיציע האָט
זיך בולעט אַרויסגעוויזן אין זײַן אַקטיוון אָנ־
טייל אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. אַ סך
יאָרן איז ער געווען אַ מיטגליד אין דער „גע־
זעלשאַפֿט פֿאַר פֿאַרשפּרייטן בילדונג צווישן
די ייִדן אין רוסלאַנד" (ОПЕ) ער האָט
וסטענקאָ 30 736
פֿיל מיטגעהאָלפֿן באַם גרינדן פֿאַרשיידענע
וווילטעטיקע געזעלשאַפֿטן, בפֿרט פֿאַר
העלפֿן ייִדישע לערער אין דעמיסיע און סטו־
דענטן. באַ זײַן אַקטיוון אָנטייל איז אָרגאַני־
זירט געוואָרן אַ פּראַקטיקע ייִדישע אַקאַדע־
מישע ביבליאָטעק. צום סאָף פֿון זײַן לעבן
האָט די ביבליאָטעק אָנגעציילט 50.000 בענ־
דער אויף 15 שפּראַכן איבער אַלע פֿראַגן פֿון
יודאַיִק און העבראַיִק. שפּעטער איז די דאָ־
זיקע ביבליאָטעק געווען באַרײַכערט מיט
האַרקאַוויס אייגענע ביכער־זאַמלונגען און
קסאָוויאַדן. דאָרט האָט זיך געפֿונען, לויט
אונדזערע ידיעס, דאָס ווערק פֿון האַרקאַ־
וויס גאַנץ לעבן. די דאָזיקע אַרבעט איז גע־
ווען אַ רעזולטאַט פֿון זײַן 40־יאָריקער אַר־
בעט אין דער אימפּעראַטאָרישער סאַנקט־
פּעטערבורגער ביבליאָטעק. דאָס ווערק אַנט־
האַלט אַ באַשרײַבונג פֿון פּירקאָוויטשעס און
אַנטאָנינס זאַמלונגען, וועלכע געפֿינען זיך
אין דער ביבליאָטעק, און אויסצוגן פֿון זיי.
לויט דער גוויִעס־איידעס פֿון האַרקאַוויס אַ
מיטאַרבעטער ד. ג. מאַגיד, שטעלט מיט זיך
פֿאַר די באַשרײַבונג אַ קסאָוויאַד פֿון אַן
ערך 300 דרוקבויגנס און באַשטייט פֿון די
אָפּטיילן:

— די געשיכטע פֿון די ייִדן אין אַלגע־
מיין

— די געשיכטע פֿון דער ייִדישער קולטור
— די געשיכטע פֿון דער ייִדישער געזעלשאפט
— די געשיכטע פֿון די קאַראַימער און די אינטערפּרעטאציע פֿון זייער לערע
— די געשיכטע פֿון דער ייִדישער פֿילאָסאָפֿיע
— ייִדישע פֿילאָלאָגיע
— מאטעמאטיק, פֿיזיק
— מעדיצין, אסטראָנאָמיע.[1]

צום באַדויערן, איז די דאָזיקע פֿונדאַמענטאַלע ארבעט ביז איצט נישט בלויז ניט פֿאַרעפֿנטלעכט, נאָר אפילע ניט געפֿונען געוואָרן. א לאַנגע צײַט האָט מען גערעכנט, אז זי איז שוין פֿאַרפֿאַלן אויף אייביק. צום גליק, איז פֿאַראַן אַן ערנסטער גרונט צו האָפֿן, אז זי האָט זיך פֿאַרהיט און גראָד אויף דער טעריטאָריע פֿון אונדזער לאַנד.[2]

די וויסנשאפֿטלעכע פֿאַרדינסטן און די טיפֿע אקאדעמישע קענטענישן האָבן געבראַכט האַרקאַווין אן אייראָפּעישע אנערקענונג. ער האָט זיך איבערגעשריבן מיט א גרויסער צאָל קאָרעספּאָנדענטן — ייִדישע געלערנטע, שרײַבער, פֿילאָסאָפֿן. די באַדײַטונג פֿון זײַן ארבעט איז געווען אזוי גרויס, אז ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט פֿאַרנומען דעם אמט פֿונעם געלערנטן סעקרעטאַר פֿון דער סאַנקט־פּעטערבורגער סינאַגאָגע, האָט מען אים איינצײַטיק צוגעטיילט דעם טיטל פֿון א דורעסדיקן אדלמאַן פֿון דער רוסישער אימפּעריע. ער איז געווען אַן אקטיווער מיטגליד אין פֿאַרשיידענע רוסישע און אייראָפּעישע געזעלשאַפֿטן: אין דער אימפּעראַטאָרישער רוסישער ארכעאָלאָגישער, אימפּעראַטאָרישער רוסישער געאָגראַפֿישער, מאָסקווער געזעלשאַפֿט פֿון נאַטורוויסנשאַפֿט־ליבהאָבער, ליבהאָבער פֿון אַנטראָפּאָלאָגיע און ארכעאָלאָגיע; פֿון דער פֿראַנצויזישער אזיאַטישער געזעלשאַפֿט און פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿאַר דערלערנען די ייִדן, ווי אויך פֿון דער דײַטשישער געזעלשאַפֿט פֿאַר מיזרעך־קענטעניש. די מאַדרידער וויסנשאַפֿט־אקאדעמיע האָט אים אויסגעוויילט פֿאַר א מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט. אַן איראָניע פֿונעם גורל איז דאָס, וואָס אים — דעם טרײַען טוער פֿון דער ייִדישער קולטור — האָט דער קיניג פֿון שפּאַניע אלפֿאָנס XIV באַלוינט מיטן אָרדען פֿון איזאַבעלאַ דער קאַטוילישער, גראָד פֿון יענער קיניגן איזאַבעלאַ, וועלכע האָט פֿאַרטריבן די ייִדן פֿון שפּאַניע.

די מעגלעכקײַט צו מאַכן אַן אוניווערסיטעטישע קאַריערע איז שפּעט געקומען האַרקאַווין. שוין נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. אין דער האַרבעסט צײַט פֿונעם בירגערקריג, אין האַרבסט 1918, האָט דער פּעטראָגראַדער אוניווערסיטעט אים פֿאָרגעלייגט צו פֿאַרנעמען א באַליביקע וואַקאַנטע קאַטעדרע. נאָר האַרקאַווי איז שוין געווען אַלט און שטאַרק קראַנק. זײַנע קויכעס זײַנען אויסגעלאָשן געוואָרן און ער איז געשטאָרבן דעם 15 מאַרט 1919 יאָר. זײַן קייווער קאָן מען זען נאָך הײַנט אויפֿן לענינגראַדער ייִדישן בעסאַלמען לעבן דער סינאַגאָגע. די ערשטע מאַצייווע פֿון 1919 איז אינגאַנצן כאָרעוו געוואָרן און מע האָט זי פֿאַרביטן מיט א באַשיידענער גראַניט־פּליטע. דער אָנדענק פֿונעם געלערנטן ווערט פֿאַרהיט ניט אין שטיין און אין בראָנזע, נאָר אין זײַנע ארבעטן.

[1] Д. Л. Магид. О посмертном сочинении Гаркави. Фонд в ЛО ИВАН СССР 123/5.
[2] זע דעם ארטיקל פֿון וו. ל. וויכנאַוויטש „וווּ געפֿינט זיך האַרקאַוויס וויכטיקסטע ווערק?" „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 3, 1989.

**בער־דאָוו גראַנאָווסקי,**
קאַנדידאַט פון קונסט־קענטעניש

# אפן קאָנצערט פון גיאָרע פיידמאַן

ניט לאַנג צוריק איז אין מאָסקווע דורכגעגאַנגען א פעסטיוואַל פון ייִדישע פילמען, אָרגאַניזירט דורך דער אַמעריקאַניש־סאָוועטישער קינאָ־איניציאַטיוו. באַזונדער וואַרעם האָבן די צושויער אופגענומען דעם פילם פונעם רעזשיסער מיקאַלאַ גאָלדמאַן „א נאַכט פון פרייד אין גאַניידן". אינעם דערשיינענעם צום פעסטיוואַל פראָספעקט איז געזאָגט געוואָרן, אַז „דער פילם איז אַן עכטע פייערונג פון די קלעזמאָרים, די ייִדישע פאָלקס־מוזיקאַנטן". קימאַט איינצייטיק מיטן פעסטיוואַל האָבן מאָסקווער אפישעס געגעבן צו וויסן וועגן נאָך איינער א געשעעניש אינעם קולטור־לעבן פון דער הויפּט־שטאָט. אין מוזיקאַלן אַקאַדעמישן טעאַטער אפן נאָמען פון ק. ס. סטאַניסלאַווסקי און וו. אי. נעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ איז פאָרגעקומען א קאָנצערט פון דעם „ערשטן וועלט־קלאַרנעט", דעם „קיניג פון די קלעזמאָרים" גיאָרע פיידמאַן (ייִשׂראל) מיטן אָנטייל פון די ייִשׂראלדיקע מוזיקאַנטן אדאם ראַגירס (גיטאַרע) און פעטער וויצנער (קאָנטראַבאַס).

און אָט זײַנען מיר אפן קאָנצערט פון גיאָרע פיידמאַן אינעם איבערגעפולטן זאַל פון א מאָסקווער טעאַטער. דער פאָרהאַנג איז אָפן, אנטקעגן דער בינע געפינט זיך א קליין פלעצל, צו וועלכן עס גייען פון דער זײַט פונעם זאַל עטלעכע טרעפּלעך. פון פאָיע הערט זיך א ניגון, מע שפּילט אפן קלאַרנעט. עס ווערט אויסגעלאָשן די שײַן, ס'עפנט זיך די טיר און אין זאַל גייט אַרײַן, פאַרזיצנדיק שפּילן, ניט קיין יונגער איידעלער, עלעגאַנט־געקליידטער מענטש. אין די הענט האַלט ער א קלאַרנעט פון א ניט־געוויינלעכער פאָרב, די אייבערשטע העלפט האָט אַן אויסזען פון א גרויסן שנאָבל, אָפּגעוואָרפן אַף צוריק. דאָס איז א זעלטענע פאָרם פון א קלאַרנעט: באַסעטגאָרן. ס'איז באַוווּסט, אַז מאָצאַרט האָט ליב געהאַט דעם קלאַנג פונעם באַסעטגאָרן און אויסגענוצט אים אין זײַן „רעקוויעם".

דין דערשפּירנדיק יעדן ניואַנס, אַקאָמפּאַנירן פיידמאַנען דער קאָנטראַבאַס און די גיטאַרע. נאָר לאָמיר איבערײַסן אף א ווײַלע די רייד וועגן דעם קאָנצערט און דערציילן א ביסל וועגן דעם אויספּילער. ביז זײַן אָנקום אין מאָסקווע האָבן מיר וועגן אים געוווּסט בלויז לויט די מאַגנעטאָפאָן־טאַשמעס און פּלאַטן.

די עלטערן זײַנע האָבן געלעבט פריִער אין בעסאַראַביע, אין קעשענעוו. דערנאָך זײַנען זיי אַריבערגעפאָרן קיין אַרגענטינע, וווּ אין בוענאָס־אײַרעס אין 1935 איז געבוירן געוואָרן גיִאָרע. מיר ווייסן, אַז זײַנע עלטערן אין דרײַ דוירעס זײַנען געווען קלעזמאָרים. די זעלטענע מוזיקאַלע באַגאַבטקייט פונעם ייִנגל האָט זיך אַנטפּלעקט גאַנץ פרי, און מע קאָן זאָגן, אַז דער וועג פון א מוזיקאַנט איז געווען פאַר אים ווי אָנגעמאָסטן פון דער קינדהייט אָן. די מוזיקאַלע בילדונג איז דורכגעגאַן אין באַדינגונגען, ווען די קלעזמאָרים האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם לעבן פון דער ייִדישער קעהילע פון בוענאָס־אײַרעס, זייער ייִדישע מוזיק, צוזאַמען מיט דעם אַרגענטינער טאַנגאָ, האָט אָפט געקלונגען אין די ייִדישע הײמען. אין די פאָלקס־אָרקעסטערס פון די אַרגענטינער האָט סאָלירט דער באַליבטער בא זיי נאַציאָנאַלער אינסטרומענט — באַנדאָנעאָן, וועמענס קלאַנגען האָבן מיט עפּעס דערמאָנט די קלאַנגען פון א קלאַרנעט...

פּראָפעסיאָנעלע מוזיק־בילדונג האָט פיידמאַן באַקומען אין דער קאָנסערוואַטאָריע פון בוענאָס־אײַרעס. זײַענדיק נאָך א סטודענט, האָט ער שוין געאַרבעט אינעם אָרקעסטער פונעם באַרימטן אַרגענטינער אָפּערע־טעאַטער „קאָלאָן", אין זעלבן טעאַטער, וווּ עס האָט גאַסטראָלירט שאַליאַפּין, וווּ מע האָט גע־

פראַגמענט פון א גרעסער ווערק.



שפּילט די אָפּערעס פון מוסאָרגסקי, טשייַקאָווסקי, רובינשטיין, ווו מיט דער באַלעט־טרופּע פון דיאַגי־לעוון האָט געטאַנצט פּאַוולאָווא. פיידמאַן האָט געענ־דיקט די קאָנסערוואַטאָריע אין 1957 און איז אַרי־בערגעפאָרן ווווינען אין ייִשׂראָעל. אין משך פון 18 יאָר איז ער געווען דער לייטער און הויפּט־דיריזשאָר פונעם ייִשׂראָעלדיקן פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער, וועלכער האָט דערגרייכט א שם איבער דער גאַנ־צער וועלט, שפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אין דער פאַרשפּרייטונג פון דער ייִדישער פאָלקס־קונסט.

מיר וועלן אויסטיילן פון פיידמאַנס פּראָגראַם די אַלטערטימלעכע מעלאָדיעס (אין דער פּראָגראַם זייַ־נען זיי אָנגערופן אַלס ייִדישע פאָלקס־ניגונים): „דער הייליקער שאַבעס”, „א ניגון וועגן א בראָכע”, „א טפילע” און אַנדערע. פיידמאַן האָט אויסגעפּילט אויך אייגענע קאָמפּאָזיציעס, צווישן זיי — „אונדזער שטעטל ברענט”, „געטאָ”, „ביטאָכן”, „אני מאמין”. ס'האָבן דורכגעקלונגען ברייט־באַוווּסטע לידער — „א ייִדישע מאַמע”, „רייזעלע”, „בא מיר ביסטו שיין”, „מאַרגאַריטקעס”, די טענץ „פריילעכס”, „אַזוי טאַנצט מען אין אָדעס”. ס'האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמ־קייַט לידער, וועלכע זייַנען געקומען צו אונדז פון ייִשׂראָעל: „ירושלים של זהב”, „מע הערט נאָך”, „ער שאַפט א וועלט”.

די אימפּראָוויזאַציעס האָט פיידמאַן אויסגעפּילט סאָלאָ, אָפן קלאַרנעט, אָן א באַגלייטונג. די שאַרפע איבערגאַנג פונעם הויכן און נידעריקן רעגיסטער פון דעם קלאַרנעט, דער אומבייַט צווישן דעם שטאַרקן פאָרטע און דעם צאַרטן פּיאַנאָ, האָבן אַרויס־גערופן א געפיל פון א ווידוי־ווענדונג, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיט א געבעט וועגן פאַרגעבונג אָפן סאַמע הויכן ווילד־שטורמישן קלאַנג פונעם קלאַר־נעט. נאָכדעם איז געגאַנגען א לאַנגע פּאַוזע, אין זאַל האָט געהערשט א פולע שטילקייַט און ס'זייַנען ניט געווען קיין אַפּלאָדיסמענטן — דאָס איינציקע מאָל פאַרן גאַנצן קאָנצערט...

אין דער קאָנצערט־פּראָגראַם איז אַרייַן אויך מו־זיק פון אַנדערע פעלקער. נאָר לאָמיר אָפּמערקן בלויז יענע, אין וועלכער ס'האָבן כאָטש טיילווייַז געפונען אַן אָפּשפּיגלונג שטריכן פון דער ייִדישער מוזיק. מע וואָלט געקענט, אַשטייגער, דערציילן אין פאַרבינדונג דערמיט וועגן דער אינטאָנאַציע־סטרוק־טור פון דער מעלאָדיע פון די ייִדן, וועלכע האָבן געלעבט אין שפּאַניע — „איך האָב זיך פאַרליבט אין ווינט”, וועגן די טיפּישע אומזאַצן פון דער טייַמעני־שער ליד.

אין דער אויספּילונג פון פיידמאַנען קאָן מען די „רומענישע ראַפּסאָדיע” מיט פולער באַגרינדונג אָנ־רופן אויך „ייִדישע דוינע”. ווילנדיק צוציִען די אויפ־מערקזאַמקייַט צו דער אימפּראָוויזאַציע, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר דעם מיטעלן טייל פון דער „ראַפּסאָדיע”, האָט ער אויסגענוצט דעם „עפעקט פון אומדערוואַרטקייַט”. אין אָנהייב, אין ערשטן טייל, הערן מיר די אויספּילונג פון דעם טיף האַרציקן, ליי־רישן ניגון פון דער ליד „א דאַנק דעם לעבן”, אין סאָף פון וועלכער, אומדערוואַרט, אָן אָן איבערייַס, הערט אויף צו שפּילן די גיטאַרע און אויך דער קאָנ־טראַבאַס, און עס דערהערט זיך א הילכיקער, פאָר־סירטער קלאַנג, וואָס כאַזערט זיך גיך־גיך איבער, דער קלאַנג פון א שופר. אַזוי הייבט זיך אָן די אימפּראָוויזאַציע.

אינטערעסאַנט איז די לייזונג פון די צוויי פּלענער

אין דער אימפּראָוויזאַציע: פּאַמעלעכדיקע, פאַרכאַלעמטע, שווערע, ווי טריט, קלאַנגען פון דער רומענישער ליד און אָף דעם פאָן א פולע מיט עקספּרעסיע און ווייטיק ייִדישע ליד. ס׳וויינט און יאָמערט דער קלאַרנעט, און אָפן לעצטן, סאַמע העכסטן, פולן מיט גוווּרע קלאַנג, גייען אַרײַן אין דער ריי די גיטאַרע און דער קאָנטראַבאַס, און פּלוצעם האָט דער קלאַנג זיך אויסגעשעפּט, ניין, ער האָט זיך ניט אויסגעשעפּט. פּאַשעט, דאָס איז א צערטלעכע, קוים מע הערט זי פּיִאַניסימאָ, אָף וועלכער פיידמאַן הייבט אָן די ליד, וועלכע מיר האָבן געהערט אין אָנהייב „א דאַנק דעם לעבן”. דאָס לעבן גייט ווײַטער.

אין דער פּראָגראַם פון ביידע אָפּטיילונגען זײַנען פאַראַן טענץ פון דער ייִדישער כאַסענע. זיי גייען ניט נאָכאַנאַנד, און אויב מע וואָלט זיי צונויפגעזאַמלט אינאיינעם, וואָלט עס אויסגעזען, ווי א סיוויטע פון פאָלקסטענץ, אויסגעבויט לויטן פּרינציפּ פון א קאָנטראַסט: אָן אומעטיקער טאַנץ — א פריילעכער, און פאַרקערט. אין די טענץ האָט זיך באַזונדערס בולעט אַרויסגעוויזן, אָן שום שטערונג, פיידמאַנס טעכניק, די טראַדיציאָנעלע בא די קלעזמער־קלאַרנעטיסטן „אויסגענג”. גיִאָרע פיידמאַן שפּילט א „פריילעכס”, און דער קלאַרנעט שמייכלט, פרייט זיך, פאַרכלינעט זיך, גיט איבער פּינקטלעך, קימאַט בוכשטעבלעך, דאָס געלעכטער פון א גליקלעכן מענטשן. ער הערט אויף שפּילן, טרעט אָפּ פאַרן קאָנטראַבאַססאָלאָ, דערנאָך שפּילט די גיטאַרע, שליסט זיך אָן דער קלאַרנעט, און די קלעזמער, ווי אויסגעשעפּטע, אָנמעכטיק, פאַרענדיקן דעם טאַנץ. נאָך אים גייט אָן אַנדערער, ווי א פולער קאָנטראַסט צום ערשטן — אָן אומעטיקער כאַסענע־טאַנץ פון דער קאַלע. אין דעם אַרײַנפיר דערהערט זיך א לאַנגער „סאַמעטענער” קלאַנג פונעם קלאַרנעט, דערנאָך דער צווייטער, דער דריטער, און עס הייבט זיך אָן א פּליסיקער רויִקער טאַנץ, א געזעגענונגס־טאַנץ מיט די עלטערן, פרײַנט, א טאַנץ פון א קלאָרער, שטילער פרייד, פון א פאַרגעפּיל פון דעם גליק מיטן געליבטן. אין ערגעץ ניט האָט ניט געקלונגען אַזוי צערטלעך דער קלאַרנעט, ווי אין אָט דעם טאַנץ.

מיר קענען דאָ ברענגען שורעס פון שאָלעם־אַלייכעמס אויטאָביִאָגראַפיש ווערק „פונעם יאַריד”, ווו ער שרײַבט וועגן דעם, וויִאַזוי עס האָט געטאַנצט אָף א כאַסענע זײַן פעטער פּיניע דעם טאַנץ „אָף די לײַכטערס”, אָדער „אָפן שפּיגל”. ער שרײַבט: „...און אַזוי גרינג, אַזוי גראַציִעז, ווי דער גרעסטער פון די הײַנטיקע טענצער פון דער וועלט... און דעם פעטער פּיניעס קאָפּ איז פאַרוואָרפן אַרוף, די אויגן צו, אָפן פּאָנעם זעט מען היספּײַלעס מיט היסרוימעמעס, ווי בעשאַסן דאַווענען, און די קלעזמער שפּילן א ייִדישע זאַך, און דער אוילעם פּליעסקעט, און די ראָד ווערט אַלעמאָל גרעסער און גרעסער, און דער טענצער, אויסמײַדנדיק די לײַכטערס מיט די ברענענדיקע ליכט, גייט אַרײַן וואָס ווײַטער אין אַלץ מער היספּײַלעס און אין אַלץ מער היסרוימעמעס־האַנעפּעש...”

באַזונדער דאַרף מען זאָגן וועגן דעם ענד־טייל פונעם קאָנצערט. ווען די פּראָגראַם איז שוין געווען אויסגעשעפּט, האָט פיידמאַן אויסגעשפּילט א ניטגרויסן טייל פון א ליד, פון וועלכער ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע אָפּטיילונג. ער האָט עס איבערגעכאַזערט עטלעכע מאָל און זיך געווענדט צום פּובליקום מיט א ביטע צעטיילן זיך אָף צוויי כאָרן, באַזונדער מאַנצבלען און פרויען, און אָפן טראַף „טאַ” זינגען אינאיינעם מיט אים, ווען ער וועט אויסשפּילן דעם ניגן. און דער זאַל האָט אָנגעהויבן אונטערזינגען, פון אָנהייב שרעקעוודיק, דערנאָך געוואַגטער און סאָפּקאָלסאָף האָט ער געזונגען, ווי א שטרענג צונויפגעזאַמלטער כאָר. ווען ס׳האָט זיך געענדיקט דאָס געזאַנג, האָט פיידמאַן געזאָגט: „איר זינגט זייער שיין, באַזונדערס די פרויען, זיי זינגען, ווי מאַלאָכים, דאָס פּרעכטיקסטע, וואָס בא אונדז איז פאַראַן, איז די מעגלעכקײַט אויסצודריקן זיך אין א ליד”. דער זאַל, דאָס פּובליקום האָט אָפּגעענטפערט אָף די ווערטער שטייענדיק און מיט הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן.

ער האָט אויסגעשפּילט דעם ניגן פון דער באַוווסטער ליד „יאָשקע פאָרט אוועק”. נאָר די צוהערער האָבן ווידער מיט אויסרופן „בראַוואָ”, „ביס” געפאָדערט פאָרצוזעצן. דער קאָנצערט איז געגאַנגען צו ענדע, די קלעזמאָרים זײַנען אוועק, די בינע איז געוואָרן ליידיק, נאָר דער זאַל האָט פרײַנטלעך סקאַנדירט די אַפּלאָדיסמענטן. נאָכאַמאָל איז אַרויס פיידמאַן, פון פאַרשיידענע עקן פונעם זאַל האָט מען אָנגעהויבן שרײַען, אָנרופנדיק די נעמען פון לידער, וועלכע מע האָט געבעטן שפּילן צום געזעגענונג. דער קלעזמער האָט א ביסל צוגעוואַרט, ביזוואַנען דאָס פּובליקום האָט זיך באַרויִקט. זײַן פּאָנעם, וואָס איז נאַרוואָס געווען פריילעך, איז איצט געוואָרן ערנסט און פאַרטיפט. און אין דער פולער שטילקײַט פונעם זאַל האָט ער אויסגעשפּילט א ליד וועגן יענער, וועלכער מיר זײַנען שולדיק אונדזער גאַנץ לעבן מיט אַלץ — וועגן דער מאַמען, די ליד „די ייִדישע מאַמע”.

דער קאָנצערט איז געוואָרן א געדענק־דאַטע אין מוזיקאַלישן לעבן פון מאָסקווע. נאָכן קאָנצערט האָבן זיך באַוויזן אָפּרופן אין די צײַטונגען, אַזעלכע ווי „דער קלאַרנעט פון פיידמאַנען — ניט פּאַשעט ער זינגט, נאָר ער וויינט און לאַכט, און די צוהערער וויינען און לאַכן אינאיינעם מיט אים”, אָדער „אין דער שפּיל פונעם אויסגעצייכנטן מוזיקאַנט איז פאַראַן א ייִדישער טאַם”. נאָר בעסער פון אַלץ האָט געזאָגט פיידמאַן זעלבסט וועגן זיך: „איך שפּיל ניט אָפן קלאַרנעט, נאָר דורך אים רעד איך אַרויס די ניגונים, וועלכע זאָגן דעם עמעס”.

# דאָס איז פאר קיינעם ניט קיין סאָד

צו די אויסלענדישע זעקס צענדליק ביכער וועגן ראול וואלענבערגן און צום האָליוואודער פילם מיט ריטשארד טשעמבערלענען אין דער הויפט־ראָל קאָנען מיר איצט צוגעבן א דאָקומענטאַלן פילם — „ראול וואלענבערגס שליכעס״. אין צענטראלן הויז פון קינעמאטאָגראפיסטן איז צום ערשטן מאָל באוויזן געוואָרן די דאָזיקע נײַע סטענגע, וועלכע עס האָט פילמירט די פארייניקונג „דאָנערשטיק״ פון דער קינאָ־סטודיע „קיִעוונאוטשפילם״ מיט דער שטיצע מיצאד דער טעלעוויזיע פון שוועדן און דער דײַטשישער פירמע „אינאָווא״.

די אמערסטן טיפע און אײַנדרוקפולע אָפשאצונג פינעם פילם האָט געגעבן סאָנע סאָנענפעלד, וועלכע איז געקומען פון שטאָקהאָלם און איז א באהאוונטע פאָרשערן פונעם גוירל פון איר באוווסטן מיטבירגער, דעם פארפאלן געוואָרענעם אין „גולאג״־טהאָם: „ס'איז א סענסאציע, וואָס א פילם וועגן וואלענבערגן האָט מען געמאכט אין פססר — קיינער פון אונדז האָט ניט געקאָנט וועגן דעם טרוימען, ווען מיר זײַנען פאראיאָרן געקומען קיין מאָסקווע...״

פון דער קיִעווער לענטע „שליכעס״ וועט זיך עפשער אָנהייבן דאָס אויסקויפן די שולד פונעם לאנד, וואָס האָט אומגעבראכט דעם מענטשן, וועלכן מע פארעכנט הײַנט צווישן די אויסשליסלעכע פערזענלעכקײַטן פונעם XX יאָרהונדערט. דער דאָקומענטאַלער פילם פונעם סצענאַריסט לעאָניד גורעוויטש און פון דעם רעזשיסער אלעקסאנדער ראָדניאנסקי וועט בעלי־סאָפעק העלפן צו באווײַזן די סאָוועטישע צושויער א מער פראָטימדיק בילד פון וואלענבערגן, וועגן וועלכן דאָסראָוו מענטשן האָבן בא אונדז אין בעסטן פאל נאָר געהערט ווי וועגן א שוועדישן דיפלאָמאט, וואָס האָט און 1944 געראטעוועט פיל ייִדן פון דער בודאפעשטער געטאָ, און ער איז אין 1955 פארפאלן געוואָרן אין לוביאנקא.

פאר די סאָוועטישע צושויער איז די אנטדעקונג פון וואלענבערגס פארדינסט באזונדערס גרויס, ווען זיי דערוויסן זיך, אז ער איז באלוינט געוואָרן מיטן טיטל ערן־בירגער פון די פארייניקטע שטאטן און פון א רײ אנדערע מעדינעס, ווײַל ער האָט געראטעוועט ניט עטלעכע צענדליק צי הונדערט פארורטיילטע אף טויט ייִדן, נאָר קאָרעוו הונדערט טויזנט!

דער מיטגליד פון דער צווישנפעלקערלעכער קאָמיסיע פאר אויספאָרשן וואלענבערגס גוירל וואדים בירשטיין טיילט מיט וועגן די ערשטע רעזולטאטן פון די ארכיוו־זוכונגען:

— אונדזער דערפארונג ווײַזט, אז די קאָנטאקטן מיט די סאָוועטישע אמט־ארכיוון האָבן ניט קיין פערספעקטיוו, אויב זיי האלטן זיך באם פרינציפ „איר פרעגט, און מיר וועלן אײַך ענטפערן״. אף פילצאָליקע אָנפראגעס האָט מען אונדז געענטפערט, אז קיין שום יעדיִעס וועגן וואלענבערגן זײַנען אין די ארכיוון פון קאגעבע און פון דעם אינערן־מיניסטעריִום ניטאָ. גאָר אן אנדער זאך איז, ווען עס ווערט דורכגעפירט א פאָרשערישע ארבעט דירעקט אין די ארכיוון. לעצטנס האָבן מיר לעסאָף באקומען אזא מעגלעכקײַט. עמעס, עס האָט געדויערט ניט לאנג, נאָר אפילע בלויז צוויי וואָכן פון אינטענסיווער ארבעט האָבן דערלויבט קומען צו געוויסע אויספירן.

מיר האָבן זיך איבערצײַגט, אז וואלענבערג און זײַן שאָפער ווילמאָש לאנגפעלדער (אײנער פון די געראטעוועטע ייִדן) זײַנען אין די יאָרן 1945—1947 ווירקלעך געזעסן אין דער אינערלעכער (לוביאנקער) און אין דער לעפאָרטאָווער טפיסעס און אז זייער געפענקעניש איז געווען אײַנגעהילט אין א געהיימער אטמאָספער. דאָס זײַנען די ערשטע רעאלע באווײַזן פון זייער זײַן אף דער טעריטאָריע פון פססר, אויב ניט רעכענען די קסעראָקאָפיעס פון ראולס טפיסע־קארטל און פונעם ראפאָרט וועגן זײַן טויט מיט א כסימע פונעם שעף פון דעם סאניטארן אָפטייל אין דער לוביאנקער טורמע (די אָריגינאלן פון די דאָקומענטן האָט קיינער פון די פאָרשער ניט געזען). מיר האָבן געפונען א באשטעטיקונג, אז אין דער נאכט פונעם 23 יול 1947 האָט מען וועגן זיי פארהערט די אסירים, וועלכע זײַנען געזעסן אין איין קאמער מיט זיי, און אז נאָך א רײ פארהערן זײַנען אף א געהיימגישפולן אויפן נעלעם געוואָרן ניט נאָר דער שוועדישער דיפלאָמאט און זײַן שאָפער, נאָר אויך אלע זייערע שכיינים.

מיר זײַנען זיכער, אז קיין סאָד פון ראול וואלענבערגן עקזיסטירט אינדערעמעסן ניט. און אויב אין די זוכונגען זײַנען, אויסער דער צווישנפעלקערלעכער קאָמיסיע, פארינטערעסירט אויך דער אינערן־מיניסטעריִום און קאגעבע, דארפן זיי זיך באגיין זייער פאָשעט: דערלויבן, מע זאָל ארבעטן מיט אלע ארכיוו־מאטעריאלן, וועלכע זײַנען דערצו נייטיק.

מ. גליעבאוו

# דער קױעך פון אַ ליד

מוישע עפּעלבאום (1894 — 1957) איז געווען אַן אויסגעצייכנטער אַקטיאָר, נאָך מער איז ער געווען באַוווּסט אַלס פּאָפּולערער יידישער זינגער. אין פאַר־לויף פון פיל יאָרן האָט זײַן נאָמען געהאַט אַ גרויסן שעם ניט נאָר בײַ אונדז אין לאַנד, נאָר אויך אין אויסלאַנד: אין פשא, פראַנקרײַך, אַרגענטינע... שווער איז געווען עמעצן צו פאַרגלײַכן צו אָט דעם אויס־פילער פון דער יידישער פאָלקסליד. יעדער ליד האָט ער מאַמעש אויסגעשפּילט, ער פלעגט זי פאַר־וואַנדלען אין אַ סצעניש ווערק.

שטענדיק, סײַ ביז דער מילכאָמע, סײַ נאָך איר, ווען איך בין בײַגעווען אויף עפּעלבאומס קאָנצערטן, פלעגט ער, באַנאַנד מיטן רײַכן רעפּערטואַר פון יידישע פאָלקסלידער, אויספילן אויך אַן אוקראַיִנישע ליד. און זינגען פלעגט ער זי מיט אַזאַ כיישעק, מיט אַזאַ היספּײַלעס און טיפער באַנעמונג פון דער נע־שאָמע־דערהויבנקײַט פון אָט דער אוקראַיִנישער מע־לאָדיע און פּאָעטיש וואָרט, אַז דאָס פלעגט אַלעמען רעגן.

„דיווליוס יאַ נאַ נעבאָ, סײַ דומקו האַדאַיו...״

ערשט אין פיל יאָרן אַרום האָב איך זיך דער־וווּסט וועגן דעם, וואָס האָט אים אַזוי צוגעבונדן צו אָט דער ליד. דאָס איז אַ געשיכטע, וואָס איז פאָרגעקומען בײַסן בירגערקריג אין מײַן היימשטאָט טשערקאַס.

אין איינעם אַ שיינעם טאָג, ווען אין שטאָט איז געווען פאַרהעלטניסמעסיק רויִק, איז אַהין אָראָפּגע־קומען אַ יידישע טעאַטער־טרופּע. געדונגען די גע־בײַדע פונעם אָרטיקן טעאַטער, אַרויסגעהאַנגען אַפי־שעס און גענומען זיך גרייטן שפּילן גאָלדפאַדענס „שולאַמיס״.

מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ בעהאָלע, אַ שיסערײַ און די שטאָט האָט זיך אַרויסגעוויזן אין די הענט פון עפּעס אַ פּעטליורישער באַנדע.

די מערהײַט יידן האָבן זיך אויסגעבאַהאַלטן. די געקומענע אַקטיאָרן — אויך. און נאָר דער שוין באַוווּסטער זינגער עפּעלבאום איז אַרײַנגעפאַלן צו די באַנדיטן אין די הענט. מיט אים האָט געהאַלטן שמאָל. די שיקערע מענוואָלים האָבן צוגענומען בײַ אים אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, גוט צעמאַזיקט, און לעסאָף געהייסן זיך שטעלן צו דער וואַנט.

איז עפּעלבאום געפאַלן אויפן סייכל.

— וואָרט אויס, — האָט ער זיך געווענדט צו זיי, — דערלויבט מיר, פאַר דעם ווי איר וועט מיך צעשיסן, זינגען אַ ליד, נאָר איין ליד, און טאַקע אײַערע, אַן אוקראַיִנישע.

— אַ כיטרער זשיד, — האָבן זיך צעלאַכט די באַנדיטן, — סײַווי־סײַ וועסטו זיך ניט אויסדרייען פון אונדזערע הענט.

עפּעלבאום האָט אָבער ניט געוואָרט אויף קיין דער־לויבעניש און, שטייענדיק בײַ דער וואַנט, אָנגעהויבן זינגען.

אַ שטים איז בײַ אים געווען אַ שטאַרקע, אַ דראַ־מאַטישער באַריטאָן, און די סיטואַציע איז אויך גע־ווען מער ווי אַ דראַמאַטישע, אַזוי אַז ער האָט גע־זונגען מיט האַרץ און נעשאָמע. און וואָס מער ער האָט געזונגען, זײַנען אַלץ מער ערנסטער געוואָרן די אויסוואָרפן. זיי האָבן אויפגעהערט רעגאָטשען, און ווען עפּעלבאום האָט פאַרענדיקט, האָט דער עלטסטער פון די באַנדיטן אַ זאָג געטאָן:

— צום אַטאַמאַן!

און מע האָט אַוועקגעפירט עפּעלבאומען צו דער געלער שול, וווּ עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דער אַטאַ־מאַן מיט זײַנע קוילער.

דערהערט, אַז מע האָט געבראַכט אַ זשיד — אַ זינגער, האָט דער אַטאַמאַן גלײַך באַפוילן אים זינ־גען. האָט עפּעלבאום ווידער גענומען זינגען אָט די אוקראַיִנישע ליד.

ווען ער האָט פאַרענדיקט זינגען, האָט דער אַטאַ־מאַן געהייסן אָנגיסן אים אַ גלאָז בראַנפן, און ווען עפּעלבאום האָט זי גלײַך אויסגעטרונקען און אַפילע ניט פאַרביסן, האָט דער באַנדיט זיך צעלאַכט און באַפוילן זײַן „סעקרעטאַר״ אָנשרײַבן דעם זינגער אַ צײַגעניש. דער אינהאַלט פון אָט דעם „היסטאָ־רישן״ דאָקומענט איז געווען אַ פאָלגנדיקער: „אָט דעם זשיד איז ניט קעדײַ האַרגענען, ער זינגט זייער גוט״.

אין איין אויגנבליק איז עפּעלבאום אַוועק פון די באַנדיטן און טײַקעף נעלעם געוואָרן.

אָט אַזוי איז די שיינע אוקראַיִנישע ליד געבליבן מיט עפּעלבאומען און אין אים אויפן גאַנצן לעבן.

מ ו י ש ע  ל א י ע ו ו

# פּובליציסטיק

## וועגן אלבערט איינשטיינס „סטאליניזם" און נאָך וועגן עפּעס

דער סאָוועטישער מאטעמאטיקער אי. ר. שאפארעוויטש האָט, שטיצנדיק זיך אף די לעקציעס, וואָס עס גיט אונדז די אנטוויקלונג פון דער פיזיק, פּראָקלאמירט א נײַע היסטאָרישע געזעצמעסיקײַט, וועלכע ווארפט א שײַן אפן גורל פון אונדזער לאנד. ער האָט אין דער אייראָפּעיִשער ליבעראלער אינטעליגענץ, וואָס גלייבט אינעם פּראָגרעס פון דער מענטשהײַט, געפונען איינעם פון די וויכטיקסטע שטיצפּונקטן פונעם סטאליניזם. מע קאָן שאפארעוויטשן פארשטיין אויך אזוי, אז דער סטאליניזם האָט געדינט אלס געווער פון דעם ליבעראליזם, ווײַל זיי האָבן געהאט אן אלגעמיינעם — „טעכנאָצענטריסטישן" — ציל: „פארוואנדלען די נאטור און די געזעלשאפט אין אן איינהײַטלעכער קאָסמישער מאשין, וועלכע ווערט אָנגעפירט מיצאַד איין צענטער.

קעדיי דעמאָנסטרירן די אלוועלטלעכע פארשווערונג פון די פּראָגרעסיווע ליבעראלן אף צו שטיצן דעם סטאליניזם, ניצט ער אויס אלס א דערווײַז די ארויסזאָגונגען פון א טוץ „גײַסטיקע פירער פון דער מײַרעוו-וועלט". יעדן פון זיי דערלויבט ער זאָגן עטלעכע פראזעס, ארויסגעריסענע, פארשטייט זיך, ניט פונעם היסטאָרישן קאָנטעקסט, נאָר פּאַשעט און פּראָסט פון זייערע טעקסטן. אן איסנאם איז בלויז אלבערט איינשטיין, וועמענס בריוו א געוויסן אי. לעווינען ווערט געבראכט פולקום.

אזא אופמערקזאמקײַט צום גרויסן פיזיקער גיט דעם לייענער א גרונט צו האלטן אים פאר איינעם פון די צענטראלע פיגורן אין דער איבנדערמאָנטער פארשווערונג, און אונדז — קאָנצענטרירן די אופמערקזאמקײַט אף איינשטיינס וועלט-אָנשויונג, אף זײַן באַציִונג צום סאָציִאליזם, ווי אן אידיי, און צו סטאלינס סאָציִאליזם.

דעם בריוו, וואָס איז געבראכט געוואָרן אין שאפארעוויטשעס ארטיקל „צוויי וועגן צו איין אָפּגרונט" („נאָווי מיר", 1989, נומ. 7), האָט איינשטיין אָנגעשריבן אלס ענטפער אף לעווינס ווענדונג צו אים מיט א רוף צו שטעלן זײַן כסימע אונטערן פּראָטעסט אין שײַכעס מיט די צעשיסונגען אין פססר נאָך קיראָווס מאָרד. איינשטיין האָט זיך אָפּגעזאָגט און געזייצעט לעווינען ביכלאל זיך אָפּזאָגן פון אָט דעם איניען.

קעדיי ריכטיק אופנעמען די געגעבענע סיטואציע און ביפראט נאָך אורטיילן וועגן איר, דארף מען כאָטש עפּעס-וואָס וויסן סײַ וועגן איינשטיינען, סײַ וועגן דעם 1934 יאָר. און קודעמקאָל — וועגן דעם בריוו, אף וועלכן ער האָט געענטפערט מיט אן אָפּזאָג און אין וועלכן ס'איז שווער אויסצומײַדן דעם וויכטיקסטן ארגומענט: „ס'איז לעבנסנייטיק אופהייבן א הויכע ייִדישע שטים קעגן דעם טעראָר אין רוסלאנד, קעדיי דער פּראָטעסט קעגן דעם נאציסטישן טעראָר זאָל זײַן מער עפעקטיווער".

יענע, וועמען ס'איז באקאנט איינשטיינס לעבנס-פּאָזיציע ניט נאָר פון איבערדערציילונגען, איז קלאָר, אז אזא פארבינדונג, אזא מאָראלישע פּאָליטיקאנישקײַט איז אים געווען פרעמד. בא דעם גאנצן הייסן (און ניט-אויסבאהאלטענעם) געפיל פון איינשטיינען צו די קאָרבאָנעס פונעם אנטיסעמיטיזם האָט דאָס ייִדישע פאָלק געהערט פון אים ניט אזויפיל אנערקענונג אין ליבע, וויפל הארבע רופן צום געפיל פון אייגענער ווירדע. ארויסטרעטנדיק פאר באשיצן די פארפאָלגטע, האָט איינשטיין זיך אונטערגעוואָרפן ניט דער

שטים פון בלוט, נאָר דער שטים פון געוויסן. און דאָ האָט מען אים פאַרגעלייגט „פאַרדינען" מיטגעפיל אין דער וועלט צו די קאָרבאַנעס פונעם פאַשיסטישן אַנטיסעמיטיזם מיט דער הילף פון ייִדישע פּראָטעסטן קעגן דעם באָלשעוויסטישן טעראָר אין רוסלאַנד! אַזעלכע פאָראַלען זײַנען געווען ניט פאַר אים.

אין די ערשטע יאָרצענדליקער פונעם XX יאָרהונדערט האָבן די טרוימען וועגן סאָציאַלער גערעכטיקייט באַהערשט פיל בעסטע מוחות פון אייראָפּע. די באַגריפן וועגן סאָציאַליזם זײַנען געווען ביז גאָר פאַרשיידענע — אָנהייבנדיק פון האַלב־רעליגיעזע און מאָראַליש־עטישע און ענדיקנדיק מיט „ריין וויסנשאַפטלעכע".

פאַר אײַנשטיינען האָט דער סאָציאַליזם אַ סאָציאַל־עטישע מיסיע. ער דאַרף בײַקומען די כײַישע פאַזע פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, ווען די עקאָנאָמישע אַנאַרכיע און די אומבאַגרענעצטע קאָנקורענץ פירן צו אַ צעטרענצלונג פון דער מענטשלעכער מי, צו אַ צעקאַליעטשעטן געזעלשאַפטלעכן זעלבסטבאַוווסטזײַן, וועלכע ברענגען מיט זיך דעם עגאָיזם און די האָפענונגסלאָזע איינזאַמקײַט.

קעדיי פאַרשטיין אײַנשטיינס סאָציאַליזם, איז אויך וויכטיק צו וויסן, אַז דער גרויסער געלערנטער האָט אויסגעטיילט דער וויסנשאַפט אַ גאַנץ באַשיידענע סאָציאַלע ראָל. לויט זײַן מיינונג, איז די וויסנשאַפט אַן און פאַר זיך ניט פעיִק געבוירן סאָציאַלע צילן אָדער כאָטשבי דערוועקן זיי אין דעם מענטשן. דאָס זײַנען בעקויעד צו טאָן בלויז פערזענלעכקײַטן מיט דערהויבענע עטישע אידעאַלן.

אויב צו דעם צוגעבן דעם אייגנטימלעכן פאַר אײַנשטיינען עקל צו געוואַלט און סטאַדע־געפיל, איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז זײַן באַציִונג צו דער בויונג פון סאָציאַליזם אין סאָוועטן־רוסלאַנד איז לאַכלוטן ניט געווען קיין פולשטענדיקע שטיצע. מיטפילנדיק די ליכטיקע שטרעבונגען פון די רוסלענדישע רעוואָליוציאָנערן, האָט ער ניט געגלייבט אין דער צוועקמעסיקײַט פונעם מעטאָד, וועלכן זיי האָבן אויסגעקליבן, הגאַם ער איז געוואָרן איינער פון די גרינדער פון דער געזעלשאַפט „פרײַנט פון דעם נײַעם רוסלאַנד". זײַענדיק באַרימט אין סאָוועטן־רוסלאַנד ניט ווייניקער, איידער אין אייראָפּע, און דאָס איז צו זען פון דעם, וואָס מע האָט אים אין 1922 אויסגעוויילט אין דער רוסלענדישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, האָט אײַנשטיין ניט גענומען אויף זיך די פליכטן דיפּלאָמאַטיש עפעס־וואָס פאַרשווײַגן. אין 1925 האָט ער אונטערגעשטיצט די פּובליקאַציע פון גוויִעס־איידעס וועגן די סאָלאָוועצקער לאַגערן. אָט וואָס עס האָט געשריבן וועגן אים אין 1931 אַ זשורנאַל, וועלכער האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַלס צענטראַלער אָרגאַן פון וויסנשאַפטלעכער אינפאָרמאַציע אין פססר, וועמענס מיטגלידער פון דער רעדקאָלעגיע זײַנען געווען נ. אי. בוכאַרין, א. פ. יאָפע, וו. פ. קאַהאַן, נ. ק. קאָלצאָוו, ג. מ. קרזשיזשאַנאָווסקי, ס. פ. אָלדענבורג, אָ. יו. שמידט אאַ.: „אין אָקטיאַבער 1930 האָט דער הער אַלבערט אײַנשטיין, דער גרויסער פיזיקער, שלעכטער פילאָסאָף און שוואַכער פּאָליטיקער... פאָרמולירט זײַן פּאָליטישע קרעדאָ: „מײַן פּאָליטישער אידעאַל איז דעמאָקראַטיע... אָט פאַרוואָס איך בין טאָמיד געווען אַ לײַדנשאַפטלעכער קעגנער פון אַזעלכע רעזשימען, וועלכע עקזיסטירן אין רוסלאַנד און אין איטאַליע". אין אָט דעם מאָמענט שרײַבט אונטער דער הער פּראָפעסאָר אַ פּראָטעסט... קעגן דער צעשיסונג פון 48 אויסוואָרפן, וועלכע האָבן, בעראָש מיטן פּראָפעסאָר ריאַזאַנצעוו, אָרגאַניזירט אַ הונגער"[1].

אויך אינעם בריוו פון 1934, וועלכן שאַפאַרעוויטש ברענגט אַלס קאָמפּראָמעטירטן מאַטעריאַל, רופט אָן אײַנשטיין די זאַכן מיט זייערע נעמען: אומזיניקע צעשיסונג קוואַליפיצירט ער ווי פּאָליטישן מאָרד. אָבער אַוועקשטעלן סאָוועטן־רוסלאַנד אין איין ריי מיטן צאַרישן רעזשים, מיטן נאַציסטישן דײַטשלאַנד און מיט דער פאַשיסטישער איטאַליע (ווי מע האָט אים פאַרגעלייגט אינעם פּראָטעסט, וועלכן ס'האָט צונויפגעשטעלט אי. לעווין) האָט אײַנשטיין זיך אָפּגעזאָגט. צוליב דעם זײַנען געווען סיבעס אויך אַחוץ דעם אַמאָראַלישן כעזשבן, וועלכער איז געווען פאַרלייגט אינעם פונדאַמענט פון דעם פּראָטעסט. זייער פאַרשיידענע זײַנען געווען די פיר מעלוכעס. ווי־אַזוי עס זאָל ניט אָנעמבאַר זײַן פאַר אײַנשטיינען דער פּאָליטישער רעזשים, וואָס האָט זיך אײַנגעפונדעוועט אין סאָוועטן־רוסלאַנד, האָט ער די פונדאַמענטאַלע אונטערשיידן צווישן די פיר סאָציאַלע סטרוקטורן ניט געקאָנט איגנאָרירן.

אויב רעדן וועגן דער נאַטור־וויסנשאַפטלעכער אינטעליגענץ אין די 20־ער — 30־ער יאָרן, איז צו דער סאָציאַלער ניט־דורכזיכטיקײַט פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפט צוגעגעבן געוואָרן די פּראָפעסיאָנעלע באַ־

[1] Э. Кольман. Ход задом в философии Эйнштейна. «Научное слово», № 1, с. 13.

ציִונג צו די עמפּירישע אַנגאַבן. ווען מע טײלט מיט דעם פיזיקער, אַז אין אַ געפעס מיט גאַז פאַרמאָגן עטלעכע מאָלעקולן אַ גרויסע שנעלקײט, וועט ער ניט מאַכן באַלד קיין אויספיר וועגן דער הויכער טעמפּעראַטור פונעם גאַז, נאָר וועט פאָדערן ידיעות וועגן דער מיטעלער שנעלקײט פון די מאָלעקולן אינעם געפעס. די איבערצײַגעוודיקײט פון אײנצלנע פאַקטן איז אָפּהענגיק פון דער אַלגעמײנער אײַנשטעלונג, פון דער פריִקער דערפאַרונג. אָנרופן די צעשיסונג אַן אַ געריכט אַלס פּאָליטישן מאָרד — דאָס איז אײנס, אָבער אַרויסטראָגן אויף דעם דאָזיקן גרונט אַן אורטייל אַן אַ געריכט דער געזעלשאַפט אינגאַנצן גענומען — דאָס איז עפּעס אַנדערש. שאַפּאַרעוויטש שרײַבט, אַז די באַציִונג פון די „ליבעראַלן" צום סאָוועטנפאַרבאַנד האָט אָנגעהויבן זיך בײַטן נאָך דעם איניִען פון די דאָקטוירים, געבנדיק אָנצוהערן, אַז לויט דעם דאָזיקן איניִען זײַנען דורכגעגאַנגען בלויז באַדנלאָזע רוסאָפאָבן, אָדער, ווי מע האָט זײ דעמלט גערופן, קאָסמאָפּאָליטן. מע קאָן אָבער אַ קוק טאָן אויף דער דאָזיקער זאַך אַנדערש — ווי אויף דער ערשטער אָפיציעלער אָנערקענונג מיצד דער מלוכה, אַז איר רעכט-טעטיקײט איז פאַרברעכעריש. אַזאַ אײנצלנער פאַקט באַקומט לאַכלוטן אַן אַנדער וואָג, וואָס איז איבערגעטנג פאַר אַן אורטייל דער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם.

די באַציִונג צום סאָוועטנפאַרבאַנד אין די 30-ער יאָרן מיצד זײַנע אויסלענדישע גוטעפרײַנט האָט אין אַ גרויסער מאָס סיגנאַליזירט וועגן דעם, אַז דער פאַשיזם לויערט איבער דער וועלט. ריידנדיק וועגן פויכטוואַנגערס שטוינענדיקער בלינדקײַט אין מאָסקווע פון 1937, באַווײַזט שאַפּאַרעוויטש די בעריעשאַפט אויסצוניצן דאָס אַלס אײדעס פון דער באַשולדיקונג, פונקט ווי די באַקאַנטשאַפט מיט געוואַלט וואָלט פאַרשאַרפט די פּילבאַרקײַט צו אים. אין לעבן אָבער טרעפט גאָר אַנדערש — געוווינשאַפט פאַרטעמפּט די פּילבאַרקײַט. באַזונדערס דאַן, ווען עס גײט אַ רייד וועגן געוואַלט, וועלכער שטעלט זיך אַקעגן דעם געוואַלט.

באַלד נאָך דעם, ווען די פאַרײיניקטע נאַציעס האָבן צעשמעטערט דעם פאַשיזם, האָט אין דער וועלט זיך באַוויזן אַ קויער, וואָס האָט געצווּנגען זײ צו פאַרײיניקן זיך נאָך מער דרינגלעך, אײדער די סאַקאָנע פון דער פאַשיסטישער פאַרשקלאַפונג. דאָס איז געווען אַ פיזישער קויער לויט דער נאַטור און אַ שוואָמענאַרטיק לויט דער פאָרם. אײנשטיין איז געווען אײנער פון די סאַמע ערשטע, וואָס האָט באַזיניקט דעם פּאָליטישן פּאָטענציִאַל פון דעם נײַעם קויער, באַזיניקט די נויטווענדיקײט אויף לעבן אָדער טויט, עס זאָל קומען אַ „נײַ פּאָליטיש דענקען". אויסניצנדיק צוליב געזעלשאַפטלעכע צילן זײַן פּערזענלעכע לאַגע, האָט ער אַקשאָנעסדיק זיך געווענדט צו דער וועלט, צו דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרײיניקטע נאַציעס, רופנדיק ערנסט אָפּשאַצן די נײַע סיטואַציע. הגם ער האָט געהאַט מיטדענקער, האָבן אים אָבער אַ סאַך קאָלעגן זײַנע, ביפּראַט פּאָליטיקער, ניט געקאָנט דערהערן. די פיזיקטעכנישע און פּאָליטישע רעאַליטעטן אינעם סאָף פון די 40-ער יאָרן זײַנען געוואָרן אַן אומבײַקומענדיקער באַריער פאַר זײערע שטאַנדפּונקטן אויף דער צוקונפט. צווישן אַנדערס, האָבן פיר אָנגעזעענסטע סאָוועטישע פיזיקער — ס. אי. וואַוילאָוו, א. פ. יאָפע, נ. נ. סעמיאָנאָוו און א. נ. פרומקין — אין אַן אָפענעם בריוו צו אײנשטײנען אין 1947 געפּרוּווט אים „אומקערן צום סייכל", צושרײַבנדיק אים די ראָל פון אַ הערױלד פונעם אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם. אין דער זעלבער צײַט האָט דער אָנגעזעענער ענגלישער מאַטעמאַטיקער און פילאָסאָף ב. ראַסעל אָנערקענט אַלס דערלאָזבאַרע אויך אַ נוקלעאַרע מילכאָמע, אויב אַנדערש קאָן מען ניט מאַכן אַ סאָף צו דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור.

אײנשטיין אָבער, זעענדיק קלאָר, אַז מיט אַן ערדישן גאַניידן שמעקט נישט ניט אינעם לאַנד פונעם פעטער סעם, ניט אין דער אימפּעריע פונעם פעטער דזשאָ, האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, אַז די סטאַלינס קומען און גייען אַוועק, און די מענטשהײַט בלײַבט אײביק אויף אײביק מיטן געוויער פון גלאָבאַלער פאַרניכטונג. דעריבער — הגם ער איז געווען באַקאַנט מיטן לעבן אין „לאַנד פון רעאַלן סאָציאַליזם", ווייסנדיק אויך וועגן דעם, וויאַזוי מע קעמפט אין דעם דאָזיקן לאַנד מיט די „רעאַקציאָנערן פון אײנשטײנס טיפּ", האָט ער פונדעסטוועגן געטראַכט וועגן דעם וועג פון דער מענטשהײַט, וועלכע שטײט פאַרן אויסקלײַב — אײניקײט אָדער טויט, וועגן דעם וועג, וואָס גייט דורך צווישן עקאָנאָמישער אַנאַרכיע און פּאָליטישער פאַרשקלאַפונג, וועגן דעם וועג צו הומאַנישקײַט און דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

ג. גאָרעליק




• • •

שטאַרק צופרידן מיט די געכאַסמעטע בריוו אין דער האַנט, איז האַמען אַרויס פונעם קיניגס פּאַלאַץ, און ער מיט זײַן כעווראַ[1] האָבן זיך געלאָזט גיין אַהיים זייער אופגעלייגט. מאָרדכע, באַם קיניגס טויער אָף דער וואַך, האָט דאָס באַמערקט. דערזעט ער פונווײַטן דרײַ יידישע קינדער גייען פון שול אַרויס, לויפט ער זיי נאָך. האַמען מיט זײַנע לײַט האָבן זיך אָפּגעשטעלט, נײַגעריק צו וויסן, וואָס וועט דאָ פּאַרקומען. אָפּגעשטעלט די קינדער, פרעגט מאָרדכע בא איינעם פון זיי: „קינד מײַנס, בא וואָס פאַר א פּאָסעק האָסטו זיך הײַנט אין שול אָפּגעשטעלט?" ענטפערט דאָס קינד הויך אָף א קאָל: „פּאָרכט דיך ניט פאַר א פלוצלעכן שרעק און פאַר א דונערשלאָג פון שלעכטע, וואָס רוקט זיך אָן". זאָגט דער צווייטער זײַן פּאָסעק: „באַטראַכט א ראָשע און עס וועט ווערן צונישט, רעדט זיך אָפּ א באַשלוס און עס וועט ניט קומען צו שטאַנד, דען גאָט איז מיט אונדז". רופט זיך אָפּ דער דריטער מיט זײַן פּאָסעק: „ביז דער עלטער בין איך אײַער גאָט, און ביז די גרויע האָר טראָג איך אַלץ איבער, איך מאַך, און איך טראָג, און איך לײַד און איך ראַטעווע".

אַז מאָרדכע האָט דאָס דערהערט, האָט זײַן געזיכט אָנגעהויבן שײַנען פאַר פרייד. פרעגט אים האַמען: וואָס אַזוינס האָבן די קינדער געזאָגט, וואָס דו פרייסט זיך אַזוי? זאָגט מאָרדכע: א גוטע בסורע האָבן מיר די קינדערלעך אָנגעזאָגט: איך זאָל זיך ניט שרעקן פאַר דײַנע שלעכטע אופטועכן קעגן אונדז. ווערט האַמען בייז און זאָגט: אויב אַזוי, וועל איך צום ערשטן אומברענגען טאַקע די קינדער.

---

[1] קאָמפּאַניע.

• • •

אז אכאשווירעש האָט ארויסגעגעבן דעם באפעל, מע זאָל אלע ייִדן אויסהארגענען, איז עליִיאָהו האנאָווי אוועקגעלאָפן צו די אָוועס און אויסגעשריִען:

— הייליקע אָוועס! הימל און ערד וויינען און קלאָגן, און די גאנצע וועלט ציטערט — און איר ליגט גאָר רויִק!

פרעגן זיי: וואָס איז געשען?

ענטפערט ער: א גזיירע איז ארויס אף ייִדן, מע זאָל אלע אויסראָטן.

זאָגן די אָוועס: וויבאלד אז דער גזאר־דין איז שוין אָנגעכאסמעט, וואָס קענען מיר שוין העלפן?

האָט עליִיאָהו זיך געווענדט צו מוישע ראביינו און געזאָגט: אָ, דו, הירט[1] געטריַיער! פיל מאָל האָסטו זיך איַינגעשטעלט פאר ייִדן און אָפּגערופן די גזיירעס אף פארדאָרבן זיי. וואָס ווּעסטו איצט זאָגן בא אזא צאָרע?

פרעגט מוישע: צי איז פאראן איין צאדיק אין דעם דאָר?

זאָגט עליִיאָהו: פאראן, מאָרדכע הייסט ער.

— אויב אזוי, — זאָגט מוישע, — זאָל ער דאָרט מיספאלעל זיַין און איך דאָ, וועלן מיר אָפּבעטן.

זאָגט עליִיאָהו: וואָס קען שוין העלפן, אז דער בריוו מיט דער גזיירע זיַינען שוין אופֿגעשריבן און אָנגעכאסמעט?

ענטפערט מוישע: אויב ס׳איז געכאסמעט מיט ליים — וועט אונדזער טפילע אָנגענומען ווערן. אויב מיט בלוט — איז פארפאלן.

זאָגט עליִיאָהו: מיט ליים!

— גיי זשע, זאָג מאָרדכען, ער זאָל מיספאלעל זיַין.

• • •

אז האָמען האָט אנידערגעשטעלט די טליִע, איז ער אוועק און געטראָפן מאָרדכען, ווי ער זיצט און לערנט מיט צוויי און צוואנציק טויזנט קליינע ייִנגעלעך, אלע מיט אש אף די קעפּ און זעק אף די לענדן, אלע פאסטן און וויינען.

האָט האָמען זיי געשמידט אין קייטן און געזעצט וועכטער נעבן זיי און געזאָגט: מאָרגן וועל איך זיי פריִער אויסקוילען, דערנאָך — מאָרדכען אופהענגען!

זיַינען געקומען זייערע מוטערס און געבראכט זיי ברויט און וואסער, האָבן זיי ניט געוואָלט עסן, און זיי האָבן גענומען די ספאָרים און אוועקגעגעבן מאָרדכען און געזאָגט: מיר האָבן געמיינט, אז מיר וועלן האָבן לאנגע יאָר צוליב דעם זכוס פון דער טוירע, איצט, אז מיר האָבן ניט זוכע געווען — נעם צו בא אונדז די ספאָרים.

האָבן די מוטערס אָנגעהויבן וויינען פון אויסווייניק און די קינדער פון אינווייניק, און זייער קאָל האָט דערגרייכט צום הימל.

פרעגט גאָט: וואָס איז עס פאר א געשריי, ווי פון ציגעלעך מיט לעמעלעך?

זאָגט מוישע: דאָס איז ניט קיין ציגעלעך, ניט קיין לעמעלעך, — די הייליקע שאָף זיַינען עס, די קליינע קינדערלעך פון דיַין פאָלק ייִסראָעל, וואָס מאָרגן דארף מען זיי צע־קוילען, ווי שאָף.

באלד האָט זיך דערוועקט גאָטס ראכמאָנעס און ער האָט צעבראָכן די כסימעס און צעריסן דעם בריוו.

---

[1] פאסטעך.

# האָמענס מאַפּאָלע

„אין יענער נאַכט איז געשטערט געוואָרן דעם קיניגס שלאָף". אייגנטלעך האָט אין דער נאַכט קיינער מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט:

עסטער איז געווען פאַרטראָגן מיט די האַכאָנעס צו דער סודע, פאַר אַכאַשווייראָשן מיט האָמענען, מאָרדכע האָט געפאַסט און געקלאָגט און מיספּאַלעל געווען פאַר גאָט, האָמען איז געווען באַשעפטיקט מיט דער טליִע, וואָס ער האָט געגרייט פאַר מאָרדכען.

זאָגט גאָט צום מאַלעך פון שלאָף: מײַנע קינדער געפינען זיך אין אַזאַ אומגליק, און דער ראָשע שלאָפט זיך רויִק בײַ זיך אין בעט! גיי פאַרטרײַב פון אים דעם שלאָף.

לאָזט זיך אַראָפּ דער מאַלעך, שטעלט זיך אַוועק איבער אַכאַשווייראָשן און רודערט בײַ אים אין האַרצן: דו, אומדאַנקבאַרער, גיי דאַנק אָפּ דײַן רעטער.

— „הא, וואָס איז, — באַאומרויִקט זיך אַכאַשווייראָש, — וועמען בין איך שולדיק אַ דאַנק?" און באַלד האָט ער געהייסן ברענגען דעם סייפער האַזיכרוינעס.

נעמט דעם קיניגס שרײַבער, האָמענס זון, און הייבט אָן לייענען פאַרן קיניג די שריפטן. קומט ער צו דער מײַסע, ווי מאָרדכע האָט געראַטעוועט דעם קיניג פון ביגטאָן וועטערעש. כאַפּט ער און קערט גיך איבער דאָס בלאַט און וויל לייענען ווײַטער. קערט זיך אָבער דאָס בלאַט פון זיך אַליין איבער צוריק און ווידער וואַרפט זיך אים אין אויג יענע מײַסע. בלעטערט ער ווײַטער איבער, ווערט אַכאַשווירעשׁ אויפגערעגט: ביזוואַנען, — זאָגט ער, — וועסטו אַלץ בלעטערן, לייען קעסיידער[1]. „איך קען עס ניט לייענען", — זאָגט האָמענס זון. פּלוצעם הייבן זיך די ווערטער אָן צו לייענען, ווי פון זיך אַליין.

ווי דער קיניג האָט דערהערט מאָרדכעס נאָמען, האָט ער זיך באַרויִקט און ס'האָט אים אָנגעהויבן נייגן צום שלאָף. פאַרטאָג, ווען ער איז אײַנגעשלאָפן, זעט ער אין כאַלעם, ווי האָמען שטייט איבער אים מיט אַ שווערד אין דער האַנט און וויל אים טייטן. אין דער מינוט האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טויער, כאַפּט זיך אויף דער קיניג פון שלאָף און פרעגט אַ דערשראָקענער: ווער איז דאָרט? זאָגט מען אים: האָמען שטייט אין הויף. „ניין, ס'איז ניט קיין כאָלעם, — טראַכט זיך אַכאַשווירעשׁ, — ס'איז אַן עמעס" — און זאָגט: לאָז ער אַרײַן!

ווי האָמען איז נאָר אַרײַן, גיט דער קיניג אַ פרעג: „וואָס זאָל מען טאָן דעם מענטשן, וואָס דער מאַלעך פאַרלאַנגט זײַן קאָוועד?" טראַכט זיך האָמען: „דאָס מיינט מען מיך, מע דאַרף זאָגן וואָס מער".

— הער קיניג, — זאָגט האָמען, — דעם מאַן דאַרף מען אָנטאָן דאָס קיניגלעכע קלייד, אויפזעצן אַף דעם קיניגס פערד, אָנטאָן די קיניגלעכע קרוין... ווי דער קיניג האָט דערהערט „די קרוין", האָט זיך אים אָנגעהויבן בײַטן די פאַרב אין פּאָנעם. „אָט איז דער טאַמציס פון דעם כאָלעם, — טראַכט ער צו זיך, — ער האָט כיישעק צו מײַן קרוין", און, קוים אײַנגעהאַלטן דעם קאַס, זאָגט ער: „גיך נעם און טו דאָס אַלעס מאָרדכען".

— הער קיניג, — האָט האָמען געשטאַמלט פאַר דערשטוינונג, — וואָס פאַר אַ מאָרדכע?

— מאָרדכע דעם ייִדן.

— איין מאָרדכע איז דאָ בײַ ייִדן?

— דעם, וואָס זיצט אין קיניגלעכן טויער.

— דעם מאָרדכע? — זאָגט האָמען. — צי וועט עס עפּשער ניט זײַן פאַר אים צופיל, איך מיין, ער וועט זיך באַנוגענען מיט עפּעס ווייניקער: אַ שטעטל אים שענקען, צי אַ טײַכל.

דאָ האָט שוין דער קיניג זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און אויסגעשריגן ווי אַ צערייצטער לייב: „קיין האָר זאָלסטו ניט פאַרפעלן פון דעם אַלעמען, וואָס דו האָסט פריִער געזאָגט!"

---

[1] איינס נאָכן אַנדערן.

און דער קיניג רופט אריַין היסעך און כארבוינע און באפוילט זיי: גייט מיט אים און זעט אכטונג געבן, ער זאָל קיין האר ניט פארפעלן...

האָמען איז געשטאַנען צעטומלט, הענט און פיס האָבן אים געציטערט, די אויגן אײַנ־געגראָבן אין דער ערד, ניט געזען פאר זיך די שײַן און ניט געוווּסט, וואָס מיט אים טוט זיך. אינדרײַען אײַנגעבויגן, איז ער אריַין אין קיניגלעכן שאַך־קאמער, גענומען די קיניגלעכע קליידער מיט אלע רעגאַליעס, פון דאָרט איז ער א צעמישטער און א דערשלאָגענער אריַין אין שטאַל, אָנגענומען דעם שענסטן קיניגלעכן פערד פאר דער גאָלדענער צוים, און אָנגע־לאָדן מיט די קיניגלעכע קליידער אף די אַקסל — איז ער אוועק צו מאָרדכען.

ווי מאָרדכע האָט דערזען האָמענען מיטן פערד, זאָגט ער זײַנע טאַלמידים: „אנטלויפט, קינדער, רעטעט זיך גיכער פונעם אומגליק, דער ראָשע גייט צו אונדז!" זאָגן זיי: „פון דיר וועלן מיר זיך ניט אָפּשיידן, אינײנעם געלעבט, אינײנעם שטאַרבן".

פארוויקלט זיך מאָרדכע אין זײַן טאַלעס און פארטיפט זיך אין טפילע צו גאָט.

האָמען איז דערווײַל צוגעגאַנגען נאָענט, געשטאַנען און געוואַרט. ווי מאָרדכע האָט געענדיקט זײַן טפילע, זאָגט האָמען צו אים: „מאָרדכע הצדיק, אווראָמס אייניקל, וואַרף אראָפּ פון זיך דײַן זאַק און אַש און טו אָן דעם קיניגס קלייד און זעץ זיך רײַטן אפן קיניגס פערד.

ענטפערט אים מאָרדכע פארביטערט: „האָמען הראָשע, אמאַלעקס אייניקל, וואַרט א ווײַלע, לאָז מיך אויסטרינקען פריִער דעם ביטערן קאָס און דערנאָך וועסטו מיך אוועקפירן צו דער טליִע".

— ניין, מאָרדכע הצדיק, — זאָגט האָמען, — פון אייביקע יאָרן טרעפן זיך מיט אײַך גרויסע ניסים. דער קיניג אליין האָט מיך געשיקט צו דיר, ער פארלאַנגט דײַן קאָוועד. שטיי זשע אויף און דערפיל דעם קיניגס ווילן: טו אָן דאָס קיניגלעכע קלייד און רײַט אף דעם קיניגלעכן פערד.

פארשטאַנען, אז דאָ איז בעעמעס מיט אים א גרויסער נעס געשען, זאָגט מאָרדכע צו האָמענען: קוק מיך אָבער אָן, איך בין דאָך אויסגעוואַלגערט אין אַש, אינגאַנצן פארשמירט און פארכוישעכט, ווי זשע קען איך אף זיך אָנציִען דאָס קיניגלעכע קלייד? איך מוז זיך פריִער ווי געהעריק ארומוואַשן און ארומשערן. שיקט האָמען נאָך א בעדער און ראַזירער, איז ניט געווען צו באַקומען. נעמט האָמען אליין און פירט מאָרדכען אין באָד, און דאָרט האָט ער אונטערגעגורט די לענדן און פארקאַטשעט די אַרבל און זיך געשטעלט וואַשן און פוצן מאָרדכען, אויסגעשמירט אים דאָס לײַב מיט די בעסטע בוימלען און בסאָמים. דער־נאָך האָט ער געשיקט גיך צו זיך אין הויז ברענגען פון דאָרט א שער און גענומען ארומ־שערן מאָרדכען. הערט מאָרדכע, ווי האָמען זיפצט בעשאַסמײַסע. פרעגט ער אים: „וואָס באַטײַט דײַן זיפצן?" ענטפערט האָמען: „אַז אַך און ווײ, אף וואָס איך, דער ערשטער מי־ניסטער בא אַכאַשווירעשן, בין איצט איבערגעקומען — א בעדער און א שערער געוואָרן". זאָגט מאָרדכע: „יאָ, האָמען, דאָס רעדל דרייט זיך איבער, געדענקסט דעם טאַטן דײַנעם, איך האָב אים גאַנץ גוט געקענט, ער איז געווען א שערער אין יענעם דאָרף אזעלכע צוויי און צוואַנציק יאָר; דוכט זיך, אז די שער איז טאַקע פון זײַן געצײַג".

פאַרטיק געוואָרן מיטן פוצן און אָנקליידן, זאָגט האָמען: „איצט, מאָרדכע, זעץ זיך אפן פערד".

— איך בין אַלט, — זאָגט מאָרדכע, — און אָפּגעשוואַכט פון טאָנעס.

איז זיך האָמען מאַכניע[1], בייגט זיך אָן פאר אים נידעריק, און מאָרדכע שטעלט זיך אף אים און קריכט ארויף אפן פערד.

רײַט מאָרדכע איבער די גאַסן און האָמען גייט פאָרויס, פירט דאָס פערד פארן צוים און רופט אויס: „אָט אזוי טוט מען דעם מאַן, וואָס דער קיניג פארלאַנגט זײַן קאָוועד!" פון בײדע זײַטן זײַנען מיטגעגאַנגען זיבן און צוואַנציק טויזנט באַכערים פון קיניגס הויף,

[1] לייגט זיך אונטער.

געטראָגן גאָלדענע קויסעס אין דער רעכטער האַנט און זילבערנע בעכער אין דער לינקער האַנט, און אַלעמאָל אויסגעשריִען: „אָט אַזוי טוט מען דעם מאַן, וואָס דער קיניג פאַר־לאַנגט זײַן קאָוועד!״ אַלע אײַנוווינער זײַנען ארויס אַנטקעגן מיט ברענענדיקע פאַקעלן אין די הענט, און די גאַנצע שטאָט האָט געטרוישט פון פֿײַערלעכע אויסרופן און לויב־לידער מאָרדכען.

האָמענס טאָכטער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און דערזען דעם פאָטער אין אַזאַ שענדלעכער לאַגע, האָט זי זיך אַראָפּגעוואָרפן פון דער הייך אויף דער ערד און געפאַלן טויט.

און האָמען האָט זיך דעם טאָג צוריקגעקערט אַהיים אַ פּירפּאַכיקער באַלמעלאָכע: אַ בעדער, אַ שערער, אַ קוטשער און אַ העראָלד.

# האָמענס טליִע

אין דעם טאָג, וואָס האָמען האָט באַדאַרפט, לויט אַכאַשווייראָשעס באַפעל, געהאַנגען ווער, איז ער אַרײַן צו זיך אין גאָרטן און אַ היפּשע צײַט אַרומגעדרייט זיך ווי אַ צעמישטער צווישן די שורעס הויכע אַלט־געוואַקסענעביימער. פּלוצעם שטעלט ער זיך אָפּ אינמיטן גאָרטן און פאַרקוקט זיך לאַנג אויף די באַקאַנטע ביימער, ווי איינער זאָגט: אַלטע גוטע פרײַנט מײַנע, אויף וועמען פון אײַך וועט האָמען, דער עלטסטער און גרעסטער פון אַלע סאָרים, מאָרגן תענגען? אויף דעם גיט אַ ווינטל אַ בלאָז און אַ לײַכטער גערויש לויפט דורך צווישן די ביימער, ווי זיי וואָלטן צווישן זיך אַ געשפּרעך געפירט:

— ניט אויף מיר, ניט אויף מיר! — האָט זיך אַ טרייסל געטאָן דער ווײַנשטאָק און מיט זײַנע בלעטער די שטענגלעך טרויבן פאַרשטעלט. — פון מיר נעמט מען ווײַן פאַר דעם הייליקן מיזבייעך, קען איך דעם ראָשע אויף זיך ניט פאַרטראָגן.

— ניט אויף מיר, ניט אויף מיר! — גיט אַ ציטער דער אייל בערט. — פון מיר נעמט מען בוימל צו דער מענוירע.

— איך וויל אויך ניט! — מורמלט דער פֿײַגנבוים. — מיט מײַנע בלעטער האָט זיך אָדאָם הערכאַווע געקליידט און מײַנע זאַפטיקע פּרוכט גייען אויף ביקורים[1].

— אויף מיר אַוואַדע ניט, — וואָרפט זיך אָפּ דער פּאַלמענבוים מיט זײַנע ברייטע לול־ווים. — אָט דער ראָשע, אַ שטעכיקע צווײַג פון אַ קרומען דאָרנשטאַם, זאָל הענגען אויף מײַן גלײַכן שלאַנקן שטאַם, צו וועלכן די יידישע קינדער זײַנען געגליכן! ניין, איך וויל ניט!

— און איך וויל אויך ניט! — שאָקלט זיך אָפּ דער עסרעג. — מיט מײַנע שיינע צאַר־טע פּרוכט פרייט מען זיך יאָמטעוו פאַר גאָט.

— און איך אויך ניט! — זאָגט דער האָדעס. — דער זאַפטיקער רייעך פון מײַנע צווײַגן זײַנען געשאַפן צום דערקוויקן און דערפרישן.

— אונטער מיר, — זאָגט דער אייכענבוים, — ליגט דוווידע, ריזוקעס אָם, באַגראָבן.

— צו מײַנע פּרוכט זײַנען די צאַדיקים געגליכן, — זאָגט דער מילגרוים.

— אויב אַזוי, — זאָגט דער צעדערבוים, — זאָל מען אים אויף מיר אופהענגען. איך פּאַס פאַר אים ווי אָנגעמאָסטן, ווײַל ער האָט מיך צוגעגרייט פון מאָרדכעס וועגן, און אַז ער האָט די טליִע פאַרטיק געמאַכט, האָט ער זיך צוגעמאָסטן.

(פאָרזעצונג קומט)

[1] די ערשט־צײַטיקע פּרוכט, וואָס יידן פלעגן פירן קיין יערושאָלאַיִם.



# רעדנסאַרטן וועגן ייִדישע מאַכלים

## די וואָכעדיקע מאַכלים אין דער שפּראַך

ברויט.

צו ברויט באַציט מען זיך מיט גרויס אַכטונג און יִראַת־הכּבֿוד. מע רופֿט עס „גאָטס גאָב“, און מע שווערט דערבײַ: „ווי דאָס איז גאָטס גאָב!“. „גאָטס גאָב“ — ווערן אויך אָנגערופֿן קינדער[1].

און ניט בלויז אין שטוב לאָזט מען קיין שטיקלעך ברויט, אַפֿילו קרישקעס, ניט אַרום־וואַלגערן אויף דער ערד, וואָס ס׳איז פּאַשעט אַ סאַקאָנע אויף אָרעמקייט, נאָר אַפֿילו אין גאַס, אַז מ׳זעט ס׳וואַלגערט זיך אַרום אַ שטיקל ברויט, הייבט מען עס אויף און מ׳לייגט ערגעץ אַוועק אויף אַ בעקוועמדיק אָרט.

אַן אָרנטלעך שטיק ברויט הייסט „מוּיצע“.

פּאַרנאָסע רופֿט מען אויך „ברויט“. „קאָנסט דורך דער אום דײַן ברויט קומען“[2]. דה. דײַן פּאַרנאָסע פֿאַרלירן.

„עסן“ רופֿט מען אויך „ברויט מיט זאַלץ“. מע זאָגט: „איך עס איר זאַלץ און ברויט“ (דינעזאָן), „זיי פּרעסן מײַן זאַלץ און ברויט“ (מענדעלע מוכר־ספֿרים). מיטן וואָרט „ברויט“ באַצייכנט מען אויך „טוווּע“. „מײַן ברויטגעבער“ הייסט פּאַרנאָסעגעבער, באַזונ־דערס רופֿט מען אַזוי אַ מאַן, אָדער אַ בעל־חסד, וואָס האָדעוועט די משפּחה. ווען מע נעמט בײַ יענעם צו די פּאַרנאָסע, הייסט אויך „צוגענומען ס׳שטיקל ברויט“ אָדער צוגענו־מען ס׳ל ע צ ט ע שטיקל ברויט“ (שלום־עליכם).

אויף אַ מענטש אַ דורכגעטריבענעם, וואָס איז שוין דורכגעגאַנגען „דורך פֿײַער און וואַ־סער און מעשׂנע רערן“, זאָגט מען: „ער האָט שוין ניט פֿון איין אויוון ברויט געגעסן“ (י.־ל. פּרעץ).

מע זאָגט: „אַז מע האָט ברויט, זאָל מען קיין זעמל (אָדער: לעקעך) ניט זוכן“ (א. בערנ־שטיין). דער אוילעם פֿאָלגט אָבער ניט די אייצע, און די נאַטור פֿון מענטשן איז: „אַז מע האָט ברויט, ווי׳ל מען קוילעטש“ (מענדעלע מוכר־ספֿרים“). מ׳זאָגט אָבער: „אַז מע זוכט כאַלע — פֿאַרלירט מען דערווײַל ס׳ברויט“ (א. בערנשטיין). אויף קליינשטעטלדיקע אַפּיקאָר־סים זאָגט מען, אַז זיי עסן „שנויץ מיט ברויט“ אָדער „כיילעוו מיט קאַשע“, דען זיי האָבן נעבעך ניט מיט וואָס עפּעס אַנדערש צו זינדיקן[3].

„אַלצדינג איז גוט, — זאָגט מען, — מיט ברויט“, דה. מיט פּאַרנאָסע.

אויף לייצאָנעס זאָגט מען: „אַז דאָס ברויט פֿאַלט אַראָפּ, איז אַ סימען, אַז די קאַלע איז הונגעריק“.

אויף אַ מענטשן, וואָס ס׳גייט אים אַלץ שלים־שלימאַזל, זאָגט מען: „דאָס ברויט פֿאַלט

---

פֿאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 11, 1990; נומ. 1—3, 1991.

[1] דינעזאָן („יאָסעלע“): „מיט גאָטס גאָב וואַרפֿט מען זיך ניט“, דה. מ׳טאָר קיין טײַנעס ניט האָבן אויף צופֿיל קינדער.

[2] א.־מ. דיק. „מאַטקע און הערשקע“.

[3] זע אויך א. בערנשטיין „באָרשטש“; „באָדײַ אַ שלעכטער באָרשטש, אַבי די שיסל איז טרייף“.

איִם שטענדיק מיט דער פוטער אראָפּ" (א. בערנשטיין). אז ס'הייבט איינעם אָן גיין שלעכט, הייסט עס: „ס'גייט אים מיט דער פוטער אראָפּ".

ווען איינער פאלט צו צו א געשעפט אדג., זאָגט מען: „ער איז דערצו צוגעפאלן, ווי צו א הייס ברויט". בא פערעצן זאָגט מען: „צוגעפאלן, ווי צו א הייסער בולקע", אויך: „פאלט צו, ווי צו הייסן פּאָפּליניק (?). בא מענדעלע מויכער־ספאָרים: „ער שלינגט יעדעס וואָרט, ווי הייסע פארפל". בא שאָלעם־אליכעמען: „ער שלינגט ביכלעך, ווי האלעשקעס". מע זאָגט אויך: „כאפּט און שלינגט, ווי הייסע לאָקשן", „כאפּן, ווי הייסע פלאָדן".

ווּיסקראַבעק.

פון דעם אויסקראצעכץ פונעם מולטער באקט מען א קליין בולקעלע, וואָס מע רופט עס: „דער וויסקראַבעק".

אַף קאַטאָוועס רופט מען אויך ס'ייִנגסטע, קלענסטע קינד, דאָס מיזינקעלע: „דער וישקראַבעק" (שאָלעם־אליכעם).

א מײַכל.

אין ליטע זאָגט מען אַף יעדער גוטער זאַך: „ס'איז א מײַכל". א גאנץ געווײנלעכע זאַך הייסט: „א וואָכעדיקער מײַכל". אַף א גוט עסן זאָגט מען: מײַכל מלאָכים".

קאַשע.

פון דער גרויסער צאָל רעדנסארטן איבער קאשע, וואָס מיר האָבן, זעען מיר, אז קאשע איז געווען א הויפּט־מײַכל בא ייִדן, פּאָשעט, דאָס מײַכל, וואָס גייט נאָך ברויט.

אַף איינעם, וואָס פארדינט גאנץ ווייניק, אזוי אז עס גענוגט ניט אַף כאיונע, זאָגט מען: „ער פארדינט וואסער אַף קאשע".

ווען איינער מאכט אָן אן „אייסעק", א באַכלדיקעס, א פארדרייעניש אדג., הייסט עס: „ער האָט פארקאָכט א קאשע", „פארקאָכט א געדיכטע קאשע".

אַף א גרויסן מישמאש זאָגט מען: „צונויפגעמישט קאשע מיט באָרשטש", „צונויפגע־מישט קאשע מיט מאָן", „צונויפגעמישט קאשע מיט מאָן מיט נעכטיקע טעג", „צונויפגעמישט קאשע מיט באָרשטש און מיט לעבערלעך און מיט נעכטיקע טעג", „א מישמאש, א קאשע מיט באָרשטש און מיט לאָקשן", „צונויפמישן קאשע מיט בארן־צימעס". ווען איינער לאָזט זיך ניט פון צווייטן, הייסט עס: „ער לאָזט ניט שפּײַען אין קאשע".

אזוי, אשטייגער, ווי מע זאָגט בא אונדז: „האָב ניט קיין מוירע, מע וועט דיך דאָרט ניט אופעסן", זאָגט מען בא אײַזיק־מייער דיק: „מע וועט דיך ניט אופעסן אין קאשע".

א. בערנשטיין ברענגט נאָך שיינע שפּריכווערטער וועגן קאשע: „די בעסטע קאשע (קאשע — פראגע) אַף דער וועלט איז קאשע מיט יויך", „אַף אלע קאשעס (קאשעס — פראגעס) איז דאָ א טערעץ — „נאָר אַף גרעטשענער קאשע איז נישטאָ קיין טערעץ, אז מע האָט ניט קיין געלט זי צו קויפן".

אין דער אמאָליקער ייִדישער קעהילע איז געווען אן אָפּצאָל, „קאשע־געלט", וואָס קאָ־האָל האָט געמוזט אויסהאלטן די זעלנער פונעם אָרט מיט קאשע.

באָרשטש.

באָרשטש איז אויך געווען אן אָפּט מײַכל אין דער ייִדישער שטוב, ווײַל ער האָט גע־קאָסט זייער וואָלוול[1] דעריבער האָבן מיר איבער באָרשטש א שפּאָר ביסל שפּריכווערטער, ווי אשטייגער: „צו באָרשטש ברויכט מען ניט קיין צייך" אדג. (זי בא א. בערנשטיין).

באָרשטש איז זעיך געווען א זייער געליבט מײַכל בא ייִדן, דעריבער זאָגט מען אויך מיט א ביסל איראָניע: „ער וואָלט פאר מיר קיין זאק באָרשטש ניט גענומען".

עס איז אָבער מאָדנע און אומפארשטענדלעך, וויאזוי עס האָט זיך אנטוויקלט צו זאָגן: „זיי האָבן מיך ליב, זיי וועלן אײַך פאר מיר ניט אוועקגעבן א זאק באָרשטש"[2]. אייגנטלעך וואָלט מען דאָך באדארפט זאָגן „נעמען", ניט „געבן".

באָרשטש איז, ווי עס ווײַזט אויס, געווען דאָס הויפּט־מײַכל פון די אָרעמע אפילע אין די יאָמטויוּים[3], דעריבער וועט אונדז עפשער שוין פארשטענדלעך ווערן פאָלגנדע שטעל בא

---

[1] דעריבער זאָגט מען אַף א וואָלוועלער זאַך: „וועלוועלער, ווי באָרשטש".

[2] שאָלעם־אליכעם, קסאָווים פון א וואָיאזשאָר: „זיי האָבן זיך ליב געהאט, איינס פאר דעם אנדערן וואָלט ניט אוועקגעגעבן קיין זאק באָרשטש" (ספּעקטאָר „ייִדישע וועלט").

[3] זע בא שאָלעם־אליכעמען („מילכיקס"): „בא אונדז אין געמיינעם גראַד, ווען עס זאָל כאָלילע ניט זײַן קיין באָרשטש, וואָלט מען געוויס ניט אויסגעהאלטן ייִדישקײַט, ניט פייסעך, ניט שוועס. דער כילעק איז נאָר אין דעם, וואָס צום פייסעכדיקן באָרשטש מוז מען האָבן א שטיקל פלייש, אָדער א ביינדל,

לינעצקין: „ער גייט שוין אויס פאר הונגער און דאָרשט און רעכנט זיך שוין צווישן כעוורע באָרשטש" (דה. צווישן זייער אָרעמע מענטשן).

קוואס.

ווען איינער ליגט אין צאָרעס, איינגעוויקלט אין א שלעכט געשעפט, הייסט עס: „ער ליגט אין קוואס".

מאָני דלוגאטש שרייבט: „אפילע דער סייכל זייערער ליגט שוין אייך פארקוואסעט (דה. פארדינגען) באם רויער". בא שאָלעם-אליכעמען איז נאָך דאָ פאָלגנדער רעדנסאַרט: „אזוי גיך לאָזט אייך ארויס קוואס פון דער פאס".

מילך.

מילך, ווייזט אויס, איז א סאך געניצט געוואָרן בא יידן. מיר האָבן פון מילך א גע-נוגנדע צאָל רעדנסאַרטן.

אין ניט קיין וווּנדער: האָבן דאָך יידן אין די שטעטלעך קימאט אַלע געהאלט! „א בע-היימעלע, אמאָל א קו, און נאָך אָפטער די ספּעציפיש „יידישע בעהיימע" — א ציג, ווי מיר זעען עס קעסיידער בא מענדעלע מויכער-ספאָרים, אויך מאָני דלוגאטש שרייבט: „בא אונדז זיינען גאָר קיין בעהיימעס נישטאָ, נאָר סאמע ציגן. יעדער באלעבאָס האָט זיך זיין ציג פון טאָמיד אָן".

די סמעטענע — דאָס בעסטע, דער גאנצער פעטער טייל פון דער מילך, האלט זיך, ווי באקאנט, פון אויבן. א גרייסער כאָשעוו הייסט דעריבער: „ער איז בא אים ס'אייבערשטע פון דער מילך". ווען איינער נעמט צו דעם גאנצן רעווער פון א געשעפט, הייסט עס: „ער נעמט אראָפּ די סמעטענע". „ער נעמט אראָפּ פון אויבן די גאנצע סמעטענע". מע זאָגט אויך בעקיצער: „ער כאַפּט אראָפּ פון אויבן".

בא מענדעלע מויכער-ספאָרים האָבן מיר א רעדנסאַרט: „פאר שרעק איז מיר דער מאכעס מילך אנטלאָפן". בא לינעצקין איז דער נוסעך: „פאר שרעק איז מיר פארקילט געוואָרן אפילע דער מאמעס מילך".

לעגענדארישע קאָלטווו הייסט: „פון פויגלמילך איז דאָרט פאראן".

איינער, וואָס האָט קאָלטווו, הייסט עס: „ער באָדט זיך אין מילך, אין ווייַן און אין לויטער פארגעניגן", „ער באָדט זיך אין מילך און אין פוטער".

(פאָרזעצונג קומט)

---

אָדער א לעפל שמאלץ, און צום שאבעסדיקן באָרשטש באדארף מען ניט האָבן גאָרנישט ניט! איז פאראן א קאפ מילך אף צו פארווייסן דעם באָרשטש, איז גוט, עלע ניט — מוז מען זיך באגיין דערמיט, וואָס ער איז געקאָכט אין א מילכיקן טאָפּ".




יויסעף פלאוויוס

# די יידישע מילכאָמע

## דאָס אכטע קאפיטל

### אריסטובולס זון, אלעקסאנדער, האלט מילכאָמע מיט הורקנוסן, נאָר גאביניוס איז אים מענאצייעך. — אריסטובול אנטלויפט פון רוים און קלײַבט צונויף א כאיל, נאָר ווערט באזיגט און ווידער אָפּגעפירט קיין רוים. — די ווײַטערדיקע געשעענישן פאר דער צײַט פון גאביניוס, קראסוס און קאסיוס

1. דערווײַל האָט סקאוורוס גענומען זיך פירן א מילכאָמע מיט אראביען. די ווילדע נאטור פון דער געגנט האָט אים געשטערט צו דערגרייכן ביז פּעטרא. דערפאר אָבער האָט ער כאָרעוו געמאכט די סוויווע פון פּעלא, האגאם אויך דאָ האָט ער אריבערגעטראָגן א סאך שוועריקײַטן, מאכמעס זײַנע סאָלדאטן האָבן געליטן הונגער. הורקנוס האָט אים געשיקט דורך אנטיפּאטערן עסנווארג. דעם לעצטן, וואָס איז געווען כארטעס א גוטער פרײַנט, האָט סקאוורוס געשיקט צום אראַבישן קיניג מיט א פאָרשלאָג, ער זאָל זיך אײַנקויפן שאַלעם פאר א באשטימטן געצאָלטס. דער אראבער איז טאקע מאַסקים געווען צו געבן 300 טאלאנטן, און אז סקאוורוס האָט דאָס באקומען, איז ער ארויסגעטראָטן פון אראביען.

2. איצטער איז אופגעשטאנען אף הורקנוסן א נײַע צאָרע. אריסטובולס זון אלעקסאנדער, וואָס איז אנטלאָפן געוואָרן פון פּומפּיוסן, האָט צוביסלעכווײַז צונויפגעקליבן א שטארקן כאיל און איז ארײַנגעדרונגען אין לאַנד יעהודע און האָט כאָרעוו געמאכט אלצדינג אונטערוועגס. מע האָט זיך געקאָנט ריכטן, אז אינגיכן וועט ער אראָפּוואַרפן הורקנוסן. ער איז צוגעטראָטן צו יערושאָלאַים און איז געווען אפילע אזוי דרייסט, אז ער האָט געפּרוווט ווידער אויסצובויען דעם מויער, וואָס פּומפּיוס האָט צעשטערט[1]. נאָר אים האָט זיך געשטעלט אנטקעגן גאביניוס, וואָס איז געווען פארוואלטער אין סיריע נאָך סקאוורוסן, א מוטיקער קריגסמאַן, אויסגעפּרוּווט אין א סאך מילכאָמעס. אז גאביניוס האָט זיך דערנעענטערט, האָט

---

פאָרזעצונג, אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 1, 3, 1991.

[1] ס'איז באשײַמפּערלעך, אז ניט אלעקסאנדער, נאָר הורקנוס האָט געפּרוווט אויסבויען דעם מויער, ווי עס שטייט געשריבן אין קאדמוינעס XIV, 5, 2.

אַלעקסאַנדער זיך דערשראָקן און האָט צונויפגעקליבן נאָך מער כאַיִל, אַזוי אַז ער האָט געהאַט שוין 10.000 שווער באַוואָפנטע זעלנער און 1.500 רײַטער און האָט באַפעסטיקט די פֿאַסיקע ערטער, ווי אַלעקסאַנדריָע, הורקניון און מאַכוועך, וואָס געפֿינען זיך נישט ווײַט פֿון די אַראַבישע בערג.

3. גאַביניִוס האָט געשיקט מאַרקוס אַנטאָניוסן מיט אַ טייל כאַיִל פֿאָרויס און אַליין איז ער געגאַנגען נאָך אים און האָט געפֿירט די הויפּט־אַרמיי. אָפּגעקליבענע אָפּטיילונגען אַנטיפּאַטערס און דאָס איבעריקע יִדישע כאַיִל, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון מאַליכוס און פּיטוליס, זײַנען צוגעשטאַנען צו מאַרקוס אַנטאָניוסן מיט זײַנע גענעראַלן, און אַלע אינײנעם זײַנען זיי אַרויס אַנטקעגן אַלעקסאַנדערן. באַלד איז אָנגעקומען אויך גאַביניִוס מיט זײַן כאַיִל. אַלעקסאַנדער האָט אײַנגעזען, אַז ער וועט נישט זײַן בעקויעך צו האַלטן זיך קעגן דעם מיליטער פֿון די פֿאַרבינדעטע, און דעריבער איז ער אָפּגעטראָטן צוריק. נאָר נישט ווײַט פֿון יערושאָלאַיִם איז ער געצוווּנגען געוואָרן צו אַ שלאַכט. דאָ האָט ער אָנגעוווירן 6.000 מאַן: 3.000 זײַנען געפֿאַלן טויט און 3.000 זײַנען גענומען געוואָרן געפֿאַנגען. מיט דעם גאַנץ געבליבענעם רעשט איז אַלעקסאַנדער אַנטלאָפֿן געוואָרן קיין אַלעקסאַנדריָע.

4. אַז גאַביניִוס איז אָנגעקומען אין אַלעקסאַנדריָע, האָט ער געפֿונען אַ סך יִדן, וואָס האָבן דאָרט געהאַט אויפֿגעשלאָגן זייער לאַגער. ער האָט געפּרוּווט אַרײַנצוכאַפּן זיי אָן אַ שלאַכט און האָט זיי צוגעזאָגט מויכל צו זײַן זיי פֿאַר אַלצדינג, וואָס עס איז געשען. נאָר העֹיִוס די יִדן האָבן אַפֿילע נישט געוואָלט הערן וועגן מאַכן שאָלעם, דעריבער האָט ער אַ סאַך דערהאַרגעט און די איבעריקע אַרײַנגעיאָגט אין פֿעסטונג. אין דער דאָזיקער שלאַכט האָט באַזונדערס גרויסע גוווּרעס באַוויזן מאַרקוס אַנטאָניִוס, וואָס האַגאַם אומעטום האָט ער אַרויסגעוויזן זײַן מוט, נאָר אין ערגעץ האָט ער זיך נישט אויסגעצייכנט, אַזוי ווי דאָ. גאַביניִוס האָט געלאָזן אַ טייל פֿונעם כאַיִל אויף אײַנצונעמען די פֿעסטונג, און אַליין האָט ער זיך געלאָזט גיין אין וועג אַרײַן און האָט זיך פֿאַרנומען מיטן פֿאַריכטן די גאַנץ־געבליבענע שטעט און אויסבויען אָפּסנײַ די כאָרעוודע. אַזוי זײַנען, אויף זײַן באַפֿעל, אָפּסנײַ באַזעצט געוואָרן בייס־שאָן, שאָמרוין, אַנטעדאָן, אַפּאָלאָניִא, יאַוונע, רעפֿיִעד, מאַרשאַ, אַדרעי, גאַמלאַ אַשדאָד און נאָך אַ סאַך אַנדערע שטעט, וואָס די אײַנוווינער פֿון זיי האָבן זיך מיט פֿרייד צוריק אומגעקערט[1].

5. נאָכדעם ווי גאַביניִוס האָט געענדיקט די אַלע אײַסאָקים, האָט ער זיך אומגעקערט צוריק צו אַלעקסאַנדריָע; ער האָט אַזוי ענערגיש געפֿירט די באַלאַגערונג, אַז אַלעקסאַנדער האָט זיך באַלד אינגאַנצן מעיִאָעש געווען און האָט געשיקט צו אים שעליכים מיט דער באַקאָשע, ער זאָל אים מויכל זײַן זײַנע פֿעלערן. דערנאָך האָט ער אים איבערגעגעבן די ביידע פֿעסטונגען, וואָס האָבן זיך נאָך געפֿונען אין זײַנע הענט, הורקניון און מאַכוועך, אַזוי באַלד דערויף אויך אַלעקסאַנדריָע. לויט דער אייצע פֿון אַלעקסאַנדערס מוטער, האָט גאַביניִוס אַראָפּגעראַבן די דאָזיקע פֿעסטונגען, בכדיי זיי זאָלן נישט ווערן קיין שטיצפּונקטן פֿאַר אַ נײַער מילכאָמע. די דאָזיקע פֿרוי, וואָס איז געווען פֿאַרדײַגעט איבער דעם גורל פֿון איר מאַן און פֿון אירע איבעריקע קינדער, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין רוים אין געפֿאַנגענשאַפֿט, איז געקומען צו גאַביניִוסן, בכדיי צו דערהוועקן זײַן לײַטזעליקײַט און גנאָד.

נאָך דער דאָזיקער מײַסע האָט גאַביניִוס אָפּגעפֿירט הורקנוסן קיין יערושאָלאַיִם און האָט אים איבערגעגעבן די האַנהאָגע איבערן בייס־האַמיקדעש. די מעלוכע־פֿאַרוואַלטונג האָט ער אײַנגעאָרדנט אַזוי, אַז בעראָש פֿון איר האָבן זיך געשטעלט די כאַשעווסטע בירגער. דאָס גאַנצע לאַנד האָט ער צעטיילט אויף פֿינף פּראָווינצן מיט אַ געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַרוואַלטונג אין איטלעכער, און פֿאַר די הויפּט־שטעט פֿון די פּראָווינצן זײַנען באַשטימט געוואָרן: יערושאָלאַיִם, גאַדרע, כאַמטאַ, יעריכאָ און פּירי אין גאַליל. דאָס פֿאָלק האָט זיך געפֿרייט דערמיט, וואָס עס איז פּאָטער געוואָרן פֿון דער הערשאַפֿט פֿון איין־און־איינציקן, און וואָס עס איז אײַנגעפֿירט געוואָרן אַן אַריסטאָקראַטישע פֿאַרוואַלטונג[2].

[1] די אַלע שטעט זײַנען געווען באַוווינט צום גרעסטן טייל פֿון גריכן און העלענעזירטע סיריער.
[2] אין יאָר 57 פֿאַר קריסטוסן.

6. באַלד אָבער האָבן זיך, איבעריקנס, אָנגעהויבן נײַע מעהומעס. דער אופּטוער פֿון זיי איז געווען אַריסטאָבול, וואָס איז אַנטלאָפֿן געוואָרן פֿון רוים און האָט צוגעצויגן צו זיך אַ מאַסע ייִדן. אַרום אים האָבן זיך צונויפֿגעקליבן, צום טייל, מענטשן, וואָס שטרעבן ביכלל צו נײַע פֿאַראַנדערונגען, און צום טייל אַזעלכע, וואָס זײַנען געזען בעעמעס אים געטרײַ איבערגעגעבן. צוערשט האָט ער געפּרוווט ווידער צו באַפֿעסטיקן אַלעקסאַנדריע, וואָס ער האָט געהאַט די אײַנגענומען. נאָר אַז ער האָט זיך דערוווּסט, אַז גאַביניוס האָט אַרויסגעשיקט קעגן אים אַ כאַיל אונטער דער אָנפֿירונג פֿון סיזענאַ, אַנטאָניוס און סערוויליוס, איז ער אָפּגעטראָטן צוריק קיין מאַכוועה. דערבײַ האָט ער אַוועקגעלאָזן דעם ניט־אָרגאַניזירטן האַמוין, וואָס האָט אים נאָר געמאַכט שווערקײַטן, און האָט איבערגעלאָזט בײַ זיך די שווער־באַוואָפֿנטע זעלנער, אַן ערך 8.000 מאַן. צווישן זיי האָט זיך אויך געפֿונען פּיטולוס — אַ ירושלאַיִמער קריגס־הויפּטמאַן, וואָס איז אַריבערגעגאַנגען אויף אַריסטאָבולס צד מיט 1.000 זעלנער. נאָר די רוימער האָבן זיי קעסיידער נאָכגעיאָגט, און אין אַ קורצער צײַט אַרום זײַנען ביידע אַרמייען שוין געשטאַנען פּנים־אל־פּנים. אַריסטאָבולס מענטשן האָבן געשטריטן מוטיק און האָבן לאַנג זיך געהאַלטן אין שלאַכטפֿעלד, נאָר צולעצט האָבן די רוימער זיי גוייווער געווען: 5.000 מאַן זײַנען געפֿאַלן אויפֿן אָרט, אַן ערך 2.000 זײַנען אַנטרונען געוואָרן אויף אַ נאָענטן באַרג, די איבעריקע 1.000 צוזאַמען מיט אַריסטאָבולן האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך די רייען פֿון די פֿײַנט און, געיאָגט פֿון די רוימער, האָבן זיי זיך צונויפֿגעקליבן אין מאַכוועה. נאָכדעם ווי דער קיניג אַריסטאָבול האָט זיך אויסגערוט דעם ערשטן אָוונט אין די כורוועס פֿון מאַכוועה, האָט ער באַפֿעסטיקט, ווי ער האָט געקאָנט, זײַן לאַגער און האָט געהאָפֿט, אַז אויב די מילכאָמע וועט אויף אַ געוויסער צײַט אויפֿהערן, וועט ער זײַן בעיכוילעס צונויפֿקלײַבן אַ נײַעם כאַיל. נאָר די רוימער זײַנען אומגעזאַמט אָנגעפֿאַלן אויף אים אַ צווייט מאָל. גאַנצע צוויי טעג האָט אַריסטאָבול זיך אַנטקעגנגעשטעלט, אָנווענדנדיק צוליב זײַן פֿאַרטיידיקונג קימאַט איבערמענטשלעכע קויכעס. נאָר סאָפֿקאָלסאָף איז ער גענומען געוואָרן געפֿאַנגען און געשמידט אין קייטן אײַנאײַנעם מיט זײַן זון אַנטיגנוסן, וואָס איז אויך אַנטלאָפֿן געוואָרן פֿון רוים. מע האָט ביידן געבראַכט צו גאַביניוסן, וואָס האָט זיי נאָכאַמאָל אָפּגעשיקט קיין רוים. דער סענאַט האָט אַריסטאָבולן אַרײַנגעזעצט אין טפֿיסע און זײַנע קינדער האָט ער צוריק אָפּגעלאָזט אין לאַנד יעהודע, מאַכמעס גאַביניוס האָט מודיע געווען דורך אַ בריוו, אַז ער האָט צוגעזאָגט אַריסטאָבולס פֿרוי צו לאָזן פֿרײַ אירע קינדער, דערפֿאַר וואָס מע האָט אים איבערגעגעבן די פֿעסטונגען.

7. נאָך דער מײַסע האָט גאַביניוס געוואָלט אַרויסגיין מילכאָמע האַלטן מיט די פּאַרטער. נאָר אַז ער האָט שוין געהאַט דעריגרייכט ביז צום טײַך פּראַט, האָט ער זיך אומגעקערט צוריק צוליב טאַלמין, בכדיי אים ווידער צו מאַכן פֿאַר אַ קיניג אין מיצראַיִם. הורקנוס און אַנטיפּאַטער האָבן אים דערין אַ סאַך געהאָלפֿן: דער לעצטער האָט אים פֿאַרזאָרגט מיט געלט, געווער, פּראָוויאַנט און הילפֿס־אָפּטיילונגען; און דער ערשטער האָט געפּועלט בײַ די עגיפּטישע ייִדן, וואָס האָבן געוווינט אין פּעלוסיום און האָבן באַדאַרפֿט אָפּהיטן דאָרט דעם דורכגאַנג, אַז זיי זאָלן דורכלאָזן גאַביניוסן אָן מעניעס.

בעשאַס גאַביניוס איז ניט געווען אין סיריע, האָבן זיך דאָרט אויפֿגעהויבן גרויסע מעהומעס, און אין דער זעלביקער צײַט האָט אַריסטאָבולס זון, אַלעקסאַנדער, מעור געווען די ייִדן צו אַ מערידע. ער האָט צונויפֿגעקליבן זייער אַ גרויסן כאַיל און האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַן אויפֿגאַבע — צו פֿאַרטיליקן אַלע רוימער, וואָס געפֿינען זיך אין גאַבול פֿון דער ייִדישער מעלוכע. גאַביניוס איז געוואָרן אומרויִק איבער דער דאָזיקער באַוועגונג און איז טייקעף צוריקגעקומען פֿון מיצראַיִם קיין סיריע. ער האָט געשיקט אַנטיפּאַטערן צו אייניקע אָנפֿירער פֿונעם אויפֿשטאַנד, און אַנטיפּאַטערן האָט זיך אײַנגעגעבן אָפּריידן זיי פֿון אָנטייל־צונעמען דערין. פֿונדעסטוועגן זײַנען בײַ אַלעקסאַנדערן פֿאַרט געבליבן נאָך 30.000 מאַן. ער האָט געגאַרט אַרויסצוטרעטן אין שלאַכט מיטן סוינע און איז אַרויס בעראָש פֿון די ייִדן, וואָס זײַנען געגאַנגען אַנטקעגן דעם פֿײַנט. באַם באַרג טאַבור האָבן זיך ביידע אַרמייען צונויפֿגעטראָפֿן: 10.000 ייִדן זײַנען געפֿאַלן טויט, די איבעריקע מאַסע האָט זיך צעשפּרייט. גאַביניוס איז אַרײַנגעטראָטן אין ירושלאַיִם און האָט איבערגעמאַכט די מעלוכע־פֿאַרוואַל־

טונג לויט אנטיפאַטרס פאַרלאַנג. פון דאָרטן איז ער אַרויס קעגן די נעבאַטער, האָט זיי געשלאָגן און האָט געהאָלפן מיטרידאַטעסן און אַרסאַנעסן (וואָס זיינען אַנטלאָפן געוואָרן פון פאַרטעץ) אַנטרונען צו ווערן דורך דעם, וואָס ער האָט דערקלערט זיינע סאָלדאַטן, אַז זיי האָבן זיך באַהאַלטן.

8. נאָך גאַביניוסן האָט פאַרוואַלטעט איבער סיריע קראַסוס. צוליב פירן מילכאָמע קעגן די פאַרטער, האָט ער גענומען פון בייס־האַמיקדעש און ירושאָלאַיִם יענע 2.000 טאַלאַנטן, וואָס פּומפּיוס האָט זיי ניט אָנגערירט, און אויך אַנדערע גאָלדענע כּפּייצים, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. איבעריקנס, איז דאָ ניט דאָס אָרט וועגן דעם אַ סאַך צו ריידן.

9. נאָך קראַסוסעס טויט האָבן די פאַרטער געפּרוּווט אַנצופאַלן אויף סיריע. נאָר קאַסיוס, וואָס איז אַנטלאָפן געוואָרן אין דער דאָזיקער פּראָווינץ, האָט זיי צוריקגעשלאָגן. נאָכדעם ווי קאַסיוס האָט זיך געהאַט איינגעפעסטיקט אין סיריע, איז ער אַוועק אין לאַנד יעהודע, האָט איינגענומען די שטאָט טריכיע, געמאַכט אַן ערך 30.000 יידן פאַר שקלאַפן און געטייט פּיטולוסן, וואָס האָט געקליבן אָנהענגער פאַר אַריסטובולן. אַפּצוטאָן דעם דאָזיקן מאָרד האָט קאַסיוסן געגעבן די אייצע אַנטיפּאַטער.

אַנטיפּאַטער האָט געהאַט פון זיין פרוי (וואָס איז געווען אַ מעיוכעסדיקע אַראַבערן, מיטן נאָמען קיפּראַ) פיר זין: פּזאַל, הורדוס (וואָס איז שפּעטער געווען קיניג), יויסעף און פּירורס, און נאָך אַ טאָכטער שולאַמיס. ער איז געווען פאַרבונדן אין פריינטשאַפט מיט אַלע דעמלטיקע גדוילים און האָט זיי צוגעצויגן צו זיך דורך זיין ברייטער האַכנאָסעס־אָרכים. באַזונדערס שטאַרק איז ער געווען באַפריינדעט מיטן אַראַבישן קיניג, וואָס איז געווען זיינער אַ מעכוטן. צו אים האָט ער געשיקט זיינע קינדער, ער זאָל אויף זיי האַזשגאָכע געבן בעשאַס דער מילכאָמע קעגן אַריסטובולן.

קאַסיוס האָט געצוווּנגען אַלעקסאַנדערן, ער זאָל צוזאָגן צו האַלטן זיך רויִק, און איז אַוועק צוריק צום טײַך פּראַט, ביכדיי ניט צו דערלאָזן די פאַרטער אַריבערצוגיין. נאָר וועגן דעם אין אַנדערש מאָל.

(פאָרזעצונג קומט)

מיט טיפן טרויער טיילן מיר מיט, אַז אין דער לעצטער צייט זיינען אַוועק פונעם לעבן אונדזערע אויטאָרן און געטרייע לייענער

כאַצקל זײַען

אַרקאַדי קיסין

די רעדאַקציע און רעדקאָלעגיע דריקן אויס מיטלייד די מישפּאָכעס פון די פאַרשטאָרבענע.

---

די רעדאַקציע און רעדקאָלעגיע דריקן אויס מיטלייד דעם לאַנגיאָריקן מיטאַרבעטער פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" באָריס גערשמאַן אין צוזאַמענהאַנג מיטן טויט פון זיין פרוי, דער געוועזענער יידישער אַקטריסע עטל גערשמאַן.

# אמעדעאָ מאָדיליאַני



וויאָלאָנטשעליסט

Виолончелист

# АМЕДЕО МОДИЛЬЯНИ



**Хуан Грис** **כואן גריס**

# МЫ ВСТРЕТИЛИСЬ В БИРОБИДЖАНЕ

Неописуемо красивы пейзажи южной тайги в пору золотой осени. Дальневосточный край встретил нас теплой, солнечной погодой, радушием. В Биробиджане царило оживление, во всем чувствовалось приближение праздника. И вот он пришел — открылся фестиваль еврейской песни и музыки, начавшийся трехчасовым гала-концертом, в котором выступили все прибывшие коллективы и солисты, Добрые напутствия прозвучали в выступлении гостя из Израиля И. Шерешевского. Звуки древнего шофора стали прологом музыкального пиршества.

Тон всему задало "Аллегро" из камерной симфонии Д.Шостаковича "Памяти жертв фашизма и войны" в блестящем исполнении "Вивальди-оркестра" под руководством С.Безродной (Москва). Сильное впечатление произвели также группа "Ворт ун нинг" из Кишенева, ставшая подлинным открытием, и Камерный еврейский музыкальный театр А.Певзнера. Среди солистов отмечу Л.Квасову из Биробиджана и Б.Ушеренко из Петрозаводска.

Заметное место в программе фестиваля заняла эстрада. Тбилисская "Иверия-концерт", самарская "Алия", биробиджанская группа "Цайт" с участием способной солистки И.Славской и московского композитора В.Терлецкого отличились "лица необщим выраженьем", что случается не так часто. Грузинские музыканты порадовали строгим, почти камерным звучанием еврейской песни, артисты с Волги — сочным, "клезмерским" репертуаром с колоритным солирующим кларнетом. Запомнилась джазовая фантазия на еврейские темы красноярского пианиста Я.Айзенберга.

Организаторы фестиваля и зрители возлагали большие надежды на встречу с зарубежными исполнителями — всемирно известной певицей Яффой Яркони (Израиль) и певцом из ФРГ Данизлем Кемпином. Увы, наши мидовцы не сумели вовремя оформить им въездные визы...

Остановлюсь подробнее на группе "Ворт ун нинг". И не только потому, что они мои земляки и я досконально знаю их репертуар. Привлекает осознанный выбор литературно-музыкального жанра, четкий драматургический стержень выступлений. Программа группы реализуется на довольно высоком профессиональном уровне. У оперной певицы Ирины Мишура-Лехтман большой красивый голос, яркая сценическая внешность; под стать ей талантливая драматическая актриса Нелли Каменева, ставшая мастером художественного слова. Серго Бенгельсдорф, выступающий в роли автора-составителя программы, соединяет в себе качества отличного пианиста, режиссера, знатока еврейской литературы. Находясь в Биробиджане, кишиневцы выступили в Институте усовершенствования учителей, где в те дни проходила всесоюзная конференция по иудаистике, сделали записи для местного радио и телевидения. Вот несколько высказываний об их творчестве.

**А.Рабинович,** кандидат филологических наук, Алма-Ата: — У кишеневцев хорош репертуар. Мне понравился, так сказать, камерный вариант еврейских песен в исполнении Ирины Мишура-Лехтман, понравилась и манера Нелли Каменевой. Импонирует то, что коллектив не идет на поводу у невзыскательной публики, предлагает произведения классические и близкие к ним.

**Г.Соркин,** педагог, Рига: — Невооруженным глазом видна одаренность исполнителей, их преданность национальному колориту и в классике, и в фольклоре.

**А.Чернявский,** сотрудник редакции газеты "Тихоокеанская звезда", Хабаровск: — Обращают на себя внимание высокая культура исполнения, стремление донести до слушателей всю красоту, устремленность произведений, оригинальная интерпретация еврейской музыки, предложенная группой.

Организаторам фестиваля удалось привлечь великолепных спонсоров. Это позволило собрать значительный творческий потенциал и доказать тем самым, что еврейская культура у нас не только не исчезла, но и способна в условиях благоприятных перемен в обществе к самовозрождению. Впрочем, хотелось бы увидеть в программе и еще кое-что. Жаль, к примеру, что мы не услышали синагогальное пение, — ведь мастерство лучших канторов славилось во все времена. Мне лично недоставало музыки ряда советских композиторов, чей талант по праву был причислен к еврейской культуре.

И последнее, Отмечу с благодарностью, что работники ЦТ, их хабаровские и биробиджанские коллеги сделали по мотивам фестиваля яркое и впечатляющее телезрелище.

**Зиновий СТОЛЯР**

